

אף א ייִדיש־לימעד אין קיִעוו

פֿאָטאָ — ד. פּייסאַכאָוו

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פֿון שרײַבערפֿאַרבאַנד פֿון סססר

דערשײַנט פֿון 1961

פֿאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל"

מאָסקווע



אויגוסט

1991

# אינהאַלט

# „ווײַסע פלעקן" וועלכע מיר נעמען שוין הײַנט אַראָפּ

פאַראַן ניט ווייניק פראַגן, וואָס פאָדערן געוויסע פּאָליטישע און אידייִשע געוואַגטקײַט, קעדיי דערלייזט ווערן, אָבער דעם ענטפער אַף זיי דאַרפן מיר ניט אָפּלייגן אַפן איין־און־צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אין צוואַנציקסטן זײַנען זיי אויפגעקומען, און דאָ זאָלן זיי באַקומען אַן ענטפער. ס'איז שוין אַן אָנגענומענער קלאַל, אַז אַ באַליביקער ערנסטער באַשלוס אין אָט די ענדע־יאָרן פון דער טקופע איז געצילט צום פאָלגנדיקן יאָרהונדערט, צו וועלכן מיר דערנעענטערן זיך מיט אַ נאָגנדיקן געפיל, אַז גראָד אונדזער דאָר האָט אַ סאַך פאַרפעלט און צעטרענצלט.

באַ די סאָוועטישע ייִדן שטויסן מיר זיך צונויף מיט אַן אָנהויפּונג און, לאָמיר זיך ניט היטן פאַר אַ וואָרט, מיט אַן אָנוואַלגערונג פון אַזויגערופענע „ווײַסע פלעקן", דה. פון ניט־באַהאַנדלטע אין דער געהעריקער צײַט און געבליבענע „שטעקן" פּראָבלעמען.

די ייִדן זײַנען אַן אוראַלט פאָלק, ס'געפינט זיך שוין אַף דער געשיכטלעכער אַרענע אין משך פון טויזנטער יאָרן און בלײַבט דאָרט איבער, ניט געקוקט אַף דער טעריטאָריִעלער צעזייטקײַט־צעשפּרייטקײַט און ערטערווײַז קימאַט פולער אינטעגראַציע מיט די אַנדערע פעלקער. ווי עס זאָל ניט אויסזען מאָדנע, איז טאַקע אָט די צעזייטקײַט און די אָנוואַקסנדיקע אַסימיליאַציע אַן עמאָציאָנעלער פאַקטאָר, וואָס רופט אַרויס געהעכערטן אימוניטעט קעגן פאַרטעמפּן דעם נאַציאָנאַלן געפיל, די קאָנסערוואַטיווע וואַכזאַמקײַט באַם אָפּהיטן עטנישע אַנדערשקײַט.

ניט לאַנג צוריק האָט מען נאָך אין די דיסקוסיעס אַרום דער סאָוועטישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק געלויבט יענע פעלקערשאַפטן, וואָס האָבן געהאַט אַ נעטיִע צונויפצוגיסן זיך מיט די אַנדערע פעלקער, ווינטשנסווערט, פאַרשטייט זיך, דורך אומגעצוימטע אַנטלײַונגען פונעם רוסישן ״עטנאָס. פונדאַנען — אַזעלכע אומגעלומפּערטע פּאַראַדאָקסן, ווי, למשל, דאָס אַריבערפירן אַף סלאַווישער גראַפיק געשריבענע שפּראַכן פון ניט־סלאַווישע פעלקערשאַפטן. אַזעלכע אידייען זײַנען, אַגעוו, געוואָרן עקספּערימענטירט אויך בענעגייע ייִדיש — אַ פּרוּוו אַריבערצופירן אונדזער מאַמע־לשון אַפן לאַטײַנישן און ערטערווײַז רוסישן אַלעפבייס. דאָס איז געווען איינע פון די אַנטפּלעקונגען פונעם קולטור־ניהיליזם, צו וועלכן מע פלעג צובינדן דעם לויב־עפּיטעט „אינטערנאַציאָנאַליזם", פאַקטיש — אַ רינג אין דער קייט פון דער טאָטאַלער ליקווידאַציע פון אונדזער קולטור און ליטעראַטור, אַ פּרוּוו צו איזאָלירן ענדגילטיק דאָס רוסישע, אוקראַיִנישע, ווײַסרוסישע ייִדנטום פון די ייִדישע געמיינשאַפטן אין אַנדערע לענדער.

ווי מיר ווייסן אָבער, האָט די דאָזיקע פּאָליטיק קיין מאַזל ניט געהאַט. איצט איז געקומען די רעכטע צײַט אוועקצושטעלן די ייִדישנאַציאָנאַלע פראַגע פונעם קאָפּ אַף די פיס. אין אָט דעם צוזאַמענהאַנג איז נייטיק, לעכאָלהאַפאָכעס, עס זאָל געזאָגט ווערן קלאָר און פּאָשעט, אַז אַ ייִד אין מינסק און אַ ייִד אין מעלבורן געהערן צו איין פאָלק; אַז אַ ייִד, וואָס האָט עמיגרירט פון טשערניגאָוו קיין

אשדאַד, איז ניט איבערגעגאַן אין אַן אַנדער פאָלק; אַז אויב צוויי ייִדן, לײַבלעכע ברידער, האָבן אוועקגעשטעלט זייערע וווינונגען אין פאַרשיידענע לענדער, זײַנען זיי איבער דעם ניט געוואָרן אויס לײַבלעכע ברידער. די דעמאָגראַפישע דאָגמע, אין יעסאָד פון וועלכער ס'ליגט די טעאָריע פון קעסיידערדיקן און אומעטומעדיקן קלאַסן־קאַמף, האָט געפּאַסקנט, אַז ייִדן זײַנען ניט קיין וועלט־פאָלק, אַרגומענטירנדיק עס מיט דער געפאַר פון בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם. דער אַבסורד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אונדזער פאָלק, לעבנדיק שיר ניט אין אַלע לענדער פון דער וועלט, טאָר אָבער ניט אָנרופן זיך וועלט־פאָלק. איליא ערענבורג האָט זיך אויסגעדריקט וועגן דעם איניען פּונקט אַזוי עלעגאַנט, ווי אומפאַראַנטוואָרטלעך: דער בונד צווישן זיך מיצאַד ייִדן פון פאַרשיידענע לענדער איז דאָס זעלבע ווי דער בונד צווישן געלהאָריקע בלויז אַדאַנק אָט דעם סימען...

דער טעזיס, לויט וועלכן דאָס ייִדישע פאָלק, אַ געראָוידעפּטס מיצאַד אַלמעגלעכע שוואַרצע קויכעס, אָן אַפגעצוימטס מיט שטעכלדראָט, ווערט אַרויסגעשטעלט אַלס איינהײַטלעכס אינעם קלאַסן־מעהוס (אַ פאָלק אַ וווּכערניק, אַן עקספּלואַטאַטאָר, אַ דיסידענט־פאָלק), און אַלס פּיצינקע, אָפּגעזונדערטע עטנישע גרופּע אין יעדער לאַנד באַזונדער, כאָלילע ניט אַלס איינהײַטלעך צווישנלענדעריש פאָלק, — אָט דער טעזיס איז אַן איבערבלײַב פון דער אַמאָליקער פּאַרטייִשער סאָפיסטיק, און ער דאַרף אַרויסגענומען ווערן פונעם געברויך.

פאַרשטייט זיך, די פּראָבלעם איז ניט קיין איינזײַטיקע. באַם „רונדן טיש" פון דער באַהאַנדלונג, אויב אַזאַ זאָל אײַנגעאָרדנט ווערן, וואָלטן אַרויסגעזאָגט געוואָרן ניט ווייניק ווּנטשן פאַר אַ יוישערדיקן צוגאַנג אין דער פּראַקטיק. לעמאָשל, ס'איז ניט נאָרמאַל, און עס גיסט וואַסער אַף דער מיל פונעם „טעזיס", וואָס אַפן פעלד פון דער ייִדישער ליטעראַטור האַנדלען געוויסע הייסע אָנהענגער פון איין איינהײַטלעך פאָלק גאָר פאַרקערט פונעם סייכל האַיאָשער. דער כיירעם, אין וועלכן ס'ווערט אַרײַנגעוואָרפן דער סאָוועטישער טייל פון דער אַלוועלטלעכער ייִדישער וואָרטשאַפונג, מאַכט די ליטעראַטור אינגאַנצן גענומען אָרעמער, פּרעגט אָפּ פון איר אַ היפּשע צאָל שעפערישע פּערזענלעכקײַטן פון אַ הויכן פּראָפעסיאָנעלן גראַד בלויז דערפאַר, וואָס זיי זײַנען אידעאָלאָגיש אַנדערש, איידער די צונויפשטעלער פון כרעסטאָמאַטיעס און זאַמלביכער, די רעדאַקטאָרן פון זשורנאַלן און צײַטונגען, די פאַרוואַלטערס פון פאַרלאַגן און פאָנדן. עלי שעכטמאַן וואָלט, ניט געקוקט אַף זײַן „אַל־ייִדישער" באַגאַבונג, אַפילע ניט דערמאָנט געוואָרן אין די ייִדישע אויסגאַבעס פון אַמעריקע, ייִסראָעל, אַרגענטינע, אויסטראַליע, ווען ער זאָל, ווי נאָטע לוריע, נאָטאַן זאַבאַרע, יעכיִעל פאַליקמאַן, כאַיִם מעלאַמוד, הערשל פּאָליאַנקער, יעכיִעל שרײַבמאַן, שמועל גאָרדאָן, בוזי מילער, טעוויע גען און אַנדערע ניט געווען אַרויסגעפאָרן פונעם סאָוועטנפאַרבאַנד. ביז הײַנט „ווייסט מען ניט" פון אַזעלכע שוין פאַרשטאָרבענע אויסטערלישע סאָוועטישע פּאָעטן ווי מוישע טייף, אַווראָם גאָנטאַר, מאָטל גרוביאַן. מיר וואַרטן נאָך אַלץ, אַז די ליטעראַרישע צײַטשריפטן אין די מײַרעוולענדער זאָלן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסטער פון „סאָוועטיש היימלאַנד", ווו די ייִדישע ליטעראַטור פון דער וועלט פאַרמאָגט אַ סטאַביל אָרט. דערבײַ, אַשטייגער, קעדיי דער אַמעריקאַנער פּראָזע־שרײַבער מוישע גיציס זאָל ווערן אַ שטענדיקער אַוטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד", האָט ער ניט געדאַרפט עמיגרירן פון טשיקאַגאָ קיין פּאַלטאַווע, אָדער אָננעמען די מאָסקווער אידעאָלאָגיע. דאָס זעלבע קאָן מען זאָגן וועגן באַשעוויס־זינגערן, וועגן צאַנינען, סוצקעווערן, אַגנאָנען, קאַצעטניקן.

די קעגנזײַטיקע מיטאַרבעט פון שריפטשטעלער „פונדאַנען" און פון „דאָרטן" דאַרף ניט טראָגן קיין כאַראַקטער פון קאַמפּאַניעס און צוגאַסט־פאַרבעטונגען, אַוואַדע ניט פון פּאָליטישער קאָנקורענץ. אויב טאַקע איין פאָלק, איז זײַט אַזוי גוט און אָנערקענט אַ איינהאַלטלעכע ליטעראַטור מיט פאַרשיידענע אופּאַסונגען פון די נאַציאָנאַלע און וועלטפּראָבלעמען. די אַטמאָספער דאַרף זײַן אַ פרײַנטלעכע, אַ גוטוויליקע, אָן ווילדקײַטן און בייז בלוט. אין דער וועלט־קונסט פון אַלע עפּאָכעס איז אײַנגעשטעלט אַ קלאַל: מע גייט מיט באַזונדערע וועגן, און די גליקלעכע דערגרייכן צו שליימעס. מיר, פון אונדזער זײַט, לאָזן פאַר זיך איבער אין אָט דעם איניען בלויז איין „ניין": מיר וועלן ניט דרוקן בא זיך קיין קאַלטע־קריג־מאַטעריאַלן קעגן דעם לאַנד, ווו מיר בלײַבן איבער צו לעבן און צו שאַפן אַלס געטרײַע בירגער.

אין קאָנסטרוקטיוון גײַסט וועט אויך אַף ווײַטער געלייזט ווערן די אָנגעווייטיקטע פּראַגע וועגן דער אַזויגערופענער „ליטעראַטור אויסער דעם לאַנד" (צוגעגליכן צום רוסישן אויסדרוק (Литературное зарубежье).
לעצטנס שטעלט „סאָוועטיש היימלאַנד" די געהעריקע טריט אין אָט דער ריכטונג.

א „ווײַסער פלעק" איז א פלעק אפן געוויסן, אויב די פּראָבלעמס, וועלכע ער דעקט מיט זיך צו, בלײַבט הענגען אינדערלופטן, דה. ניט פארענטפערט. ס'איז שוין פון לאנג נויטווענדיק, מיר זאָלן זיך באפרײַען פון א ריי טראגישע סטערעאָטיפּן, וועלכע האָבן זיך אײַנגעשטעלט זינט די 20־ער יאָרן און זיי האלטן זיך ווי די קליעשטשעס ביז הײַנטיקן טאָג.

אין אוקראַינע און ווײַסרוסלאנד איז דאָס טכום־שטעטל געווען פאר דעם ייִדן — זײַן נאציאָנאלע טעריטאָריע, זײַן „דאָרף", ווו אין די צוואנציקער יאָרן האָבן זײַנע קינדער געלערנט אין א ייִדישער סאָוועטישער שול, אליין האָט ער ארײַנגעקוקט אין א ליקבעז, געלייענט א ייִדישע בלאט, געדאוונט אין בעסמעדרעש. דער רעבע איז איבערגעבליבן אין שטעטלשן שטייגער פון די אלטע צײַטן, און, זיצנדיק מיט זײַן כיידער ארום טיש, האָט ער געפירט מיטן טײַטל איבער די זײַטלעך פונעם טייפער, דער קוסטאר האָט געקלאפּט מיטן העמערל, דער ארטיסט האָט געשפּילט גאָלדפאדענען, די מיליציע האָט גערעדט אף ייִדיש...

סטאלין האָט דאָס אלץ מיט געוואלט איבערגעריסן. אין מעשעך פון א ריי נאָכאָקטיאַבערישע יאָרן האָט ער געהאַט די האזשגאָכע איבערן פאָלקאָמנאץ און דאָרט באקומען א מעגלעכקײַט ארומצוטראכטן, וווּהין אין לעצטן רעזולטאט צו ריכטן די טעטיקײַט פון דער יעווסעקציע, וויאַזוי זיך נויהעג זײַן מיט דעם ייִדישן שטעטל. ס'האָט נאָך דעמלט ניט געשמעקט מיט דער ליקווידאציע לויט דער דײַטשיש־פאשיסטישער פּראָגראם. אפן טאָגסיידער איז געשטאנען דער לאָזונג „שטעטעלע, פארשווינד!" — אין שײַן פון „אונדזער דירעקטער אופגאבע איבערצובויען דעם סאָציאלן צוזאמענשטעל פון דער ייִדישער באפעלקערונג אין דער ריכטונג צום וואקסנדיקן סאָציאַליזם".

די דאָזיקע מעגושעמדיקע ציטאטע איז גענומען פון א. טשעמעריסקיס ארײַנפיר צו דעם בוך „אַלפארבאנדישע באראטונג פון די ייִדישע סעקציעס פון דער אלקפּ(ב). דעקאבער 1926". די רייד וועגן „איבערבויען" „אין דער ריכטונג" דערמאָנען אונדז א נאָענטן שוין צו אונדזערע טעג „גראנדיעזן פּראָיעקט וועגן אויסקערעווען אף דאָרעם די אף צאָפן פליסנדיקע גרויסע סיבירער טײַכן. מע וואָלט געקאָנט ריידן מיט א שמייכל וועגן אזעלכע אמביציעזע פּראָיעקטן, ווען ניט די געפאר, וואָס זיי טראָגן מיט זיך פאר רעגיאָנען און פעלקער.

מיר ווייסן זייער גוט, אז די אָנפירער פון דער יעווסעקציע זײַנען ניט געווען קיין לאָמעדוואָוניקעס און דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער מאטעריאל, וועלכן זיי האָבן געפורעמט, קעדיי אריבערפירן אונדז „צום וואקסנדיקן סאָציאַליזם", האָט געטראָגן מיט זיך דעם דאלעס, די ליידן, די פארוואָרלאָזטקײַט, דעם מענטשלעכן אומעט פון די געטאָ־יאָרן. און געווען זײַנען אָט די פּאָרגייער אונדזערע — דימאנשטיין און ליטוואקאָוו, אגורסקי און ראפעס, מערעזשין און עסטער (פרומקין), קיפּער, נאָוואקאָווסקי, ביילין, לעוויטאן און טאקע דער זעלבער טשעמעריסקי — גאנץ פארשיידענע קלאל־טוער, געקומענע פון פארשיידנערליי אידייִשע סוויווען. אָבער אלע האָבן זיי אין דער ראם פון דער יעווסעקציע דערלאָזט איין און דעם זעלבן דאָגמאטישן פעלער. ארויסשטעלנדיק דעם פּאָסטולאט, אז קיין באזונדערע ייִדישע עקאָנאָמיק איז ניטאָ, אז אין דער ארבעט צווישן די ייִדישע מאסן איז דער ציל — „ניט קיין נאציאָנאלער אידעאל, נאָר די סאָציאליסטישע בויונג"[1], אנטקעגנשטעלנדיק אזויארום, די ביידע זײַטן פון איין און דעם זעלבן פּראָצעס, פארוואנדלען זיי די יעווסעקציע אין אן אינסטרומענט אף צו רעאליזירן אין דער ייִדישער סוויווע סטאלינס אנטיפאָלקישע נאציאָנאלע פּאָליטיק. ס'איז קיין סאָפעק ניט, אז אפן גוירל פון ביראָבידזשאן און פון די ייִדישע נאציאָנאלע ראיאָנען אין אוקראַינע און אין קרים האָט ארופגעלייגט איר קאלטן שאָטן די אײַנשטעלונג אין די יעווסעקישע יאָרן, אז „אלס אופגאבע באטראכטן מיר דאָס שאפן אן אווטאָנאָמע טעריטאָריעלע איינהײַט, אָבער דאָס אלץ, ווי מיטלען אפן וועג פונעם אינטערנאציאָנאלן לופט־שלאָס. אין רעזולטאט פון א פּאָמפּעזער אויפן ניט אפן וועג צו א „נאציאָנאלן אידעאל" פון „אײַנהיטן די נאציע"[2] ס'איז לאכלוטן ניט פארשטענדלעך, פארוואָס עס איז אזוי טרייף דער „נאציאָנאלער אידעאל" און פארוואָס „אײַנהיטן די נאציע" איז א קרימינאל...

ביראָבידזשאן איז איבער אזא צוגאנג אוועקגעשטעלט געוואָרן פון אָנהייב אָן ווי א לופט־שלאָס. אין רעזולטאט פון א פּאָמפּעזער פּראָפּאגאנדיסטישער קאמפּאניע אין די יאָרן 1928—1934 האָבן טויזנטער ייִדן זיך ארויפגענומען פון די אלטבאזעסענע אוקראַינישע,

[1] אלפארבאנדישע באראטונג פון די ייִדישע סעקציעס פון דער אלקפּ(ב). פארלאג „שול און בוך", 1927, ז. 6.

[2] דאָרט, ז 7.

ווײַסרוסישע, רוסלענדישע ערטער, טראַגיש געליטענע פון דער קאָלעקטיוויזאַציע און פונעם הונגער, און אַ לאַז געטאָן זיך אין „געזערד"־עשעלאָנען איבערן גרויסן סיבירער אײַזנבאַן־וועג צו דער אוסוריער טײַגאַ. באַם וויגעלע פון דער ייִדישער סאָוועטישער מעלוכישקײַט האָבן זיך געשטעלט ניט־אַלציינע אין אידייִש־פּאָליטישן זין, אָפּט קעגנזעצלעכע קויכעס. דעם געוועזענעם „יונג־בונדאָוועץ" יאַנקל לעווין האָט אין דער אָנפירונג מיט דער ביראָבידזשאַנער געגנטלעכער אָרגאַניזאַציע פון אַלקפּ(ב) פאַרביטן דער אַסימילירטער אַפּאַראַט־טוער מאַטוויי כאַווקין. אין מאָסקווע, אין די מעלוכישע אינסטאַנצן, זײַנען אויך ניט געווען קיין אַלציינע מיינונגען און האַנדלונגען. פון איין זײַט, האָט דער פּאָרזיצער פונעם צענטראַלן אויספיר־קאָמיטעט פון דעם לאַנד מיכאַיל איוואַנאָוויטש קאַלינין זיך געווענדט צו די ייִדן מיט „קראַמאַלנע" ווערטער: „מע דאַרף געפינען אַזאַ טעריטאָריע, אַף וועלכער מע וואָלט געקאָנט שאַפן אַ ייִדישע רעפּובליק..." „איך שטרײַך אונטער, אַז איך בין געווען אַן אָנהענגער פון ביראָבידזשאַן און בלײַב איבער אויך איצט. פאַרוואָס? דערפאַר ווײַל איך בין געווען אַן אָנהענגער פון דער נויטווענדיקײַט צו שאַפן אַ ייִדישע רעפּובליק..." „אויב מיר האָבן אַ מעגלעכקײַט צו געפינען אַזאַ טעריטאָריע, וווּ ס'גרופּירט זיך אַ קאָמפּאַקטע ייִדישע באַפעלקערונג און ס'ווערט אָרגאַניזירט אַ זעלבשטענדיקע רעפּובליק, האַלט איך, אַז דאָס איז ניט קיין פּוסטע זאַך, נאָר ס'איז אַ פּאָזיטיווע דערשײַנונג. דאָס ייִדנטום, וואָס ציילט אָן אין פּסטר אַרום 3 מיליאָן נעפּאַשעס, זאָל האָבן כאָטש אַ קליינינקע רעפּובליק. און דאַן וועט יעדערער וויסן, אַז די דאָזיקע נאַציאָנאַליטעט פאַרמאָגט אַף אונדזער טעריטאָריע איר „מעלוכישן טיטל", אויב מע קאָן אַזוי זאָגן..." (אַלע ציטאַטן זײַנען גענומען פון מ. אי. קאַלינינס רעדע אָפן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פונעם „אָזעט" אין 1931 יאָר); און אין דער זעלבער צײַט — דער נאַציאָנאַל־ניהיליסטישער טעזיס אינעם שוין ציטירטן דאָקומענט פון דעם „אָזעט"־צוזאַמענפאָר, וועמענס פּאַטאָס האָט, דוכט זיך, געדאַרפט זײַן אַ סאַך מער ייִדיש־נאַציאָנאַל, איידער די אויסדרוקן פון וואַרעמע געפילן צום ייִדישן פאָלק מיצאַד דעם אָפּשטאַמיקן פון רוסישע פּויערים „אַלפאַרבאַנדישן סטאַראָסטע".

דער ביראָבידזשאַנער פּראָיעקט שלעפּט איצט קוים די פיס, די ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין סאָוועטנפאַרבאַנד, ווי אַנדערע דרייסטע אידייען פון די 20־ער יאָרן, האָט סטאַלין דערשטיקט און דערטרונקען אין בלוט. אַליין וועט שוין די ייִדישע אויטאָנאָמע געגנט ניט אָנעמען זיך מיט קויכעס, ס'וועלן ניט העלפן קיין הויכע לאָזונגען און טומלדיקע קאַמפּאַניעס. אַזאַ איז הײַנט די רעאַלעווירקלעכקײַט. אַ שווערן געפיל רופט אַרויס אין דעם צוזאַמענהאַנג די אומבאַהאָלפנקײַט פונעם ייִדישן פאָלק אין אַ צײַט, ווען די צווישנאַציאָנאַלע באַציִונגען טרייסלען אויף אונדזער לאַנד און רופן אַרויס באַוווּנדערונג אין דער וועלט מיט די פאַרשיידנסטע אומגעריכטע אַנטפּלעקונגען — ביז מאַסן־אַקטן פון פאַרצווייפלונג, ביז קידעש־האַשעם־אַקטן פון גאַנצע נאַציאָנאַלע סוויוועס. אויסער דעם, איז טאַקע גענומען סייכלדיקן, נאָר ריזיקאַלישן וואַריאַנט פון דער אַליאַ, האָבן די סאָוועטישע ייִדן גאָרנישט ניט צוגעטראַכט.

בעשום־אויפן ניט טאַדלענדיק די געצוווּנגענע איבערן אַנטיסעמיטיזם עמיגראַציע, זוך איך דאָך מיט די אויגן פרײַוויליקע גרופּעס יונגעלײַט־אידעאַליסטן, וואָס לאָזן זיך אַוועק בײַס די קאָניקולן, לאָמיר זאָגן, אין דער אוסורער טײַגאַ און שטעלן אויף פאָרן זומער אַ פאָר הונדערט הײַזער פאַר איבערוואַנדערער, וואָס וועלן קומען אויך לויט דער אייגענער מאָבילזאַציע, ווײַל זיי זײַנען ייִדן, קומען און געבן אַ נאַציאָנאַלן ענטפער דעם כוישעכדיקן ניט פּאָפּולערן אין רוסלאַנד אַנטיסעמיטיזם, ניט פאַרלאָזנדיק דאָס געליבטע לאַנד.

עס רופט אַרויס שטוינונג אויך דער מאַנגל אין פאַנטאַזיע בײַ די הײַנטיקע נאַציאָנאַלע ייִדן אין אַמעריקע, ייִסראָעל און אַנדערע לענדער. פאַרוואָס בלויז ייִסראָעל, בײַס די מעדינע איז שוין איצט אָנמעכטיק אויפצונעמען און אַבסאָרבירן דעם נאָך ניט מאַקסימאַלן שטראָם פון דער סאָוועטישער אַליאַ? פאַרוואָס ניט צוגעבן קאַלינינס וואַריאַנט פאַר די, וואָס לעבן מיט אַ סאָוועטישן באַוווּסטזײַן? פאַרוואָס ניט אַ זוך טאָן אויך אַנדערע מעגלעכקײַטן? אין אַרגענטינע געדענקט מען נאָך דעם עקספּערימענט פון דעם באַראָן הירש. ס'איז געווען אַ מאַדאַגאַסקאַרער פּראָיעקט, וואָס הײַנט קאָן מען אים שוין ניט נאָכמאַכן, אָבער זען אין אים אַ בײַשפּיל פון רײַכער פאַנטאַזיע איז ווצלעך. מײַנער אַ באַקאַנטער קרימער טאַטער האָט מיר ניט לאַנג צוריק געזאָגט: „ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אַף אונדזער יעווּפּאַטאָריער ערד, איז געקומען אָפּ! זיקאָרן דער ייִדישער קאָלווירט, האַרט לעבן אונדזערן. אָבער מיר קערן זיך אום, און די ייִדן ווילן ניט... מיר האָבן געפונען זייער קלוב, אײַנגאַנצן ווי געווען, שטעלן מיר דאָרט איצט די ערשטע פּיעסע". הײַנט די באַרימטע ייִדישע לאַנדווירט־

שאפטלעכע קאָלאָניעס און די נאציאָנאלע ראיאָנען אין אוקראינע! דאָרט, אַף דער אוקראינע, אין די שטעטלעך, זײַנען אין 1927 יאָר געווען 125 ייִדישע נאציאָנאלע ייִשעווסאָוועטן — אָרטיקע מאכט־אָרגאנען, וואָס האָבן פונקציאָנירט אין דער ייִדישער שפּראַך. אין דער מאָלדאווישער אווטאָנאָמער רעפּובליק זײַנען געווען 25 אזעלכע סאָוועטן.[1] ווען איך זאָל זײַן אן אמעריקאנער מיליאָנער, וואָלט איך געשאפן א קאָרפּאָראציע אַף אופצושטעלן מאָדערנע טוריסטישע האָטעלן אין דער געטלעך־שיינער אוסוריער טײַגא פון דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, און צוליב דעם וואָלט איך זיך פארבונדן מיטן ביראָבידזשאנער סאָוועט פון די פאָלקס־דעפּוטאטן, ניט באהאלטנדיק, אז איך בין א ייִד און עס באוועגט מיך אין אָט דעם איניען מײַן ייִדישער נאציאָנאלער געפיל. איך וואָלט אויך אופגעבויט געבײַדעס פאר עטלעכע אוניקאלע וויסנשאפטלעכע אינסטיטוטן און לערן־אנשטאלטן פון א זעלטענעם פּראָפיל, וואָס עס זאָל צוגעבן דינאמיק דער געגנט, א נײַעם אינטערעס צו איר מיצאד אונדזער שטודירנדיקער און אקאדעמישער יוגנט, וועלכע וואָלט גענומען בעסער זיך צוקוקן צום כינגאנער אײַזנארץ און צו די בורייער שטיינקוילן, צו די הייל־קוואלן פון קולדור, צו דער לעגענדארער וואָלאָטשײַעווקע, צו יענעם אָפּצווײַג פון דער בײַקאל־אמורער מאגיסטראל, וועלכער גייט צו הארט צו דער ייִדישער געגנט, צו די סוטאַרער גאָלד־פעלדער...

און וואָס איז שײַך אונדזער אמאָליק טכום־שטעטל, האָט אויך דאָרט געפעלט פאנטאזיע און געוואגטקײַט בא די פאָרגייער־יעווסעקן. די פּאָזיטיווע ארבעט, וועלכע איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין די ערשטע צוויי צענדליק סאָוועטישע יאָרן, איז בעפיירעש זייערער א פארדינסט. אָבער אין א מאָמענט, ווען דאָס ייִדישע פויערטום אין די שטעטלעך און קאָלאָניעס פון אוקראינע און ווײַסרוסלאנד האָט זיך שוין דערנעענטערט צו 300 טויזנט נעפאָשעס (1926 יאָר), ווען אין אוקראינע האָבן פונקציאָנירט מער פון 500 ייִדישע שולן מיט 80 טויזנט טאלמידים און אין ווײַסרוסלאנד — 184 שולן מיט 24 טויזנט טאלמידים, — אין אָט דעם מאָמענט האָבן די יעווסעקן א דריי געטאָן די ראָד אַף צוריק און ס'האָט זיך פאַנאָדערגעוויקלט אן אינטענסיווע אגיטאציע, אז די ייִדן זאָלן ארויסוואנדערן פון די שטעטלעך אין די אינדוסטריעלע שטעט און נײַבויונגען, ווו עס האָט אַף זיי געווארט שפּראַכלעכע אסימיליאציע, פולשטענדיקע צונויפגיסונג פון דער יוגנט מיט דער פּראָלעטארישער ארומרינגלונג, נאציאָנאל־שטייגערישע אויסגעוואָרצלטקײַט. אין סאָף 1926, אין סאַמע אָנהייב פון אָט דעם פּראָצעס, האָבן שוין 65 פּראָצענט ייִדן אַף דער אוקראינע געלעבט אויסער די שטעטלעך, ארום 100 ייִדישע שטעטלעך אין דער רעפּובליק זײַנען געוואָרן אינגאנצן אויסגעליידיקט. מיר ווייסן שוין, וואָס עס איז געשען אין די ווײַטערדיקע דרײַסיקער יאָרן: ס'האָבן זיך אָנגעהויבן ארעסטן צווישן די פּראקטיקער פונעם „סאָוועטישן ציעניזם" און „קאָמוניסטישן כאלוציזם" — צווישן די צענטראלע און אָרטיקע טוער פון די יעווסעקציעס.

איצט איז מעגלעך אפן סמאך פון גענויע מאטעריאלן פון יענער צײַט אנאליזירן די פּליוסן און די מינוסן פון דער יעווסעקישער באוועגונג. די אָפּוועזנהײַט פון א קלאָרער טעאָרעטישער פּלאטפאָרם, די באצווינגטקײַט מיט סטאליניסטישער דאָגמאטיק אין דער פּראקטיק האָט געבראכט יענע מאנהיגים פון דער „סעקציע" צום הויפּט־פעלער. זייער אָריענטאציע, אז מע זאָל פארלאָזן די שטעטלעך, האָט ביז גאָר אָפּגעשוואכט און ווידעראמאָל „צעזייט און צעשפּרייט" דאָס שטעטלדיקע ייִדנטום, אזוי אז דעם פאשיסטישן מאלכאמאָוועס האָט אין די ערשטע פערציקער יאָרן ניט געקאָסט קיין שום קויכעס אָפּצווישן דאָס שטעטל פון דער ערד און די פארבליבענע זקיינים און קינדער פארניכטן.

די שטעטלעך זײַנען ביז די 40־ער יאָרן געווען א דורכויסיקער שטייגער־מאָקעם פון דעם ייִדישן פאָלק אין אוקראינע, ווײַסרוסלאנד, מאָלדאוויע, ליטע, רוסלאנד, — א קליין היימלאנד, ווי ס'איז אָנגענומען צו זאָגן. די אָרטיקע מעכטיקע פעלקער פלעגן אינווייניק אין די שטעטלעך זײַן „א נאציאָנאלע מינדערהײַט". מיר דערמאָנען עס ווי א שמייכלענדיקן, היסטאָרישן וואונדער. אופהאלטנדיק מיט עקאָנאָמישער און פּאָליטישער ווירדע זייערע שטעטלעך, האָבן די ייִדן דערוואָרבן נאָך דער רעוואָליוציע וואָג און קאָוועד אלס בריִדערבאלעבאטים פונעם קאנט. א ברייטע פּרעסע און א פארצווײַגטע קולטור־געזעלשאפטלעכע נעץ איז געווען אָריענטירט אַף דעם ייִדישבאפעלקערטן רעגיאָן. אלץ איז געווען קלאָר און פּאָשעט. ייִדישע שולן? נאטירלעך! זיי וועלן געבן בילדונג דעם קינד פונעם שטעטעלע.

[1] די ציפערן זײַנען גענומען פון דער צײַטונג „פּראוודא" פארן 26 אווגוסט 1990 — ב. גאבריטשידזע, דאָקטאָר פון יורידישע וויסנשאפטן. „ס'וועלן צוקומען דײַגעס באם סאָוועט..."

ייִדיש טעאַטער? דאָיאַש דעם גוטן ייִדישן טעאַטער (גאַנצע 14 טעאַטערס אונטערגע־שטיצטע מיצאַד דער מעלוכע)! בײַס דער פאָלקסציילונג פון 1926 האָבן העכער 70 פּראָצענט פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אָנ־געגעבן ייִדיש אלס מוטער־שפּראַך, די איבערי־קע האָבן געדאַרפט באַזוכן דעם ליקבעז, ווײַל אין שטעטל האָבן אַלע אָן אויסנאַם גערעדט און געטראַכט אף ייִדיש, און יענע, וואָס האָבן ניט געקאָנט שרײַבן און לייענען, האָבן זיך גערעכנט פאר אנאַלפאַבעטן.

אזא נאַציאָנאַלער קלימאַט האָט זיך אײַנ־געשטעלט אין קולטור־געביט אַדאַנק די באַ־מיִונגען פון דער ייִדישער סעקציע (יעווסעק־ציע) באַם נאַציאָנאַלן ראַט פון דער רקפּ(ב). מע דאַרף אויך אָפּגעבן היסטאָרישן קאָוועד דעם דראַנג פון דער שטעטלדיקער יוגנט צום אינדוסטריִעלן איבערבוי פונעם לאַנד. ס'וואָלט אוואדע און אוואדע געווען באַרעכטיקט דער בירָאָבידזשאַן־פּראָיעקט, ווען ער וואָלט ערנסט אוועקגעשטעלט געוואָרן אפן טאָג־סיידער פון די 20־ער — 30־ער יאָרן אלס א טייל פון דער אַלגעמיינער פּראָבלעם.

ווי זשע דאַרף מען זוכן דעם פעלער? ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, הייבט ער זיך אָן פון אונטערוואַרפן דעם נאַציאָנאַלן אידעאַל אונטער דער פּאָליטישער דאָקטרינע און ווײַ־טער — פון אופצווינגען די רעאַלע ווירקלעכ־קײַט, פון אײַנפירן דעם רעזשים פון שעקער, צווײַלן די געשעענישן, גיכער־גיכער! די יוגנט — אף די בויונגען, די גאַנצע שטעטל־דיקע אַרעמשאַפט — אף רויע ערדן, קיין קאָ־לינינדאַרף, קיין סטאַלינדאָרף, אין קרים און בירָאָבידזשאַן! און דו, שטעטעלע, דו ביסט אזוי אָדער אנדערש פארורטיילט צו פאַר־שווינדן, דו האַלטסט זיך דאָך אף די דעקלאַ־סירטע עלעמענטן, אף קוסטאַרן און קלייקוי־דעש, און אויב אזוי, גיב גיכער אָפּ דײַנע הענט דעם מאַגניטאָגאָרסקער אינדוסטריִעלן גיגאַנט, און אליין — פאַרשווינד!

דאָס איז געווען ניט יושערדיק און אין סטירע מיטן פּאָשעטן סייכל. געדאַרפט האָט מען אַרויסטרײַבן פון די שטעטלעך דעם טכום־האַמוישעוו, ניט אַרויסטרײַבנדיק בייסמײַסע דאָס שטעטל גופע פונעם ייִדישן לעבנס־שטעך. דאָס שטעטל איז געווען א היסטאָרי־שע מאַטאָנע, וואָס דער גורל האָט געגעבן דעם ייִדישן פאָלק אין די זאַטע שוואַרצער־דישע רעגיִאָנען. פאַרקערט, מ'האָט געדאַרפט ווי ווײַט מעגלעך און מיט אַלע קויכעס גע־זונט מאַכן די עקאָנאָמיק און דאָס שטייגער־לעבן פונעם פאָלק אפן אָרט, ווו דער ייִד לעבט שוין הונדערטער יאָרן. ניט צעוואַרפן־און־צעזייען דאָס ייִדישע פאָלק צווישן די העכער הונדערט פעלקער פונעם לאַנד, ניט באַזעצן די ייִדן אין א „קאָמונאַלער קוואַרטיר", ווו איינע פריידיקן „דרוזשבא נאַראָדאָוו" און אנדערע — „בעי זשידאָוו, ספּאַסאַי ראָסיִיו". דאַן וואָלט דאָס שטעטל נאָך דער מילכאָמע געווען דאָס אָרט, וווהין די לעבנגעבליבענע ייִדן, צווײ דריטל פונעם פאָלק, וואָלטן גע־קאָנט זיך אומקערן אף צו לעבן און פאַרזעצן דעם נאַציאָנאַלן קיִעם... געשען איז אָבער אַנ־דערש: אונטער דער האַזשגאָכע פון סטאַלינס יעווסעקן האָט דאָס שטעטעלע אופגעהערט נאַרמאַל צו עטעמען נאָך איידער ס'זײַנען גע־קומען די היטלעראַווצעס און ענדגילטיק עס דערשטיקט און צעטאָפּטשעט.

די צײַט פאָדערט, אז סאָוועטישע ייִדן, טוער פון דער ייִדישער סאָוועטישער קולטור און ליטעראַטור, זאָלן זיך צוגעוווינען אנדערש דענקען, איידער אין די יאָרצענדליקער פון אופגעצווונגענע שטאַמפּן. דאַנקען גאָט, מיר נעמען שוין אויך אלס נאַטירלעכע די עמאָציעס אין פאָלק אַרום דער עמיגראַציע. מע דער־מאָנט זיך דערבײַ, אז אין די לעצטע צוואַנ־ציק יאָר פונעם 19־טן יאָרהונדערט האָבן צווײ מיט א האַלבן מיליאָן ייִדן פון מיזרעך־אייראָפּע אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, דאָרעם־אַפרי־קע אאַ. לענדער, און דאָס פאָלק איז פון דעם קלענער אין צאָל און אָרעמער ניט גע־וואָרן, — פאַרקערט... בא דער איצטיקער אומגעבונג, ווען אין גאַנץ אייראָפּע זײַנען שוין אָפּגעשאַפן די וויזעס, איז דאָס אַרויספאָרן און אַרײַנפאָרן ביכלאַל קיין פּראָבלעם ניט. פון מיגראַציע וועט דאָס רוסישע (סאָוועטישע) ייִדנטום ווערן, פאַרקערט, אײַנגעשטעלטער, געמיטלעכער, מיט א נאַטירלעכן פּאַטריאָטישן געפיל.

לאָמיר איבערפראַזירן א באַוווסטן פאַר־גלײַך צווישן צווײ רעליגיִעזע שטרעמונגען און זאָגן אזוי: בײַסן דאַווענען בא דער וואָלגע און באַם דניעפּער איז גאָר ניט נייטיק אזוי שטאַרק זיך שאָקלען און זיך טרייסלען, ווי די פאַנאַטישע כסידים, ניט אַרײַנפאַלן אין אזא ענטוזיאַזם, וועלכער ענדיקט זיך געווייינלעך מיט א קעלישעקל בראַנפן, בעסער אויך זיך באַגיין אָן באַרימערײַ וועגן די ניסים פון דעם גרויסן רעבן... דעם עמעס גערעדט, גייט מיר פּערזענלעך בעסער אונטער דאָס ניט אַרײַנ־פאַלן אין היספּײַלעס מיצאַד די מיסנאַגדים.

מיט דער זעלבער מאָס וואָלט געווען א יושער צו באַהאַנדלען די פּראָבלעמען בא

אונדזערע אָפּאָנענטן, בא וועמען ס'זײַנען פאראן גענוג אייגענע „ווײַסע פלעקן", און מיר דארפן עס אומבאדינגט זען. מיט א היפּשער צאָל יאָרן צוריק האָט ניט קיין אנדערער ווי בען־גוריאָן פאָרגעלייגט אופצושטעלן אין ייִסראָעל, אַנשטאָט די ציִעניסטישע פּאַרטייען, אנדערע געזעלשאפטלעך־פּאָליטישע סטרוקטורן, אזוי ווי אין אלע דעמאָקראַטישע לענדער, וואָס עס וועט אָפּשפּיגלען די עפּאָכע, ווען הערצלס אידיי איז שוין פארווירקלעכט געוואָרן. און וואָס איז שײַך טאקע הערצלען אליין, איז באוווּסט דער פּאראדאָקס, אז נאָך פאר דעם „יודענשטאט" איז ער געווען אן „אנטיציִעניסט". ער האָט געשריבן: „אויב די ייִדן וואָלטן טאקע אינדערעמעסן „זיך אומגעקערט אהיים", דאן וואָלטן זיי גלײַך אפן אנדערן טאָג אנטפּלעקט פאר זיך, אז זיי האָבן שוין ניט פון לאנג גאָרנישט קיין אלגעמיינס איינער מיטן אנדערן (עס דערמאָנט זיך איליא ערענבורגס אויבנציטירטע ארויסזאָגונג. — א. וו.). אין מעשעך פון יאָרהונדערטער האָבן זיי זיך אײַנגעוואָרצלט אין די נײַע היימלאנדן, ווו זיי האָבן זיך אסימילירט". בא הײַנטיקן טאָג איז די צאָל ניט־צופרידענע מיט די ציִעניסטישע דאָגמעס אין ייִסראָעל גופא זייער גרויס. דער ראָמאן צווישן די אמעריקאנער ייִדן מיט דער מעדינע איז אין א געוויסער מאָס פארקערפּערט אין די ווערטער, וועלכע ס'האָט ארויסגעבראכט דער כאָשעווער ראָוו פון ניו־יאָרק ד"ר הערצבערג: „די אמעריקאָנער ייִדן האָבן ליב ייִסראָעל פונדערווײַטנס..."

דאָ איז דאָס אָרט צו מעלדן פאָלגנדעס. די, וואָס טײַנען, אז „סאָוועטיש היימלאנד" איז ווען־עס־איז ארויס מיט אָנפאלן אף מעדינאס ייִסראָעל, וואָס „עס איז דאָס זעלבע ווי אָנפאלן אפן ייִדישן פאָלק", — זאָלן זיי ברענגען אלס באווײַז די טעקסטן פונעם זשורנאל, און דאן וועט די רעדאקציע זיך עפנטלעך אנטשולדיקן פאר דעם. אויב ניט — און אין דעם זײַנען מיר מער ווי זיכער, דארפן דאָס טאָן די יעניקע, וואָס האָבן ארום דעם געמאכט און מאכן נאָך איצט אומווירדיקע ספּעקוליאציעס. מיר פאָדערן עס, ווײַל מע דארף מאכן א סאָף צו אזעלכע גענג. און ווײַטער: קריטיקירנדיק שארף דעם ציִעניזם, באזונדערס איבער אזעלכע ווייטיקדיקע פאקטן, ווי סאברא און שאטילא, האָט „סאָוועטיש היימלאנד" זיך געהאלטן בא די רעכט און בא די נאָרמעס פון פּאָליטישע אָפּאָנענטן. מיר ווייסן פונפריִער, אז אונדזערע אומפרײַנט וועלן ניט ענטפערן מיט ווירדע אף אָט דעם ארויסרוף, און זיי וועלן בלײַבן שטיין אין פּאָזעס פון „לײַטישע ייִדן", אָבער אין געגעבענעם פאל האָבן מיר דאָס רעכט צו דערמאָנען דעם לייענער־אוילעם אין דאָוויד בערגעלסאָנס א טרעפלעך וואָרט: „דער קויעך פון דער וועלט־מיִעסקײַט באשטייט אין איר ניט־מיִעסן זיך צו שרײַען אף א קאָל, אז זי איז די וועלט־ריינקײַט..."

דער עמעס איז, אז „סאָוועטיש היימלאנד" האָט פאר די דרײַסיק יאָר פון זײַן עקזיסטענץ קיינמאָל און מיט קיין וואָרט ניט אָפּגעפרעגט די עקזיסטענץ־רעכט פון ייִסראָעל און דאָס רעכט פון זײַן פאָלק צו זײַן א גלײַכבארעכטיקטער מיטגליד אין דער פעלקער־מישפּאָכע פון דער וועלט. וואָס איז שײַך אונדזער באַציִונג צום ציִעניזם, געפינט זי זיך אין נאַטירלעכן שטראָם פון פּובליציסטישער פּאָלעמיק. די ציִעניסטישע פּרעסע איז פאר אונדז ניט קיין סטראשידלע, מיר זײַנען גרייט ארײַנטרעטן אין שעפערישע קאָנטאקטן מיט איר, פונקט ווי מיר האָבן אזא גרייטקײַט אויסגעדריקט אין א פארטרוילעכער פאָרם אפן אדרעס פונעם ניו־יאָרקער „פאָרווערטס", אין וועמענס פּאָזיציע בענעגייע אונדזער היימלאנד, דעם סאָוועטנפארבאנד, איז לעצטנס צו מערקן פּאָזיטיווע ענדערונגען.

ס'איז שוין צײַט אויך זאָגן קלאָרע רייד וועגן נאָך א „ווײַסן פלעק", וואָס האָט מיט סטאלינס שווערער האנט זיך אף לאנגע יאָרצענדליקער אופגעהאלטן אין אונדזער טעאָרעטישן געדאנק און אין אונדזער פּראקטיק. איך האָב אין זינען די שטעלונג צום „בונד" — דעם אלגעמיינעם ייִדישן ארבעטער־פארבאנד פון ליטע, פּוילן און רוסלאנד, ווי עס האָט געקלונגען דער שוין פארגעסענער בא אונדז פולער נאָמען פון דער דאָזיקער פּארטיי בא די אָנהייבן פון איר עקזיסטענץ.

פונקט אזוי, ווי מע האָט אין דער סאָוועטישער פּובליציסטיק געהאלטן דעם סאָציאַליסטישן אינטערנאציאָנאל פאר א דורכויס „רעפאָרמיסטישן" און „רעוויזיאָניסטישן", אָדער אין 1989 יאָר, צום הונדערטיאָריקן יובילײ זײַנעם, האָט מ. ס. גאָרבאטשאָוו אים ציגעשיקט א ווארעמע קאָלעגיאַלע באגריסונג. אזוי איז דער „בונד" געשטעמפּלט געוואָרן אלס „נאציאָנאליסטישער" און „פארעטערישער", און אונדזער כויוו איז — אופשטעלן דעם עמעס.

ס'דארף דערמאָנט ווערן, אז די געשיכטע פונעם „בונד" האָט זיך אָנגעהויבן אין די ראמען פון דער רסדאפּ — פון דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ארבעטער־פּארטיי, און דער „בונד" איז זיך צעגאנגען מיט וו. אי. לענינס פּארטיי איבער דער פּראָגראַם־פאָדערונג זײַנער, אז די ייִדן־סאָציאַליסטן זאָלן פארהיטן דעם לאָזונג פון קולטור־אויטאָנאָמיע,

וואָס אין שײַן פון די הײַנטיקע פאַרשטעלונגען איז שווער צו זען אין דעם „נאַציאָנאַליזם" און „פאַראַט".

האַקלאַל, דער „בונד" איז אַ ייִדישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי און אַלס אַזעלכע האָט זי דאָס רעכט, אַז אונדזערע באַציִונגען מיט איר זאָלן זײַן אויסגעהאַלטן אין אַ ווירדיקן טאָן פון באַהאַנדלונג און מאָטיווירטער דיסקוסיע. דער „בונד" איז די פאַרטיי פון הירש לעקערטן, פון וויקטאָר אַלטערן און הענריק ערליכן, פון מעדעמען און פּאַזנאַנסקין.

מיט אָט די הערלעכע נעמען איז פאַרבונדן די געשיכטע פונעם „בונד". רעדנדיק וועגן זײַן הײַנטיקן אידייִשן אינהאַלט, האָט איינער פון זײַנע לידערס אין אויסטראַליע באַמערקט, אַז „די בונדישע אידיי שליסט אײַן דרײַ גרונט-עלעמענטן: דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם, אַנערקענונג פון ייִדן אַלס וועלט-פאָלק און ייִדיש-וועלטלעכע קולטור ווי אַן אויסדרוק פון נאַציאָנאַלער שעפערישקײַט". פון אונדזער זײַט דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אַזאַ פּלאַטפאָרם איז לעכאַלהאַפאַכעס ניט אָפּגעפרעגט פון אַן ערנסטער באַהאַנדלונג.

אַ שווערע צײַט לעבט איבער אין דער פערעסטראָיקע די ייִדישע קולטור בײַ אונדז אין לאַנד. די פרײַהײַט פון קאָנטאַקטן, די אָפענע גרענעצן צווישן אונדז און אַנדערע קולטור-געמיינשאַפטן, די מעגלעכקײַטן, אַז יעדער איינער זאָל זיך מעלדן אַלס באַפולמעכטיקטער צו דורכלייגן אַ וועג דעם ווײַטערדיקן קיִעם פונעם ייִדישן וואָרט, — דאָס אַלץ ווערט אויסגענוצט מיצאַד געוויסע קויכעס מיכוץ דעם סאָוועטנפאַרבאַנד מיטן ציל צו פאַרקריפּלען די נײַע היסטאָרישע מעגלעכקײַטן, אונטערשטעלן אָנשטאָט די קולטור-בויער קאָלערליי ספּעקוליאַנטן מיט „ייִדישער קולטור", אָרגאַניזירן אַן אינוואַזיע פון פרעמדלענדישע שליכים-אַפּאַראַטשיקעס, קלייקוידעש, פּסעוודאָ-לעקטאָרן, מיט אַלע מיטלען באַשמוצן און פאַרמאַסערן בײַ די לייענער די שעפערישע סוהיוּוע פונעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד".

דאָס פאָלק אַליין וועט פּאַסקענען, וועמער עס דינט אים ערלעך: די, וואָס טוען, צי די, וואָס טומלען. די קומענדיקע דוירעס וועלן פינקטלעך אָפּמעסטן דעם בײַטראָג, וועלכן ס'ברענגט מיט זיך אין מעשעך פון די לעצטע יאָרצענדליקער די ייִדישע קולטור און ליטעראַטור אינגאַנצן גענומען, די באַזונדערע לאַנד-אַטריאַדן, פּערזענלעך יעדער שעפער. דאָס וואָרט וועט זאָגן די געשיכטע. דערווײַל אָבער מאַכן מיר אַליין דעם כעזשבן פון אונדזער שעפערישן לעבן אין די לעצטע יאָרצענדליקער. פינף יאָר מילכאָמע מיט די דײַטשישע פאַשיסטן האָבן פאַרטיליקט אַ גרויסע צאָל פון די סאָוועטישע ייִדישע וואָרט-מײַסטערס און אינגאַנצן צעבראָכן און אָפּגעווישט פון דער ערד די מאַטעריעלע באַזע, וואָס אונדזער ליטעראַטור און קולטור האָבן זיך אײַנגעשאַפן פאַר די ביזמילכאָמע-יאָרן; צוזאַמען מיט די אָקופּירטע סאָוועטישע שטעט זײַנען פאַרניכטעט געוואָרן די ייִדישע דרוקערײַען, טעאַטערס, קלובן, לערן-אַנשטאַלטן, פאַרלאַגן, צײַטונגען. די דײַטשן האָבן אַוועקגעשטעלט זייער געקאָוועטן שטיוול פּונקט אין יענע געביטן פון אונדזער לאַנד, ווו עס איז אײַנגעשטאַנען דאָס ייִדישע סאָוועטישע קולטור-פאַרמעגן.

אין די ווײַטערדיקע צען יאָר פון דעם פּעריאָד, וועגן וועלכן עס גייט דאָ אַ רייד, איז איבערן קאָפּ פון אונדזער קולטור און ליטעראַטור געהאַנגען די כמאַרע פון דער בעריִעוושטשינע, מיטן איבערגאַנג צו דער כרושטשאָוו-אָדליגע, און דער מאַבל, וואָס איז פון דער כמאַרע אַרויסגעקומען, האָט שיר ניט פאַרטרונקען יעדן זייכער אונדזערן, פאַרענדיקנדיק די „אַרבעט" פונעם 1937 יאָר.

אַזעלכע זײַנען געווען פופצן יאָר פון די פופציק, אין מעשעך פון וועלכע די ייִדישע שעפערישקײַט אין סאָוועטנפאַרבאַנד ראַנגלט זיך מיטן מאַלכאַמאָוועס. פופצן יאָר זײַנען אַוועק אויף די איבערגענג פון „יאָ" צו „ניין" און פון „ניין" צו „יאָ", ווײַל קיינמאָל קומט ניט אָן דער טאָג גלײַך נאָך דער נאַכט און די נאַכט גלײַך נאָכן טאָג.

אין 1955 האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז די צײַט פון אונדזער אויסלייזונג איז שוין אָנגעקומען, ס'האָבן זיך אָבער געפּאָדערט נאָך פינף יאָר, קעדיי עס זאָל דאָס פאַרשטיין די ביוראָקראַטיע. אינגאַנצן גענומען — 20 פּײַנפולע יאָר, ווען די ליטעראַטור איז געגאַנגען אין טישקעסטל. דערפאַר אָבער שײַנט אונדז שוין דרײַסיק יאָר דער שטערן פון „סאָוועטיש היימלאַנד", און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ גליקלעכער פּעריאָד פון ווידערופשטעלונג און ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג.

איצט הענגט אַלץ אָפּ פון אונדז אַליין. מיר דאַרפן ניט וואַרטן, אַז די מעכטיקע פעלקער-שכיינים זאָלן באַווייליקן אונדזערע נאַציאָנאַלע רעכט, דעם העמשעך פונעם ייִדישן נאַציאָנאַלן לעבן — אַרויסלייגן דאָטאַציעס אויף צו פינאַנסירן אונדזער קולטור און ליטעראַטור, אײַנשליסן ייִדישע פּראָגראַמען אין דער ראַדיאָ-טעלעוויזיע, דאָס זעלבע אין

רעפערטואַר פון דער עסטראַדע און פון די טעאַטערס אדג. די ייִדן דארפן אליין ארויס-ווײַזן גרייטקײַט צו אָפקעמפן פאר זיך און באוואָרענען מיט אייגענע געלט-מיטלען אָט די רעכט. קעדיי אופלעבן די ייִדישע שול, דארף מען שיקן אהין זיך לערנען די קינדער און אייניקלעך. קעדיי ס'זאָל ווײַטער עקזיסטירן א ייִדישער דרוק-ווּעזן, מוז מען רעגולער זיך אבאָנירן אף די ייִדישע פעריִאָדישע אויסגא-בעס, קויפן די ארויסגעגאנגענע ייִדישע ביכער. קעדיי דאָס פאָלק זאָל ניט פארגעסן זײַן מא-מע-לאָשן, דארף מען באזוכן די ייִדיש-קרײַז-לעך, ניט פלאָנטערן זיי מיט אולפאנען. שרײַען און פאָדערן איז איצט שוין איבעריק, די פערעסטראָיקע האָט געעפנט אלע מעג-לעכקײַטן, און אויב דאָס פאָלק וועט זיך מיט זיי ניט באנוצן, איז עס א סאָף צו די איליו-זיעס. געלט-סובסידיעס פאר קולטור-באדער-פענישן דארף מען ארויסלייגן פון די אייגענע טײַסטערס, מע דארף אליין גיין ארבעטן אף פרײַוויליקע יעסוידעס, אין די פרײַע שאָען, פאר ביבליִאָטעקערס, פעדאגאָגן, מאסאָוויקעס, אָרגאניזאטאָרן, מוזיי-באאמבטע, מויכערספאָ-רימניקעס, געזעלשאפטלעכע פארשפרייטערס.

גערעכט איז געווען דער גרויסער ייִדישער דיכטער ה. לייוויק, ווען ער האָט אין זײַן עסיי „צי האָט די ייִדישע ליטעראטור א צענ-טראלע אידיי?" געוואָרנט וועגן דער „געפאר פון ארונטערנידערונג צו ציִנישער לײַדיקײַט, צו געמיינקײַט". ס'איז אוואדע קעדײַ זיך צו-נויפרעדן, וואָס עס איז אזוינס — א צענטרא-לע אידיי פאר אונדזער ליטעראטור אין אָט דעם קאָמפליצירטן פעריִאָד פון איר אנטוויק-לונג, און צוליב דעם איז אקטועל דער פאָר-שלאָג, עס זאָלן זיך צונויפזאמלען די ייִדישע שעפערישע קויכעס פון אלע פאָליטישע ריכ-טונגען, אָפוואָרפנדיק אָן שום וואקלונגען און טאקע איין מאָל פאר אלע מאָל די פראָפאגאנ-דיסטישע מידעס, און אף אן ערנסטן אויפן פראָקלאמירן די הײַנטצײַטיקע נאציִאָנאלע אידיי בא אונדזער פאָלק.

אויב דער דאָזיקער וועג ענדיקט זיך שוין, אין וואָס איך בין ווײַט ניט איבערצײַגט, און אויב, אלנפאלס, ס'איז געקומען די צײַט, מיר זאָלן בײַטן דעם טאָן פון באוואלטע פאָרשטייער פון א פאָלק, בענעגייע וועלכן די ארומיקע פעלקער באגייען אומגערעכטיקײַטן באם צע-טיילן מאנדאטן אף קאָנגרעסן און אין פאר-לאמענטן, בײַטן אזא טאָן אף א מער היימישן און ניט בארויגעזן, דאן וואָלט איך געייצעט, מיר זאָלן זיך צוהערן צו די ווערטער פון איינעם א באקאנטן האָלענדישן געלערנטן (זײַן נאָמען איז לאָרענץ) אזוי צו זאָגן: „איך בין גליקלעך, וואָס כ'געהער צו א נאציע, וואָס איז צו קליין לויט דער צאָל, קעדיי באגיין גרויסע נארישקײַטן", און די גרעסטע נארישקײַט פון אונדזער זײַט וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן די זאָרג פאר דער אופוואכונג און פאָרזעצונג פון אונדזער נאציִאָנאלער קולטור און ליטעראטור איבער-געגעבן אומפאראנטוואָרטלעכע עלעמענטן אָדער אן אנדער נאציִאָנאלער סוויווע.

פּערעץ מאַרקיש

# ש. מיכאָעלס - א נייר־טאָמיד באם אָרן

## 1

דייַן לעצטער אופטריט פאַרן פאָלק
צווישן בראָכשטיקער מיט שניי באַשאָטן.
נאָר — אָן דייַן וואָרט, נאָר — אָן דייַן קאָל,
בלויז דייַן פאַרקילטער אָטעם...

אָבער מיר הערן אויך אַצינד, ווי אַלעמאָל,
דעם אומזיכטיקן שאָרך פון אָדלער־פליגל דייַנע,
וואָס אָנגעטאָן האָט דיר דאָס פאָלק,
זאָלסט זייַן זייַן טרייסט, זייַן אָפּקלאַנג און זייַן טייַנע.

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך ניט אראָפּ,
די לעמפּ אין זאַל זייַנען ניט אויסגעלאָשן.
עס שטראַלט דייַן שלאָפנדיקער לייבנקאָפּ
און פון געשטאַלטן שוועבנדע — דאָס אומשטערבלעכע לאָשן.

געזעגענען מיט דיר מיר קומען זיך אהער,
דורכוואַנען האָסט ווי אָפּקלאַנגען פון דורות פייַנען
געטראָגן זינגענדיק שאָלעם־אַלייכעמס טרער,
זי זאָל זיך ווי אַן איידלשטיין צעשייַנען...

## 2

א שטראָמיקער אַנשלאַג. מיט פאָלק איז פול
דייַן לעצטע פאָרשטעלונג. דייַן לעצטע איבעראַשונג.
צום אָרן לאָזן זיך אַראָפּ אין ערן־קאַראָול
געשפּענסטער, וואָס באַלעבט דו האָסט ווי א מעכאַשעף.

עס פעלט ניט קיין פאַריק אַצינדערט דיר,
דער קיניגלעכער מאַנטל — איבעריק איז נאָך מער,
אַף צו דערזען, אַז דו ביסט קיניג ליר,
וואָס אויסגעביטן האָט די קרוין אַף כאַכמע...

קיין גרים און קיין געדאַכט.
די פאַרבן ווײַנען אַף דײַן טיש, פאַריאָסעמטע. קוק אָן זיי...
נאָר האָצמאַך גיט אַ פאַל אין גאַנצן טראַכט,
כאָטש שטערן פאַלן ניט, כאָטש שטערן בלאָנדזשען.

זיי וואַכן אויף אונטער דער אָוולשער מוזיק
און שוועבן אָן דורך פאַלדן פונעם פאָרהאַנג,
מיט שטילן שאַרך, אַראָפּגעלאָזט אין פײַן דעם בליק, —
זיי וועלן אין דער אייביקײַט אַרײַנטראָגן דײַן אָרן.

## 3

פאַרדעקט די ווונדן האָט אַף דײַן געזיכט דער שניי,
באַרירן זאָל דיך ניט פון פינצטערניש דער שאָטן,
נאָר ס׳ברויזט אין דײַנע אויגן, טויטערהייט, דער וויי,
און ס׳שרײַט די פּײַן פון האַרץ פון דײַן צעטראָטנס.

„כ׳וויל קומען, אייביקײַט, פאַר דײַן געשענדטער שוועל
מיט מאָרדצייכנס און לעסטער אַפן פּאָנעם.
ווי ס׳גייט אַרום מײַן פאָלק אַף פינף זעקסטל וועלט, —
געצייכנט פון דער האַק און האַס, — זאָלסט עס דערקענען.

דו זאָלסט עס איבערלייענען, אַרײַנקריצן אין זיך,
מיט דײַן ניט צוטריטלעכן גלײַכגילט פאַרגעדענקען:
— פאַר יעדער ווּנד אַף מײַן צעמאָרדעטן געזיכט
געמיטן האָט אַ מאַמע מיט אַ קינד די הענקער..."

אָ, ניט פאַרטויבט האָט דיך די האַנט פון מאָרד,
דער שניי האָט ניט פאַרהילט דעם מינדסטן סימען,
דער וויי פון די צעבײַלטע אויגן דײַנע מאָנט,
פון אונטער וויִעס רײַסט ער זיך, ווי בערג — צום הימל.

## 4

אַ שטראָם פאַרבײַ און שטראָמען נײַע קומען אָן.
און ס׳קייטלען איינס אין אַנדערן זיך מענטשן־צוגן:
באַערן וועלן דיך מיט אופשטייַן זעקס מיליאָן,
געמאָרדעטע, פאַרפּײַניקטע — הארוגים,

ווי דו האָסט זיי באַערט מיט אומפאַלן פאַר זיי
אינמיטן נאַכט, אַליין אין אומגעהײַערע יעסורים,

אף מינסקער כורוועס און אף מינסקער שניי,
אין פינצטערן זאַוויי, אין ווירבלענדיקן שטורעם.

גלײַך וואָלסט זיך טויטערהייט נאָך אײַנגעשטעלט
פאר זייער פײַן, פאר זייער רו, פאר זייער קאָוועד —
א בלוטנדיקער פאָרוואורף צו דער וועלט —
מיט פראָסט אף בראָכשטיקער פארקאָוועט...

און ס'שטראָמט דער טרויער. שטומערהייט ער מאָנט.
אדורך דעם הארץ פון גאנצן פאָלק דײַן בראָך אדורך איז:
ס'באערן אין די קוואָרים דיך מיט אופשטיין זעקס מיליאָן,
ווי דו האָסט זיי מיט אומפאלן באערט אף מינסקער כורוועס.

5

שלאָף רויק, שלאָף, קיין זארג איז מער אף דיר ניט באַל.
עס דוכט, אז טויטערהייט באטראכטסט נאָך עפּעס בליציק, —
נאָך לײַכט אף דיר דער גייערישער שטערן פון מאַראַל,
נאָך זינגט דורך דיר די דודע פון רעב לייווי־ייִצכאָק.

לעשט זיך דען ליבשאפט אויס פון פינצטערן זאַוויי?
צי קען א שניי דען צודעקן דעם צאָרן?
ווי אַנגעצונדענע די בענטשליכט צוויי
לײַכטן די הענט דײַנע ארויס פון אָרן.

פלעגסט ליב האָבן די אויגן צומאכן פארקלערטערהייט,
ווען האָסט עפּעס אדורכגעטראכט, קעדיי צו זען עס קלאָרער,
איצט האלטסטו אונטער זייער שלאָס דעם וויי,
ניט אויספליעסקען זאָל ער זיך דאָ איבער דעם אָרן.

אזויפיל ליכט איז ארום דיר — פון שפיגלען — הויל,
פונקט ווי גרימירן קלײַבסטו זיך פאר א פּרעמיערע...
עס דוכט: אָט באלד וועט א באוועג טאָן זיך דײַן מויל
און „מיט דעם רעכטן פוס" זיך לאָזן צו די שטערן...

6

אין שטאָף דײַנע געזיכט־צוגן פארוואנדלען צ'ריק
נעמט זיך דער טויט באצײַטנס די צעשטערערישע מי שוין;
זאפּ אײַן אין דײַן געוועב צום לעצטן מאָל מוזיק,
זי — דײַן געליבטע איז — פון מאסאָעס ביניאָמין האשלישי.

אונטער די קלאַנגען אַנגעזויגענע מיט טרערן און מיט ליכט,
גיי אין דער אייביקײַט אריין מיט ניט דערמאָלטע פארבן
און שעם זיך ניט מיט דײַן פארוווּנדעט אוראלטן געזיכט,
מיט דײַן אדורכגעלעכערט מאלכוסדיקן שארבן.

דאָס איז דײַן וואָרט אין בלוט, דײַן העכסטער גרים,
אין וועלכן טויטערהייט דו לעבסט איבער דער בינע, —
גיי אין דער אייביקײַט אַרײַן — דײַן אופטריט איז באַרימט,
דיך וועלן פליעסקענדיק באַגעגענען די שטערן פון באַגינען.

ערגעץ אין הימל, צווישן בלאַנדזשענדיקער בלאַנקענדיקער שײַן,
זיך טוט אַ צינד אַ שטערן אין דײַן לויכטנדיקן שעם אָן;
שעם זיך ניט מיט דײַן געלעסטערטקײַט און מיט דײַן פּײַן,
— זאָל די אייביקײַט זיך שעמען!

7

דער פאָרהאַנג לאָזט זיך ניט אַראָפּ.
ניט פאַר דעם טויט שליסן די אויגן דײַנע זיך אַצינדער צו שוין,
עס וועט אַ דאַר אַ גאַנצער טראָגן שטאָלץ דײַן גאָב,
ווי דו פון פאָלק — די גאָלדענע ירושע.

גייסט ניט אַוועק פון אונדז.
דרינגסט אין אונדז טיפער נאָך אַרײַן מיט צײַטיקײַט באַלאָדן,
ווי ס'דרינגט אונטער דער וואַרעמקײַט פון זון
דער זוים אַרײַן אין אופגעוועקטן באָדן.

מיר וועלן מער ניט אָנקלאַפּן אין טיר
פון אַרבעט־צימער דײַנעם, דערזען דײַן פּראָפיל,
נאָר אָן אַ קלאַפּ אַרײַנגיין וועלן מיר
אין האַרץ אין דײַנס, וואָס איז פאַר יעדן אָפן.

וואָס האָט צו אַלעמען באַלאַנגט,
ווי סע באַלאַנגט די זון, די בערג און טאָלן...
און ווײַטער — מיטן טרוים פון אונדזער לאַנד
אין דר'הייך, ווי אויף אַ גאָלדענער גאָנדאָלע.

# לאַנג האָט געדויערט דער צוריקוועג

(אויסצוג פונעם בוך זיכרוינעס)

דעם 25־טן נאָיאַבער 1955 איז געוועזן מאַרקישעס 60־טער געבוירנטאָג. צוזאַמען מיט די קינדער און אייניקעך נאָענטע באַקאַנטע זײַנען מיר געזעסן באַם טיש אין אונדזער צימער אויף דער גאָרקי־גאַס. מײַן עלטערער זון, שימען, האָט אויפגעהויבן א קאָס ווײַן:

— איך ווייס נישט, צי טרינק איך פאַרן געזונט פונעם טאַטן, אָדער פאַר זײַן אָנדענק...

דעם 27־טן נאָיאַבער האָט מען מיך ארויסגערופן אין דער מיליטערישער קאָלעגיע פון העכסטן געריכט. אין אופנאַם־צימער האָב איך זיך געטראָפן מיט די פרויען — אָדער מיט די אַלמאָנעס? — פון דאָוויד בערגעלסאָן, לייב קוויטקאָ, דאָוויד האָפשטיין, לאָזאָווסקי, שימעלעוויטש. דאָרט איז אויך געוועזן די אַלטע, אײַנגעהויקערטע לינע שטערן — די איינציקע אין פּסק צו יענער צײַט פרוי — מיטגליד פון דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע.

מיך האָט אופגענומען דער גענעראַל באָריסאָגלעבסקי. די ווענט פון הוילן, קאַלטן, אַזיווי אין א פּראָזעקטאָריום, קאַבינעט זײַנען געווען באַהאַנגען מיט פּאָרטרעטן אין קאַזיאָנע ראַמען: לענין, סטאַלין.

— איר דערטראַכט זיך אַוודאי, צוליב וואָס איך האָב אײַך אײַנגעלאַדן... — האָט געזאָגט דער גענעראַל.

— ניין, — האָב איך געזאָגט, — איך בין געקומען הערן פון אײַך.

— איך קען אײַך מיטיילן, — האָט געזאָגט דער גענעראַל, — אַז אײַער מאַן איז רעאַביליטירט.

— ווו איז ער?

— אײַער מאַן איז דערשאָסן געוואָרן דורך די סאָנים פון פאָלק, — האָט דער גענעראַל ארויסגעזאָגט די געוויינלעכע פאַר אים פראַזע און האָט מיר צוגערוקט א גלאָז וואַסער.

— גיט מיר זײַן „דיעלאָ", — האָב איך געזאָגט, — כ'וויל איבערלייענען זײַן איניען.

— נו, איר זײַט דאָך נישט קיין יוריסט, — האָט פאַנאַנדערגענומען די הענט דער גענעראַל, — איר וועט נישט בעקויעך זײַן זיך צו פאַנאַנדערקלײַבן אין דעם איניען!

— איך וויל זען די „דיעלאָ" פון מײַן מאַן, — האָב איך איבערגעכאַזערט.

— דאָס איז אוממעגלעך, — האָט געזאָגט דער גענעראַל.

— ווען איז ער אומגעקימען?

— ערגעץ־ווען אין כוידעש אַווגוסט פון צוויי־און־פופציקסטן. — אויף א רעגע האָט דער גענעראַל זיך פאַרטראַכט.

— איך וויל וויסן די גענויע דאַטע.

— אָבער צו וואָס דאַרפט איר עס? — האָט דער גענעראַל מיט א ביסל פאַרביטערטקײַט אין דער שטים געפרעגט.

— דאָס איז נייטיק פאַר מיר און מײַנע קינדער. ווו איז זײַן קייווער?

— נישטאָ קיין קייווער, — האָט געזאָגט דער גענעראַל.

— זאָגט מיר, ווען איז ער אומגעקומען.

דער גענעראַל האָט אָנגעקלונגען דורכן טעלעפאָן און אין קאַבינעט איז ארײַנגעקומען דער אַדיוטאַנט מיט א דינער טאָוול־טעקע אונטערן אָרעם.

— דעם 12־טן אַווגוסט 1952 יאָר, — האָט געזאָגט דער גענעראַל, ארײַנקוקנדיק אין דער טעקע. — עפשער האָט איר וועלכעס־איז ביטע, פאַרלאַנגען?

— אײַלט צו דאָס איבערקוקן דעם איניען פון מײַן ברודער, לאָזעבניקאָוו אַלעקסאַנדער יעפימאָוויטש, — האָב איך געזאָגט, — ער איז אין גאָרנישט ניט שולדיק. זײַן רעאַביליטאַציע איז בלויז א פראַגע פון צײַט.

אין דרײַ טעג אַרום איז מײַן ברודער רעאַביליטירט געוואָרן.

איך ווייס ניט, ווער עס האָט געמישפּעט מאַרקישן און זײַנע כאַווײרים.

איך ווייס ניט, ווער איז נאָך געזעסן אין דעם גערינכט־זאַל אויף יענער זײַט פון דער „באַשולדיקונגס־באַנק".

איך ווייס ניט, פונוואַנען עס איז מענטשן באַוווּסט וועגן דעם, וואָס מאַרקיש האָט געזאָגט אין זײַן לעצטן וואָרט.

לויט דער פאָדערונג פונעם פּראָקוראָר זײַנען אַלע געמישפּעטע פאַרורטיילט געוואָרן צו 25 יאָר טורמע. דער דאָזיקער אורטייל האָט אָבער עמעצן „פון אויבן" — זיכערער ווי אַלץ סטאַלינען — אויסגעזען צו זײַן צו ווייניק שטרענג און ער איז נאָכאַמאָל באַטראַכט געוואָרן דורך דער מיליטערישער קאָלעגיע פון העכסטן גערינכט. דעם 18־טן יולי האָט די דאָזיקע אינסטאַנץ פאַרורטיילט די באַשולדיקטע אינעם פּראָצעס פון ייִדישן אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט צום דערשיסן. בלויז אײן לינאַ שטערן האָט באַקומען 5 יאָר.

ביז הײַנטיקן טאָג געפינען זיך אַ סאַך מיטבאַטייליקטע אין דעם דאָזיקן פאַרברעכן אויף דער פרײַ.

נאָכן רעאַביליטירן די דערמאָרדעטע שרײַבער זײַנען אַלס קלאַל געשאַפן געוואָרן קאָמיסיעס צו פאַרנעמען זיך מיט זייער ליטעראַרישער ירושע. אַזעלכע קאָמיסיעס האָבן באַם שרײַבער־פאַרבאַנד שוין געאַרבעט (אָדער האָבן בלויז זיך גערעכנט אַלס אַזעלכע) גאָר ניט ווייניק. עס איז ניט געווען קיין שום ספק, אַז עס וועט אויך געשאַפן ווערן אַ מאַרקיש־קאָמיסיע, און איך האָב ניט געצווייפלט, אַז איך, די אַלמאָנע, וועל ווערן באַשטימט אַלס סעקרעטאַר פון אַזאַ קאָמיסיע. דאָס האָט באַטײַט, אַז אויב איך וועל זען אַ נײַע אויסגאַבע פון מאַרקישעס ווערק, דאַרף איך ווידמענען מײַן גאַנצע צײַט און קויכעס, קעדיי צוגרייטן די דאָזיקע קומענדיקע אויסגאַבעס און זיי „דורכשטופּן" דורך די פאַרלעגערישע צוימען. איך בין דעריבער אַוועק פון דער אַרבעט אין דער מיקראָבּיאָלאָגיע־געזעלשאַפט און, ניט וואַרטנדיק אויף אַ באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג פון שרײַבער־פאַרבאַנד וועגן שאַפן די קאָמיסיע, האָב איך זיך גענומען צום אַרכיוו, צו דער שווערער טעקסטאָלאָגישער אַרבעט און צום צונויפשטעלן פּלענער וואָס שײַך די קומענדיקע פּובליקאַציעס. איך האָב אָפּט אײַנגעלאַדן מאַרקישעס לעבנגעבליבענע פרײַנט, קעדיי זיך מיט זיי אָן אייצע צו האַלטן, און איך פלעג מיט זיי אײַנאָרדענען קליינע באַראַטונגען. בײַס איינער אַזאַ באַראַטונג האָט געקלונגען דער טעלעפאָן:

— דאָס רעדט מען פון דעם פינאַנץ־אָפּטייל פון דער קאַגעבע. עס קומט אײַך פון אונדז אַ כויוו, — האָב איך דערהערט.

— וואָס פאַר אַ כויוו? מע האָט דאָך מיר צוריקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט, וואָס איך האָב איבערגעשיקט מײַן מאַן (אין אַ צווייט אָרט פון מײַנע זיכרוינעס האָב איך געשריבן, אַז פון די סומעס געלט, וועלכע מע האָט בײַ מיר גענומען אין לעפאָרטאָווער און לוביאַנקער טורמע, האָט מאַרקיש אין משך פון אַלע וואָכן ניט באַקומען קימאַט קיין איין קאָפּיקע).

— ניין, אײַך קומט נאָך פאַר די ציין.

— וואָס פאַר אַ ציין?

— פאַר די גאָלדענע ציין.

איך האָב זיך צעשריגן ניט מיט מײַן קאָל. די פאַרזאַמלטע פרײַנט זײַנען אַרויסגעלאָפן אין קאָרידאָר און האָבן מיך אונטערגעהאַלטן — איך בין געווען אין אַ צושטאַנד פון כאַלאָשעס, און דאָס טעלעפאָן־טרײַבל האָט זיך געהוידעט אויפן שנור, און די שטים פון דעם טויט־בוכהאַלטער האָט ווײַטער געטרייסלט די מעמבראַנע מיט אַ בייזן ברומען. עמעצער האָט געכאַפּט דאָס טרײַבל און האָט אין אים אַרײַנגעשריגן:

— פאַרשאָלטן זאָלט איר זײַן! לאָזט זי צורו!

אויף צו מאָרגנס בין איך געפאָרן צו סורקאָוון. אויסהערנדיק דאָס, וואָס כ'האָב אים דערציילט, איז ער אַרײַנגעפאַלן אין אַ שרעקלעכן צושטאַנד. איך, ווידער, האָב אים געבעטן בלויז איינס — אַז אַזעלכע טעלעפאָנען זאָלן ניט באַקומען מײַנע עלטערע כאַווערטעס מיט דעם זעלביקן גורל — ציפּע בערגעלסאָן, וועלכע איז שוין געווען איבער די זעכציקער, האָט דאָך געקאָנט באַצאָלן מיט אַ האַרצשלאָג פון אַזאַ מעלדונג וועגן די גאָלדענע ציין, וואָס די מערדער האָבן אַרויסגעריסן פון מויל פון איר דערמאָרדעטן מאַן.

שפּעטער, ווען איך האָב געהערט אָדער געלייענט וועגן דעם, אַז מע דאַרף ניט קלוימערשט דערמאָנען די פאַרגאַנגענע צאָרעס, ניט דראַפּען די אַלטע ווונדן, אַז ס'איז בעסער דאָס אַלץ איבערצושטרײַכן און פאַרגעסן, האָב איך צו זיך שטענדיק געזאָגט: „די ציין!".

סאָפּקאָלסאָף איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיסיע אונטערן פאָרזיץ פון פּיאָטער איוואַנאָוויטש טשאַגין, דעם געוועזענעם דירעקטאָר פון דעם מעלוכע־פאַרלאַג פאַר קינסטלערישער ליטעראַטור און דעם פרײַנט פון סערגיי יעסענינען. אין נאָמען פון דער דאָזיקער קאָמיסיע האָב איך זיך געווענדט צו אַ סאַך באַדײַטנדיקע דיכטער מיט דער ביטע צו באַטייליקן

זיך אין דער ארבעט באַם איבערזעצן אַף רוסיש מאַרקישעס לידער. מיט דאנקבאַרקײַט האָט זיך אַף מײַן בריוו אָפּגערופן אַנאַ אַכמאַטאָווא. מיט פולער אופריכטיקײַט האָט דער יונגער יעווטושענקאָ דערקלערט, אַז מאַרקיש איז פאַר אים צו מעכטיק און קראַפטפול, אַז ער זאָל בעקויעך זײַן זיך אַן אײַצע צו געבן מיט איבערזעצן. אַ דרייסטן און שרעקלעכן בריוו האָט צוגעשיקט באָריס פּאַסטערנאַק אַלס ענטפער אַף מײַן ווענדונג.

31 דעקאַבער 1955.

„טיף-געשעצטע עסטער יעפימאָוונאַ!

איך פאַרנייג זיך פאַר דער אומגעהײַערער גרייס פון אײַער אומגליק.

כוץ זײַן קינסטלערישן באַדײַט, איז מאַרקיש געווען אַ צו אומגעוויינלעכע דערשײַנונג פון לעבן גופא, דעם לעבנס שמייכל, זײַן שטראַל, וואָס האָט מיט אַ פריידיקן צייכן זיך באַוויזן אומעטום, ווו ער איז געקומען.

איך געדענק זייער גוט זײַנע באַזוכן, אונדזער שמועס און דעם אינהאַלט פון די בוכשטעבלעך איבערגעגעבענע לידער זײַנע צום אָנדענק פון מיכאָעלסן. אָבער אין קעגנזאַץ צו דער מיינונג פון אײַער מיטרעדאַקטאָריע. פּערמיאַק, וועלכער שרײַבט צו מיר, אַז מײַן זיקאָרן איז פּינקטלעכער פון פאָטאָגראַפישע אופנאַמעס, איז ניט נאָר, וואָס איך געדענק ניט מײַן איבערזעצונג, נאָר איך געדענק אַפילע ניט, צי איך האָב ביכלאַל איבערגעזעצט. איך טראַכט, אַז איך האָב בלויז צוגעזאָגט און זיך געקליבן עס צו טאָן, און פונדאַנען איז אַרויסגעקומען דער טאָעס.

קיינער ניט, ניט איר, ניט עמעצער אַנדערש וועט קיינמאָל ניט גלייבן, אַף וויפל ניט לויטן שרײַבערישן אויפן עס איז מײַן פירעכץ, אָן ביכער, אָן קאָרעספּאָנדענץ, אָן אַ שפּור נאָך דאָס אָנגעשריבענע, אָן אַן אוטאָרישן אַרכיוו, פאַרניכטנדיק בריוו און מאַנוסקריפּטן, אָפּהיטנדיק בלויז אין דער נעשאָמע און האַרץ דאָס סאַמע נויטווענדיקסטע.

די לידער דאַרף מען איבעראַנײַס איבערזעצן (און מעגלעך — צום ערשטן מאָל). דאָס דאַרף טאָן עמעצער אַן אַנדערער, פּעטראָוויך אָדער מאַרטינאָוו, באַ אונדז זײַנען פאַראַן ניט ווייניק פּרעכטיקע איבערזעצער, צווישן זיי איז איינער ניט ערגער און אַנדערע — בעסער פון מיר.

צו מיר ווענדט מען זיך פון אַלע זײַטן מיט ביטעס וועגן איבערזעצן. עס זײַנען פאַראַן פאַלן, אַזעלכע הויכע, ווירדיקע און שרעקלעכע, ווי אײַערע. ווען אָבער מענטשן זאָלן זיך צו מיר באַציִען גוט און אויפמערקזאַם, וואָלטן זיי געדאַרפט וואָרענען און מיך אָפּהאַלטן פון איבערזעצן און ניט באַאופטראָגן דאָס צו טאָן. ס'איז צײַט, אַז איך זאָל זיך פאַרנעמען מיט זיך.

אײַער זון, אַ וווּנדערבאַר ייִנגל, האָט מיט מיר גערעדט וועגן איבערזעצונגען, צווישן אַנדערע אויך וועגן שעלי און עדגאַר אַלען פּאָ. איך האָב אים אַלץ דערציילט. זאָל ער מיך פאַרטיידיקן פאַר אײַך.

און אַז אונדזערע יאָרן זײַנען פול געווען מיט די מערקווירדיקסטע און שרעקלעכסטע און אומצאָליקע בײַשפּילן פון פּײַניקונגען, האָב איך פון לאַנג זיך שוין אָנגעשטויסן און די אומעגלעכקײַטן דערמיט שאָלעם צו מאַכן האָט שוין לאַנג, באַ אַ פערציק יאָר צוריק, באַשטימט מײַן לעבן און געבונדן מײַנע הענט.

בייזערט זיך ניט אַף מיר.

אײַער ב. פּאַסטערנאַק".

די ליד „מיכאָעלסן — אַ נייער-טאָמיד" האָט אַף רוסיש איבערגעזעצט דער פּרעכטיקער פּאָעט-איבערזעצער אַרקאַדי שטיינבערג. די דאָזיקע ליד האָט אַרויסגערופן אַ שאַרפע דערווידערונג מיצאַד ניקאָלײַ ליוסעטשעווסקין — דעם דירעקטאָר פון פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל", ווו עס איז צוגעגרייט געוואָרן צום אַרויסגעבן דאָס ערשטע, נאָך דער רעאַביליטאַציע, בוך לידער פון מאַרקישן. ליוסעטשעווסקי איז איינער פון די סאַמע רעאַקציאָנערסטע און טונקלסטע פיגורן פון דער סאָוועטישער ליטעראַטור-פּראָפּאַגאַנדיסטישער מאַשין. באַטראַכטנדיק דעם מאַקעט פון מאַרקישעס בוך „לידער און פּאָעמעס", האָט ער צו מיר געזאָגט, אָנווײַזנדיק אַף דער פאָטאָגראַפיע נאָך דעם שאַרבלאַט:

— וואָס רוקט איר מיר אונטער די פאָטאָגראַפיע פון אַ געהאַרגעטן? און דער קאָליר פון דעם שאַרבלאַט האָט איר צוגעקליבן מיט אַ ספּעציעלן מיין — אַ בלוטיק-רויטן! ניין, דאָס וועל איך ניט לאָזן... און „מיכאָעלסן — אַ נייער-טאָמיד" — דאָס איז אַ נאַציאָנאַליסטישע ליד. ווער האָט עס אײַך געזאָגט, אַז אים האָט מען דערמאָרדעט? אַלע ווייסן, אַז ער איז אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ לאַסט-אוטאָ!

ס'איז נייטיק געווען, אַז אַלעקסיי סורקאָוו זאָל זיך אַרײַנמישן, קעדיי רופן צו אָרדענונג ליוסעטשעווסקין, דאָס בוך איז דערשינען אַזוי, ווי מיר האָבן זיך עס געוווּנטשן. דאָס „אָפּטײַען" האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט, און פון אַלע שפּעטערדיקע אויסגאַבעס האָט די צענזור אויסגעשטראָכן די ליד „מיכאָעלסן — אַ נייער-טאָמיד".

# די ערשטע באַגעגעניש

דרײַ זײַלן פון דער ייִדישער ליטעראטור. דרײַ קדושים. דאָוויד בערגעלסאָן, דער ניסטער, יעכעזקל דאָברושין. געבוירענע קימאַט אין איין יאָר (בערגעלסאָן און דער ניסטער — אין 1884, דאָברושין — אין 1883), אין שטעט, וועלכע זײַנען געווען ניט ווײַט איינע פון דער אַנדערער, אַרײַנגעקומען אין דער ליטעראטור אויך קימאַט אין איין און דער זעלבער צײַט, זיך געטראָפן און זיך באַפרײַנדעט אין איין און דער זעלבער שטאָט. אויך דער מוירעדיקער טויט האָט זיי געטראָפן אין איין און דער זעלבער צײַט.

בערגעלסאָן. דער ניסטער. דאָברושין.

אין 1910 יאָר, וועגן וועלכן עס גייט א רייד, דאָס הייסט, ווען זייערע נעמען האָבן זיך באַוויזן אין אַן איצט שוין קימאַט פאַרגעסענער אויסגאַבע, האָבן בערגעלסאָן און דער ניסטער געהאַט אַרויסגעגעבן זייערע ערשטע ביכער. דאָברושין האָט נאָך קיין ביכל ניט געהאַט.

צוויי אויסגאַבעס: „אידישער אַלמאַנאַך" און „קיִעווער וואָרט".

דער „אידישער אַלמאַנאַך" האָט געהאַט אַן אונטערקעפּל: „ערשטעס בוך". מע וואָלט זיך געקאָנט באַגיין אָן דעם דאָזיקן אונטערקעפּל, ווײַל קיין „צווייטעס בוך" איז ניט געווען. אָבער אָט דאָס איינציקע ביכל האָט געלאָזט א טיפן שפּור אין דער געשיכטע פון דער נײַער ייִדישער ליטעראטור. דאָס ביכל פון דער אַזוי־גערופענער „קיִעווער גרופּע". עס האָבן נאָך געלעבט מענדעלע מוכר־ספרים און שלום־עליכעם, נאָר אינעם קיִעווער „אידישן אַלמאַנאַך" זײַנען זיי ניט געווען פאַרגעשטעלט. די לעבעדיקע קלאַסיקער האָבן זיך געהאַט זייער אייגענעם בעקאַוועדיקן וועג, און די „קיִעווער גרופּע" — אויך איר וועג. א וועג, וואָס האָט זי גרינטלעך אונטערגעשיידט פון די קלאַסיקער־פאַרגייער. זי איז געקומען מיט אירע אייגענע אָנשויונגען, מיט אַן אייגענעם קוק אויף דער וועלט. קינדער פון א נײַער עפּאָכע, האָבן די יונגע זיך געסטאַרעט אויסצודריקן דעם נײַעם גײַסט פון זייער צײַט (לאָמיר אין קלאַמערן באַמערקן, אַז דער ניסטער האָט איינע פון זײַנע שפּעטערדיקע דערציילונגען טאַקע אָנגערופן אַזוי: „נײַ־גײַסט", נאָר דאָס איז שוין געווען אין אָנהייב פון די צוואַנציקער יאָרן, און איצטער גייט א רייד וועגן דעם ערשטן יאָרצענדליק פון דעם הײַנטיקן יאָרהונדערט).

נאַרוואָס, אינגאַנצן מיט א יאָר צוריק האָט דער יונגער דאָוויד בערגעלסאָן אויפגעטרייסלט די ייִדישע וועלט מיט זײַן גרעסערער דערציילונג „אַרום וואָקזאַל", וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבן אויף זײַנע אייגענע הוצאָעס, אין „אידישן אַלמאַנאַך" איז ער געקומען מיט זײַן צווייט גרויס ווערק — „דער טויבער", וואָס ער האָט נאָך אָנגעשריבן אין 1906, דאָס הייסט פאַרן „אַרום וואָקזאַל", און דאָס איז געווען א ווערק, וואָס האָט עפּשער נאָך מער געגעבן צו וויסן, אַז אין דער ייִדישער ליטעראטור איז געקומען א נײַער מעכטיקער טאַלאַנט.

וועגן אָט די ביידע דער־ציילונגען האָט די ליטעראטור־קריטיק שוין גענוג געשריבן, און עפּעס צוגעבן צום געשריבענעם איז איצטער איבעריק. וויכטיקער וואָלט געווען צו דערמאָנען, אַז אויסער „דעם טויבן", האָט בערגעלסאָן אָפּגעדרוקט אין קיִעווער אַלמאַנאַך דעם אָנהייב פון א דערציילונג „צוויי וועגן", וואָס קיין פאָרזעצונג פון איר האָט דער שרײַבער שוין קיינמאָל ניט פאַרעפנטלעכט. און אַזוי ווי אין קיין שום אַנדערע אויסגאַבעס פון בערגעלסאָנס ווערק איז דער דאָזיקער אָנהייב קיינמאָל ניט געווען אײַנגעשלאָסן, האָבן מיר איצטער א געלעגנהײַט אים צו פאַרעפנטלעכן.

# צוויי וועגן

צוויי וועגן פירן פון דער שטאָט ארויס — א ברייטער און א שמאָלער.

פירט דער ברייטער וועג גלײַך מיט די גרינע פעלדער, וואָס צום האָריזאָנט, דערגרייכט ערגעץ לעבן א בארג יענעם גרויסן וועג, וואָס פירט פון איין קרײַז־שטאָט צו דער צווייטער, און האקט זיך מיט אים אזוי פּלוצעם און טרויעריק אָפּ, גלײַך ווי ער וואָלט מיט עפּעס אומצופרידן זײַן און וואָלט זיך אליין באקלאָגן:

— אָט קוק, ווי קליין איך בין — איך קאָן שוין מער אין ערגעץ נישט פירן.

טיילט זיך פון אים אָפּ דער שמאָלער וועג נאָך באם הילצערנעם טויער פון שטאָט און נעמט זיך באלד לינקס, צו די פארוואקסענע פויערישע שטיבלעך־צו. צוזאמען מיט אָט די שטיבלעך הייבט ער זיך אין דער הייך אוף. צוזאמען מיט די שטיבלעך לאָזט ער זיך אין דער נידעריק אראָפּ, גלײַך ווי ער וואָלט מוירע האָבן, אז, אָפּטיילנדיק זיך פון זיי, וועט ער איינער אליין צווישן בערג און טאָלן פארבלאָנדזשען און וועט נאָכדעם זײַן אייגענעם אָנהייב נישט קאָנען געפינען. ער דערגרייכט ענדלעך דאָס קליינע קאָזלאָווער טײַכל, בא וועלכן די פויערישע הײַזער ענדיקן זיך, און מוז נעבעך איינער אליין ווײַטער אפן בערגל קלעטערן.

פאָרט מען מיט אָט דעם שמאָלן וועג פינף וויאָרסט אָפּ, לאָזט מען זיך אין א שטילן גרינעם טאָל אראָפּ: הייבט מען זיך מיטן וועג ווײַטער אפן בערגל ארוף, קומט מען צו אן איינזאם וועלדל צו, צו יענעם זעלבן עלנטן וועלדל, וואָס מע ווייסט ניט, צו וועמען ס'קער און איבער וועלכן ס'קריגן זיך שוין יאָרנלאנג א פּאָרעץ מיט זײַנע פּראקשנטע שכיינים — פויערים. פון דאָרט זעט מען שוין אָן דאָס דאָרף, וואָס אין טאָל, די אײַנגעגראָבענע ציגל־פאבריק, וואָס רויכערט טאָג און נאכט, ווי א קאלך־אויוון, און, העכער אפן בארג — דעם גרויסן, טאָמיד רוישנדיקן געפּלאסטערטן טראקט, וואָס פירט ערגעץ ווײַט צו דער היפּשער האנדלסבארער שטאָט.

סאָכרישע פורן לויפן דאָרט אָפּ און אוף, באגעגענען זיך, יאָגן זיך איבער און פאָרן זיך פאנאנדער אין פארשיידענע זײַטן אײַלנדיקע און אומעטיק־ערנסטע, גלײַך ווי זיי וואָלטן אייניצײַטיק קלערן וועגן זייערע הײַזער, וואָס ערגעץ דאָרט אין פארשיידענע שטעט און שטעטלעך, און וועגן יענעם רוישנדיקן און סאָכרישן וועלט־ווינקל, וווּהין ס'שלעפּן זיי זייערע מויכעס.

די רעדער קלאפּן דאָרט אָן אן אופהער אין די שטיינער, און א ווידערקאָל ווערט פון אָט דעם קלאפּן צווישן הימל און ערד געבוירן, א טמימעסדיק און קינדיש־קאָשערס, וואָס נעמט זיך באלד איבער ברייטע פעלדער טראָגן, כאפּט זיך אויך אין עלנטן וועלדל ארײַן און הייבט דאָרט אוף א קוים, קוים באמערקטן גערויש.

און טוט פון ערגעץ־ווּ א ווינטל א בלאָז, קומט דאָס אויך אהער אין וועלדל צו לויפן און טראָגט זיך דאָ מיט אזא פּאָרכט צווישן די ביימער דורך, גלײַך ווי ס'וואָלט זיי א שטילן און אומעטיקן גרוס אָט פון יענע ארומלויפנדיקע סאָכרים ברענגען:

— יאָ, יאָ, זיי פאָרן נאָך, די סאָכרים... אָט דאָרט אפן טראקט פאָרן זיי.

דעמלט טוט א ציטער דער גאנצער וואלד און פאלט ארײַן אין א מאָרעשכוירע, ביימער בייגן די קעפּ צו דער ערד און שאָקלען זיך צו איין ווײַטן הימל־ווינקל. ווער ווייסט? עפּשער טוען זיי דאָס די סאָכרים טפילע, זיפצן און בעטן:

— צײַט, צײַט, די סאָכרים זאָלן ארומיאָגן אופהערן.

נאָר די פורן יאָגן זיך דאָרט נאָך אַלץ און וואַרפן אָפּ פון זיך ווײַט דעם גערויש פון זייערע קלאַפּנדיקע רעדער, אַזעלכע פרעמדע און אומבאַקאַנטע קריכן זיי אַרויס פון איין זײַט האָריזאָנט, טראָגן דאָ דורך זייער טרויעריק-דרעמלענדיקן סאָד און ווערן ענדלעך פאַרשוווּנדן אין דער צווייטער זײַט האָריזאָנט; דעמלט קריכן פונעם ערשטן עק האָריזאָנט אַרויס נײַע, אויך אַזעלכע אומבאַקאַנטע און פרעמדע, און האַלטן דעם גערויש אונטער. הימלען טרויעריקע קוקן אַראָפּ אַף די פורן און שווײַגן, און די לופט, וואָס אַרום, איז שוין אַזוי געוווינט צו אָט דעם אַלעם און צו יענעם פוסטן מײַסעלע, וואָס שוועבט ערגעץ דאָ טאָג און נאַכט אַרום:

— א מײַסע מיט א באַיאָרטן גרײַז-גרויען סויכער, וואָס האָט שוין האַנדלען קיין קויער נישט געהאַט און דערפאַר אַף זיך דעם טויט געבעטן...

שטיבלעך זײַנען ערגעץ-ווּ בא דער זײַט פונעם טראַקט פאַראַן — קליינע איינזאַמע שטיבלעך, וואָס ליגן אַזוי ווײַט איינס פונעם צווייטן: איינס ווייסט שוין אַפילע נישט, ווּ דאָס צווייטע געפינט זיך.

זומער, ווען אַלץ ווערט דאָ פאַרגרינט און פאַרוואַקסן און נאָר דער אומרויִקער געפּלאַסטערטער טראַקט ציט זיך מיט זײַנע בלײַקאָלירענע שטיינער, ווי א שטרענגער וואָכעדיקער פּאַס און הילכט מיט זײַן געוויינלעכן איינטאָניקן גערויש, ווערט אַמאָל אין איינעם פון אָט די איינזאַמע שטיבלעך א גרויסשטאָטיק פּאָרל אַף א מאָנאַט מעגולגל און בלאָנדזשעט דאָ גאַנצע טעג איבער גרינע פעלדער, טאָלן און בערג אַרום. אַזאַ שטיל, רויִק און אָפּגעזונדערט לעבן פירן זיי דאָ; אין דער ווײַטער און גרויסער שטאָט פאַרגעסן זיי, און האָסאָגעס גרויסע באַקומען זיי.

ווער ווייסט? עפּשער גלוסט זיך זיי שוין אַף אייביק פאַרבלײַבן און באַקומען די מעגלעכקײַט אַרומצושפּאַנען דאָ אייביק מיט פּאַמעלעכע, לעגענדאַריש גרויסע טריט, אַזוי אַז מיט א פּאָר שפּאַן זאָלן זיי דעם ווײַטן, ווײַטן האָריזאָנט-עק דערגרייכן.

קומען זיי אַמאָל פאַרנאַכט אויך צו אָט דעם טראַקט צו און בלײַבן דאָ נישט ווײַט אָנגעשפּאַרט אין דיביימער שטיין. דער טראַקט רוישט; די סאָכרישע פורן לויפן אָפּ און אויף, באַגעגענען זיך, פעלן זיך אויס און ווערן פאַרשוווּנדן צוזאַמען מיטן סאָד פון זייער אייביקער אומרויִקײַט — איין זײַט האָריזאָנט גיט זיי אַרויס, די צווייטע שלינגט זיי אײַן, באַפאַלט דאָס פּאָרל א טרויעריקע שטימונג און א מאָרעשכוירע פונעם טויט קוקט צו זיי אַרויס פון יעדער דורכלויפנדיקער פור און פון דער טונקעלער פאַרנאַכטיקער לופט. זיי שטייען דאָ לאַנג, לאַנג, קוקן און שווײַגן, אויף אַליין ווייסן זיי שוין נישט, פאַרוואָס קוקן אַזוי פאַרקלערט זייערע אויגן און פאַרוואָס זיי קענען איינער צום צווייטן קיין וואָרט ניט אויסריידן.

---

דאָוויד בערגעלסאָנס סקיצע „צוויי וועגן" איז, ווי געזאָגט, געווען אָן אָנהייב פון א גרעסערער זאַך — וועגן דעם האָט זיך גערעדט אין דער אָנמערקונג אין „אידישן אַלמאַנאַך". די סקיצע איז אינטערעסאַנט ניט בלויז דערמיט, וואָס זי קאָן באַטראַכט ווערן ווי א פאַרענדיקט קינסטלעריש בילד, נאָר זי ברענגט אַרײַן א צוגאָב-שטריך צו בערגעלסאָנס שרײַבערישער ביִאָגראַפיע אין סאַמע אָנהייב פון זײַן שאַפונגס-וועג. פון נאָכמען מײַזילס זיכרוינעס (ער האָט געהערט אויך צו דער „קיִעווער גרופּע" און איז געווען זייער נאָענט פערזענלעך מיט בערגעלסאָנען) ווייסן מיר, אַז בערגעלסאָן, דער מעכאַבער פון „אַרום וואָקזאַל" און „דער טויבער", וועלכער איז מיט די דאָזיקע צוויי שעדעווערס אַרײַן אין דער ליטעראַטור, האָט געהאַלטן אין איין שרײַבן — אַכוץ דעם ראָמאַן „נאָך אַלעמען", וועלכער האָט זיך באַוויזן ערשט אין יאָר 1913, האָט ער געאַרבעט איבער אַן אַנדער ראָמאַן און איבער דערציילונגען. אַפּאָנעם, „צוויי וועגן" זײַנען געווען דער אָנהייב פון איינער פון זיי.

אין זעלבן „אידישן אַלמאַנאַך" איז צווישן בערגעלסאָנס „דער טויבער" און „צוויי וועגן" אָפּגעדרוקט דעם ניסטערס טיף-לירישע און פּאָעטיש-דערהויבענע דערציילונג „פרילינג", וואָס שטייט ווי אָפּגעזונדערט פונעם ניסטערס שאַפונג ביכלאַל סײַ אין פעריִאָד פון זײַנע מײַסעלעך אין פערזן, סײַ פון זײַנע שפּעטערדיקע סימבאָלישע „פון מײַנע גיטער" און „ניט געדאַכט", און זי איז אַפילע ניט צו

פאַרגלײַכן מיט זײַנע רעאַליסטישע „דרײַ הויפּט־שטעט" און אוואַדע ניט מיט „מישפּאָכע מאַשבער". „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ניסטערס 85־טן געבורטסטאָג, פאַרעפנטלעכט (נומ. 11, 1969) פראַגמענטן פון דער דאָזיקער דערציילונג. איצט איז געקומען די צײַט, דער לייענער זאָל זי האָבן אינגאַנצן געגומען, ביפראַט נאָך, אַז דער קיִעווער „אידישער אַלמאַנאַך" איז שוין אַ זעלטנהייט.

# דער ניסטער

# פרילינג

## I

געווען איז דאָס נעכטן אָדער אײַנעכטן, און ס'האָט זיך פּלוצעם, אינמיטן העלן טאָג, דער האָן אופגעכאַפּט, זיך אָף די פיס אַ שטעל געטאָן, מיט די פליגל אַ פּאַטש געטאָן און עפּעס נישט ווי טאָמיד, עפּעס אַנדערש גאָר ווי טאָמיד מיט נײַס און פרישס אין דער וועלט אַ לאַנגן און אויסגעצויגענעם קריי געטאָן:

— קו־קע־קו־רי־קו!.. דאָס ביזאַהעריקע פאַלט אַראָפּ... אויס... אויס... קו־קע־רי־קו־הו — הייבט פון איצטער ציילן אָן... נײַס... נײַס...

און ווי ערגעץ אַ האָן אָף אַ בוידעם, ווי אַ האָן אונטער אַ פּלויט און ווי אָף אַ גוייִשער גאַס, — אָפּגערופן האָבן זיך אָף דעם קריי אַלע, און פון פאַרשיידענע העלדזער, פון פאַרשיידענער ווײַט און פאַרשיידענער הייך האָט זיך בסורעדיק עפּעס אַ נײַס, אַ נײַס אָנגעזאָגט: „קו־קע־רי־קו". הייבט פון איצטער ציילן, אָן... נײַס... נײַס...

...נישט געגלייבט האָט די אויערן זײַנע דער אַלטגעזעסענער ווינטער־טאָג. פעסט, ניט גערירט זיך און האַרט באַ דער ערד איז זיך דער שניי געלעגן, דאָך עפּעס נישט מיט אַלעמען האָט זיך דער דרויסן פאַרנאַכט־צו דערפילט: גאָר מיט עפּעס אַנדערש האָט דער פאַרנאַכט אַ שמעק געטאָן. ס'האָבן מיטאַמאָל פון אויבן די וואָלקנס און פון אונטן די דעכער אַ לאָז געטאָן.

נידעריקער האָבן זיך פון אויבן די וואָלקנס אַראָפּגעלאָזט, עפּעס ווייכער און לינדער געוואָרן און, ווי מידע און גוטע דורכגייער, דאָ אָף נאַכטלעגער געבליבן. פון די דעכער האָט קאַפּען אָנגעהויבן. עפּעס פריילעכער און גלייביקער האָבן זיך הערצער דערפילט. עפּעס לעבעדיקער און נײַער האָבן אויגן געקוקט. נײַ און אופגעלעבט האָבן זיך מענטשן אָף די גאַסן געלאָזט, און די גאַסן זײַנען רירעוודיק און אופגעלעבט געוואָרן.

און אָט איז שוין אַ וואָך און מער, אַז דער דרויסן לאָזט. ווי אַליין און מיט גוטן טרעט דער ווינטער אָפּ. נישט געניט, אַליין זיך און מיט גוטן מוט ווערן זיך אויס די קעלטן, און אופגעלייגט, נאָכעסדיק און קווענדיק דער שניי צעלאָזט זיך און צעגייט.

און געעפנט שטייט די וועלט. בלוי און לויטער ליגט דער הימל, און אין הימל שטייט די זון און אָף דער זון — דער ליבער דרויסן. שטייט דער ליבער דרויסן, אָף דער זון די פּלייצע וואַרעמט. ס'קומט אים פרייד אונטערן האַרצן אָן, רײַבט די הענט פאַר פרייד און טײַנעג, קוקט אַראָפּ און קוועלט, קוועלט און טײַנעג האָט און נאָכעס קלײַבט. פון די רינוועס גיסט, פון די דעכער קאַפּעט, אין די ריטשקעס יאָגט עס, יאָגט און פּלייצט און כליופּעט...

און עס וואַרעמט אויבן די זון אין הימל און אויף דער ערד אונטן. דאָס איז שפּאַלט זיך, ריינע וואַסערלעך געבירט און לויטער־קוואַלן עפנט.

און עס עפענען זיך, און עס לאָזן זיך וואַסערלעך איצט פון אומעטום, פון הויף, פון גאָרטן, פון הינטערוועג און הינטערפּלויט: עפענען זיך, לאָזן זיך, לויטער, ריין און שטיל־בענימעס רינען, זאַמען זיך צונויף, איינס מיטן אנדערן, שטיל מיט שטילערס, קליינס מיט קלענערס, שטיל מיט זייטעלעך, מיט די רוקנדלעך, מיט קלאָרע וואַסער־ליסקעלעך; שלענג־לען זיך, דרייען זיך, קומען פון אַלע זייטן אָן, גיסן זיך צונויף, שנײַדן די גאַסן דורך, יאָגן זיך און פלייצן, ביז עס זופט זיי לעסאַף די ראשיקע גאַס־ריטשקע אַרײַן: זופּ... זופּ... כליופּ... כליופּ. און עס רינען ריינע וואַסערלעך אין איין מאָס און אָן אויפהער, באַטאָג און באַנאַכט, פון ריטשקעס אין ריטשקעס, פון ריטשקעס אין גראָבן און פון גראָבן אין טײַך.

און עס רינען זיך אַזוי די וואַסערלעך, שטיל און פּאַמעלעך, און שטיל און פּאַמעלעך ציִען זיי אַזוי די קעלט פונעם איז אַרויס. ליב און האַרציק גייט אַזוי דעם דרויסן פונעם האַרצן אָפּ, און עס ווערט אים אַזוי גרינג, אַזוי לינד; עס ווערט אים אַזוי גוט און אַפּן האַרצן אופגעלייגט, טאַקע עמעס גוט און אופגעלייגט.

און עס גייען זיך אַזוי די שטילע, ריינע וואַסערלעך, רייניקע און שטילע... און עס גייט מיט זיי אַזוי פונעם האַרץ דער ווינטער אָפּ, דאָס האַרץ אין שלעכטס פאַרגעסט, אויף אַלדאָס בייז מוחל, אַלץ באַנײַט, אַליין ווערט נײַ, ווערט נײַ און פריש און לעבע־דיק, ווייל האָפן און האָפט און גלייבן און גלייבט...

און עס גייען זיך אַזוי ווײַטער די ליבע, ריינע וואַסערלעך — פאַרטאָג אין היפּל גע־הילט, גאַנצפריי פון קעלט געקנייטשט, באַטאָג די רוקנדלעך קעגן דער זון וואַרעמען, — גייען גייען, ביז ס׳גייט די זון זיי אונטער, ביז ס׳פאַלט די נאַכט זיי צו...

שטיל, ווי אַ שטילער נאַכט־קוואַל, ווי אַ שטילער נאַכט־שפּרוך, גייען זיי די נאַכט דאַן דורך, נאָר רירן זי נישט אָן, שטערן ניט די רו איר... שטיל — נאָר די זײַטן־וועגן הערן זיי, אײַנגענומען — נאָר די גאַס־לאַמסטערנס זעען זיי.

און ס׳ווערט נאַכט, און ס׳ווערט טאָג — אַ טאָג, און צוויי, און דרײַ — און דער דרויסן טריקנט, און ס׳הייבט מיט פרילינג אָן צו שמעקן.

און עס פילט דער דרויסן, אַז דער פרילינג שוין הינטער זײַן פּלייצע שטייט און עס מאַכן אים די ווינטן: שיראַים נישט, אויס! ליגט אַ ביסל שניי נאָך ערגעץ, באַ אַ זײַט דאָרט שטיקלעך איז מיט בלאָטע. „זאָל דאָס ליגן” — טראַכט ער זיך: רינען ערגעץ ריטשקעס נאָך, קומען נאָס היפּלען אָן, מאַכן זיך נאָך ווינטן, קעלטן נאַריש — בלאָזן זיך. טראַכט ער זיך: „ס׳אַ קלייניקײַט”... שמייכלט ער: „ס׳אַ נאַרישקײַט”....

און ס׳ווערט נאַכט, ס׳ווערט טאָג — אַ טאָג, און צוויי, און דרײַ, און דער דרויסן טריקנט, און דער דרויסן מיט פאַר־יאָמטעוו שמעקט. מ׳ראַמט און מע לופטערט, מע וואַשט און מע רייניקט. אין די הויפן, פאַר די טירן געפּעס און קיך־מאַכשירים שטייען, מיט זיי פּאַרנומען זײַנען ווײַבער, דינסטמיידלעך און קינדער קליינע.

און אין אַ גרויסן פרײַען הויף דאָרט, אין אַן עק, אַ ברונעם שטייט, און אַרום דאָרט שטיינער ליגן. מיידלעך באָרוועסע, מיט רעקעלעך נישט פאַרשפּיליעטע, און הויך, איבער די ליטקעס, די קליידלעך פאַרנומען, איבער געוועשן דאָרט שטייען און גרעט אין מולטערס ווייקן... טונקען אײַן און הייבן אויף און אין די שטיינער פּאַטשן — וואַשן, שווענקען: פּראַ־טשען אויס און צעגעמען און צעהענגען...

ליכטיק, פרײַ אַרום... פרײַ און ברייט דער הויף... וואַסער־ריין און מיידל־יונג און ברו־נעם־קאָשער — הילך, פּראַטש און ווידערקאָל און ווידערקאָל; הילך, פּראַטש און ווידערקאָל...

ברייטער, בלויער, נײַער הימל... גאָטס גרויסע, שיינע, ליבע, גוטע וועלט — און ווינטל־פריש און פויגל־קאָל און פרילינג־באַלד...

אונדזער ליבער, שיינער יאָמטעוו, אונדזער גרויסער, ליבער גאָט — ווײַסע וואָלקנס

איצט אין הימל, קאַשער־טײַבעלעך אין הזרצן און אָטעם־װײַניק, שטײַפע הענט און גלוסטיק־אָרעמס...
און פון מײַן װײַטער, װײַטער קינדער־יוגנט טראָגט א קאָל צו מיר זיך, טראָגט זיך: „שיר — דאָס געזאנג, האשירים — איז שענער און בעסער פון אַלע געזאנגען".

## II

...און מײַנע אויגן הייב צום הימל אוף, קוק אין טיפן בלוי אַרײַן, קוק זיך אין דעם אײַן... און ס'הייבט אהין מײַן הארץ זיך אוף — הויך און העכער און אַלץ העכער, טיף און טיפער און אַלץ טיפער און אַן אָטעם ציט זיך עס, און אַן אָטעם ציט אהין — הויך, הויך ביז נישט אָנצוזען, װײַטער, װײַטער ביז איך אויסן בלײַב.
און מיט מײַן פּאָנעם פאַל צו דער ערד אנידער, דריק מײַן הארץ צו אירן צו, מײַנע אויגן צוגעמאכט און מײַנע ליפּן בעטן:

איך װיל נישט זײַן אַליין,
איך װיל נישט זײַן באַזונדער,
כ'װעל מיט דיר איינינעם זײַן,
גרויסער, גרויסער װוּנדער!
בלוי און טיף מיט דיר אין הימל,
װײַט און ברייט מיט דיר אין פעלד,
מיט דײַן יונגן, גרינגן פרילינג
אין דײַן גרויסער, גרויסער װעלט.
מיט דײַן װאָלקנדל אין הימל,
מיט דײַן װינטעלע אין פעלד,
מיט דײַן יונגן, ליבן פרילינג
אין דײַן גרויסער, שיינער װעלט.

און מיט מײַן פּאָנעם פאַל צו דער ערד אנידער, דריק מײַן הארץ צו אירן צו, מײַנע אויגן צוגעמאכט און מײַנע ליפּן בעטן: מײַן גרויסער גאָט, מײַן ליבער גאָט —

— לאָז מיך אַף א פייגעלע אין װאַלד,
צי לאָז מיך אַף א װינטעלע אין פעלד,
איך װיל דײַן כעסעד שװאָכים זינגען,
אים צעטראָגן אַף דײַן װעלט.
לאָז מיך אַף א װאָלקנדל אין הימל,
אין דײַן פעלד — א קװעלכל, א ברונעם,
איך װיל דײַן הימלס שפּיגל זײַן
און װיל דײַן װעלט מיט רו באַשפּיגען.
לאָז מיך אַף א װאַסערל אין טײַך —
אי טאָג, אי נאכט אָן אופהער רינען, —
איך װיל דער װעלט דײַן גוטס דערציילן
און מיט דײַן פרילינג זיך פארכלינען.

אָדער:

גאָט, מײַן גאָט!
גיב מיר גרויסע אייביק אָרעמס
און דײַן װעלט גיב מיר אין זיי:
כ'טוליע, דריק זיי, ביז אַן אָטעם...
קיינס און קיינער!.. נאָר מיר צװיי...
גיב מיר גרויסע אייביק אָרעמס
און דײַן װעלט גיב מיר אין זיי;
כ'שליס די אויגן, זוך זי... שמעק זי...
כ'גיב איין קוש זי און — דערגיי...

און פון מײַן װײַטער, װײַטער קינדער־יוגנט טראָגט א קאָל צו מיר זיך, טראָגט זיך: שיר — דאָס געזאנג, האשירים — איז שענער און בעסער פון אַלע געזאנגען...

...און כ'האָב ביז איצטער נישט געהערט, און כ'האָב ביז איצטער נישט געװוּסט:
מײַן גאָט, װי רופט מען דיך, װי גרויס און שיין דו ביסט...
מײַן גאָט! און אַלע פרילינג איז אזוי? און איך האָב נישט געװוּסט...
װיי מיר, װיי מיר... איך האָב מײַן װעלט זיך דאָך פארשלאָפן...
ס'איז פארטאָג. אַף א בארג אין פרײַען פעלד איצט שטיי און אַף דעם מיזרעך קוק.

ווי א הייליקער און פּאַרכטיקער זאַקן, איז די גרויסע, ווײַסע שטרעקע, נאָר ווי ס'האָט טאָגן אַנגעהויבן, אופגעשטאנען. אופגעשטאנען, ריין געטויוולט זיך, אופגעגאנגען און ריין, הייליק און פּאַרכטיק צו דער פרימאָרגן־טפילע גרייט זיך: דאָס פּאָנעם צום מיזרעך אויסגעקערעווע מיט הארץ און מאכשאָוועס באם טאטן אין הימל.

שטיל און פארגאפט שטייט די גרויסע, ווײַסע און הייליק־שטרעקע מיט גרויסער עלטער־קדושע אפן פּאָנעם. מיט פּאַרכט און ווונדער אין די אויגן און מיט גרויסער אַהאָווע און שרעק פון אַהאָווע אין הארצן; שטייט אין בלויען הימל — אין קאָשערסטן טאליעס, אין טאליעס פון גאָלע טאכליעס איינגעהילט, שטייט מיט הארץ בא דער וועלט און מיט מאכשאָוועס בא דעם האר פון דער וועלט... שטייט, קוקט, זײַנע קניִעס ציטערן, זײַנע קניִעס בייגן זיך, ווילן פארן בוירע־אוילעם קניִען, ווילן פאר זײַן גרויסער, שיינער וועלט אנידערפאלן.

שטיל און פארגאפט אפן בארג שטיי איך, מיט מיר די גרויסע, ווײַסע שטרעקע, אף אונדזער קאָפּ דער גרויסער בלויער הימל און אין הימל — שטיל און רײַך דער מאָרגנשטערן.

און אָט האָבן זיך ווײַט־ווײַט דאָרט אין מיזרעך יונגע וואָלקנדלעך צוניפגעקליבן — ווײַסינקע, יונגינקע און ריינע־קאָשערע; זיך צוניפגעקליבן, דעם גאנצן מיזרעך באשטעלט, שטייען דאָרט און וואַרטן. ערד און הימל, בערג און ביימער, האָריזאָנט און מאָרגנשטערן אף די וואָלקנס קוקן, און ס'קוקט דער פרימאָרגן דאָ אף דעם טאָג ארויס, די וועלט — אף איר באשערטן און מיר — איך און ווײַסע שטרעקע אף דער שטילער, שטילער מיזרעך־כופּע...

און עס שטייט די יונגע און קאָשערע קאלע־וועלט — ערשט פון קאלע־טפילע אופגעגאנגען, אין פרישע כופּע־קליידער אָנגעטאָן, אונטער מיזרעך־כופּע שטייט און אף כופּע־וועקידושן וואַרט.

און עס רויטלט זיך דער מיזרעך, ס'הייבן זיך וואָלקנדלעך אָן מינען. ס'הייבן פארבן אָן צו שפּילן. דאָס איז יונגע, ריינע בושע־פארב אף פריש און קאָשער קאלע־לײַב.

און ס'שפּילט פארב מיט וואָלקן, זון מיט מיזרעך, זונען־שפּראָץ מיט הימל־בלוי — לאנג און שטיל, שטיל און דערהויבן, רײַך און רויִק און געטלעך־רויִק.

און אָט! אפן העכסטן בארג הייבן זיך די ערשטע זונען־שטראלן אָן צו באווײַזן — שטילער, שטילער! אָט קומט מען דאָרט! שטילער, שטילער: אָט גייט מען שוין. נעענטער גייט דער הייליקער זאַקן, די ווײַסע שטרעקע צו דער מיזרעך־כופּע צו, די אויגן צום האָריזאָנט הייבט אוף און שטיל און הייליק איז מעקאבל־פּאָנעם דאָרט.

שטיל און רויִק איבערן קאָפּ די בלויע הימל־כופּע הענגט און שטיל און דערהויבן פארבן אין וואָלקנס שפּילן. שיין און יונג אין דער זײַט באם מיזרעך־האָריזאָנט שטייט די קאלע־וועלט און יונג און צניִעסדיק און שעמעוודיק פון אונטער דעם דעקטוך קוקט ארויס.

און צוגערוקט האָבן זיך צום מיזרעך די האָריזאָנטן, בערג איבער בערג האָבן די קעפּ איבערגעבויגן, בוים איבער בוים האָבן זיך אף די שפּיץ פינגער געשטעלט, אלע האָבן די העלדזער אויסגעצויגן און אָן אָטעם, מיט אָפענע מויל און אויערן הערן זיך צום מיזרעך איַין... שטיל... שטיל... דער הייליקער זאַקן, די גרויסע, ווײַסע שטרעקע, איז שטיל און הייליק דער וועלטס קדושן איצט מעסאדער...

שטיל און הייליק... שטיל און הייליק...

אפן האָריזאָנט, ווי א גרויסע, טײַערע און גאָלדענע רינג, איז שטיל די זון אופגעגאנגען און פאר דער וועלט זיך באוויזן... דאָס האָט דער האר פון דער וועלט זײַן קאלע־וועלט דאָס רײַכע און גאָלדענע קדושן־רינג אָנגעטאָן.

מײַן גאָט! און אלע פרײַלינג איז אזוי? און איך האָב נישט געוווּסט.

וויי מיר, וויי מיר: איך האָב מײַן וועלט זיך דאָך פארשלאָפן...

און צו מײַן ווײַטער, ווײַטער קינדער־יוגנט איצטער בענקט זיך מיר. אך, ווי, אך, ווי בענקט זיך מיר! „שיר — דאָס געזאנג, האשירים — איז שענער און בעסער פון אלע געזאנגען"...

# III

ס׳איז פאַרנאַכט. די זון איז שוין פאַרגאַנגען. און עס רוט די וועלט פון טאָג אָפּ. די נאַכט איז אין די גערטענער אַרײַנגעגאַנגען, פּאַמעלעך אונטער דיביימער זיך אַראָפּגעלאָזט, זיך אַנידערגעלייגט און זיך אויסגעצויגן. זי האָט דאָס האַרץ צעכראַסטעט, מיט די אויגן געשלאָסן און מיד און דאָרשטיק דאָס מויל געעפנט: אַף אַ ווינטעלע וואַרט, נאָך אַ טײַנעג-ווינטל גאַרט.

און אין גאַס, דאָרט באַ די פּאַרקנס, אונטער די ביימער דאָרט, פּאָרלעך גייען, האַנט אין האַנט, גוף צו גוף צוגעדריקט, קאָפּ צו קאָפּ געבויגן, קוקן זיך אין די אויגן אַרײַן, שטעלן זיך, דריקן די הענט און שמייכלען שטיל און שמייכלען.

שטילע, פאַרשפּעטיקטע פייגל-מאַכנעס קערן זיך פון פעלד איצט אום, פליִען שטיל די גערטנער איבער, פליִען דורך און צום טײַך צעלאָזן זיך.

שטיל און איינס נאָכן אַנדערן באַווײַזן זיך שטערן אין הימל, שטיל און איינס נאָכן אַנדערן גייען פייגל אין די נעסטן אַרײַן. פּאָרלעך אין דער פינצטער, שוין פּאָנעם צו פּאָנעם שטייען און האַרץ צו האַרץ געדריקט... מע האַלדזט זיך דאָרט און שטיל און לאַנג דאָרט קושט מען זיך.

איינער אַליין נאָר איך באַ מײַן פענצטער זיץ. איינער אַליין איז אויך אַף אַ הויכן טאָפּאָל אַ פויגל געבליבן.

און הויך אַפן סאַמע שפּיץ פון בוים שטייט דער פויגל. שטייט אומעטיק און עלנט אין דער ווײַטקײַט אַרײַן קוקט, עלנט אין פאַרזאָרגט, די נאַכט באַטראַכט, קוקט זיך אין איר אײַן, פאַרגעסט זיך, און קיקט און קוקט.

פויגל האַרציקער, פויגל עלנטער! וואָס זשע גייסטו נישט אין דײַן נעסט אַרײַן? צי דען וואַרט דאָרט נישט דײַן פּאָר אַף דיר? צי עפּשער עלנט איז דײַן נעסט? צי האָט דיך עפּשער גאָר דײַן פּאָר פאַרלאָזט און ערגעץ אַנדערש-ווו פאַרבלאָנדזשעט?

פויגל האַרציקער, פויגל טײַערער! וואָס זשע שטייסטו אַזוי? וואָס זשע קוקסטו אַזוי?

פיל מיך, פייגעלע!
פיל מיך, האַרציקס!
כ׳בין אויך אַן עלנטער,
כ׳בין אויך אַן איינציקער.

עס איז מײַן האַרציקע,
עס איז מײַן איינציקע
איצטער ווײַט פון מיר,
אוי, ווי ווײַט פון מיר...

און ווער ווייסט זי דאָרט
אין איר האַרץ באַ איר,
צי נאָך געדענקט זי מיך,
צי שוין פאַרגעסן גאָר?

און ווער ווייסט זי דאָרט
אין איר האַרץ באַ איר —
זי איז דאָך ווייט פון מיר,
אוי, ווי ווײַט פון מיר!

צי ליבט נישט דאָרט,
צי ליבט נישט איצט
גאָר אַן אַנדערן,
גאָר אַ פרעמדן דאָרט?

און פאַרנאַכט אַצינד
אין אַ גאָרטן דאָרט
יענעם האַלדזט זי דאָרט,
יענעם קושט זי איצט.

ווער זשע ווייסט זי דאָרט
אין איר האַרץ באַ איר,
ס׳איז דאָך פרילינג איצט,
ווען די יוגנט שפּילט...

פיל מיך, פייגעלע,
פיל מיך, האַרציקעס!
כ׳בין אויך אַן עלנטער,
כ׳בין אויך אַן איינציקער.

נאָר גלייב מיר, פייגעלע,
גלייב מיר, האַרציקעס:
גאָט אין הימל דאָרט —
ער פאַרלאָזט אונדז נישט...

קום, מײַן פרײַנטעלע!
קום אין פעלד ארײַן,
קום אין פעלד ארײַן,
אהין אף נאכטלעגער.

מיר וועלן אופשטיין פרי
און זיך ארומקוקן,
וואָס עס שפּראָצט שוין דאָרט
און וואָס עס בליט שוין ז׳אָרט.

ס׳דערוועקט זיך צאָפן-ווינט,
ס׳קומט אָן דאָרעם-ווינט

און ברענגט אונדז שמעקעכצן
פון ווײַטע ווײַנגערטנער.

און ביז דער טאָג פארגייט,
און ביז די נאכט קומט צו
דעם גרויסן פרילינג-טאָג,
דעם שיינעם פרילינג-טאָג.

לאָמיר, פרײַנטעלע, געגליכן זײַן
צו די הירשן גלײַך און צו די אינדן גלײַך
אף די הויכע, הויכע כארמאָן-בערג,
אף די ווײַטע-ווײַטע לעוואָנען-בערג...

און צו מײַן ווײַטער-ווײַטער קינדער-יוגנט איצט ווילט זיך מיר: אך, ווי, אך, ווי ווילט זיך מיר: „שיר — דאָס געזאנג, האשירים — איז שענער און בעסער פון אלע געזאנגען"...

# IV

פארנע איז געווען באטאָג, פארנאכט איז א זומער-רעגן אָפּגעגאנגען, און שפּעט אין אָוונט איז אצינד.

שטיל און ליידיק שטייען די גאסן אצינד און רויִק, אפן הימל איצט ווייכע, ווארעמע און פולע כמארעס ליגן. שטיל און ליידיק שטייט די גאס, פרישׁ און שמעקנדיק איז די לופט, שטיל און רויִק אין די גערטנער, און אין דער פינצטער פינצטער ביימער שמעקן. עס פילט זיך, ווי שטיל אין דער פינצטער איצט, ערד און גערטנער וואקסן, גראָזן, גרעזלעך שפּראָצן, בלומען עפענען זיך און ביימער בליִען.

עס פארגייט די וועלט אין טראָגן איצט.

און ס׳ליגט די יונגע פּאָר — די יונגע, פרישע ערד אין די ליבע הימל-אָרעמס — הארץ צו הארץ געטוליעט, די אויגן צוגעמאכט, האנט אף קאָפּ און האנט אף באק ארופגע-לייגט — שטיל, שטיל גלעטן זיך, טײַבלש-קאָשער האלדזן זיך און שטעלן זיך קינד אין וויגל, הארץ און פרילינג-פּאָר.

און ס׳ליגט די יונגע פּאָר — פרישׁ איז זייער בעט-געבעט, פרישׁ און שמעקנדיק איז דאָס בעטגעוואנט — גאָטס געבענטשעטע ליבן זיך, וועלט-באשערטע האלדזן זיך, „טאטע-מאמע" דאכט זיך זיי, קינד אין וויגל קווילט צו זיי...

און שטיל איז איצט די לופט, שטיל איז אין גערטנער, און ווייכע, פולע ליגן כמארעס, מיד און רויִק שלאָפט די שטאָט, און שטיל און רויִק איז ארום איר.

און אין ווײַטער, ווײַטער שטילקײַט, ערגעץ ווײַט דאָרט און אין אן עק, אין א פינצ-טער גויִיש געסל, אין א גאָרטן דאָרט, זינגט א קאָל איצט דאָרט אין דער נאכט ארײַן.

ס׳איז א מיידלש קאָל, זי זינגט א יוגנט-ליד, זינגט א פרילינג-ליד אין דער גרויסער שטילער נאכט ארײַן.

און עס הערט זיך אין דער ליד, און עס קלאָגט זיך דאָרט די ליד, פאר נאכט און וועלט הויך קלאָגט זי זיך, פאר גאָט און ווײַטקײַט בעט זי זיך, און ערד און הימל הערן זי, און הארץ און פרילינג פילן זי — איר ביטער הארץ, איר צאר און קלאָג, איר וועלט-געשריי, איר טיפן ווײ און טרויער.

און עס הערט זיך אין דער ליד, און עס קלאָגט זיך דאָרט די ליד, פאַר נאַכט און וועלט קלאָגט זי זיך, פאַר גאָט און ווײַטקײַט בעט זי זיך:

— וווהין קומט הארץ און ליד אהין?
וווהין גייט פרילינג, טאָג אריבער?
פארוואָס שטארבט הארץ און פרילינג אָפּ?
פארוואָס גייען זון און יוגנט אונטער?

און עס פרעגט די ליד בא נאכט און וועלט:

ווו איז מײַן שוועסטערס ליבע־ליד?
ווו איז מײַן שוועסטערס פרילינג־ליד?
און פון אלע, אלע וועלטן — ווו?
און פון אלע, אלע ברוים — ווו?

און עס וויינט די ליד פאר גאָט און ווײַטקײַט:

ווו איז מײַן מאמעס ליבע־ליד?
ווו איז מײַן מאמעס פרילינג־ליד?
און פון אלע, אלע צײַטן — ווו?
און פון אלע, אלע דוירעס — ווו?

עס קלאָגט די ליד:

הארץ און יוגנט זינגען מיך,
נאכט און פרילינג הערן מיך,
פון אייביק, אייביק זינגט מען מיך,
שוין וועלטן — דוירעס קענען מיך —
און ס׳גייט דאָר נאָך דאָר אוועק,
און הארץ נאָך הארץ שטארבט אָפּ,
ס׳שטארבט הארץ און יוגנט אָפּ,
ס׳וועפּט הארץ און פרילינג אויס...

און עס הערט זיך אין דער ליד, און עס פילט זיך אין דער ליד אף אלע דוירעס וועלט־געשריי, אף אלע לעבנס ראכמים־קלאָג, אף גאָט אליין א טפילע־ליד.

און עס בעט צו גאָט די ליד, עס בעט פאר גאָט אליין די ליד, אף זײַן גרויסער וועלט־זינד בעט, זי בעט בא אים פאר אים אליין...

און ערד און הימל הערן זי, ווי נאכט און ווײַטקײַט קלאָגט מיט איר, ווי וועלט און שטילקײַט בעט מיט איר — אף וועלט און הארץ און גאָט אין הימל.

דאָס איז א מיידלש קאָל, זי זינגט א יוגנט־ליד, זי זינגט א פרילינג־ליד אין דער גרויסער, שטילער נאכט ארײַן:

נאכט, מײַן הארציקע, ליד מיינע, טײַערע!
בעטסטו אף אלע יוגנט־לידער,
בעטסט אף אלע פרילינג־הערצער, —
בעט זשע מײַן יוגנט אויך,
בעט זשע אף מײַן פרילינג אויך...
נאכט מײַן הארציקע, ליד מײַנע, טײַערע!

**זאָג אַזוי, אַזוי מיט מיר: „עד שיפוח היום" — איידער ס׳גייט די נאַכט אַוועק, איידער ס׳קומט דער טאָג נאָך אַז, „אלך לי אל הר המור" — וועל אַוועקגיין מיר צום באַרג פון מור און צום בערגעלע פון לעווּאָנע.**

**נאַכט מײַן האַרציקע, ליד מײַנע, טײַערע!**

**בעט אַזוי, אַזוי מיט מיר: „שובי שובי השולמית" — קער זיך אום צו מיר, מײַן טײַערע, „שובי שובי ונחזה כך" — קער זיך אום, כאָטש נאָר דיך זען, וואָרעם — צו מײַן ווײַטער־ווײַטער קינדער־יוגנט בענקט זיך מיר. אַך, ווי, אַך, ווי בענקט זיך מיר: „שיר — דאָס געזאַנג, האשירים — איז שענער און בעסער פון אַלע געזאַנגען".**

---

דעם ניסטערס „פּרילינג" איז ניט אײַנגעשלאָסן אין קיין שום זאַמלונג פון זײַנע ווערק, און דערמיט איז די פּובליקאַציע אינטערעסאַנט ניט בלויז פאַרן לייענער, נאָר אויך פאַר די פאָרשער פון זײַן שאַפונג. אָבער אין דער זעלבער צײַט, דאָס הייסט אין סאָף 1909 — אָנהייב 1910, איז פאָרגעקומען נאָך איין שעפערישע באַגעגעניש פון דער „קיִעווער גרופּע". עס גייט אַ רייד וועגן דער צײַטונג „קיִעווער וואָרט". אויב וועגן דעם „אידישן אַלמאַנאַך" זײַנען פאַראַן אייניקע דערמאָנונגען, ביפראַט בײַ נאַכמען מײַזילן, איז „קיִעווער וואָרט" ביכלאַל פון אַלעמען פאַרגעסן געוואָרן.

דער ערשטער נומער פון אָט דער צײַטונג איז דערשינען דעם 1 (14) יאַנוואַר 1910. אינעם לייטאַרטיקל צום נומער האָט די רעדאַקציע אָנגעוויזן, אַז „אין „קיִעווער וואָרט" וועלן ברייט און אַלזײַטיק באַהאַנדלט ווערן אַלע וויכטיקע פראַגן פונעם ייִדישן לעבן, אַלע פראַגן, וועלכע זײַנען נעגייע דער קעהילע, הען ווי זי איז איצט, הען ווי זי דאַרף זײַן... די רעכטלעכע און עקאָנאָמישע לאַגע פון די ייִדישע פאָלקסמאַסן, די ייִדישע עמיגראַציע, די אַנטוויקלונג פון דער ייִדישער קולטור, — די אַלע פראַגן וועלן ערנסט באַהאַנדלט ווערן אויף די זײַטלעך פון דער צײַטונג", און — „די שפּראַך פונעם „קיִעווער וואָרט" וועט זײַן אַ לײַכטע, אַ פּאָשעטע, קעדיי דער ייִדישער לעזער פון אַנדערע קאַנטן זאָל זי קענען גוט פאַרשטיין"

די צײַטונג האָט זיך באַוואָרנט מיטן אָנטייל אין איר פון די בעסטע ליטעראַרישע קויכעס אין יענער צײַט, און זי גיט אַ לאַנג צעטל פון די שרײַבער און פּובליציסטן, וועלכע האָבן געגעבן די האַסקאָמע מיטצואַרבעטן:

ד. איינהאָרן, מ׳ אַלגין, מ. אַנין, ז. אַנויכי, מ. באַזין, א. באָריסאָוו, באַל־דימיען, ד. בערגעלסאָן, בערטאָלדי, ש. גאָרעליק, י. גיסער, מ. גראָסמאַן, ש. דאָבין, י. דאָברושין, ד. דאַווידאָוויטש, י. דאַניִעלי, פּ. הירשביין, י. וואַרשאַווסקי, א. ווײַטער, מ. ווײַסענבערג, ש. ווייצמאַן, ש. זעצער, א. כאַראַש, ד. טשאַרני, טשעמערינסקי (ר׳ מאָרדכעלע), א. יודיצקי, מ. קאַץ, א. ליטוואַק, ליפּמאַן־לעווין, יאַקאָוו לעשטשינסקי, א. מײַזעלס, מענדעלע מויכער־ספאָרים (ש. אַבראַמאָוויטש), נ. מירקין, י. נאָוואַקאָווסקי, ש. ניגער, ניצוץ, ניסטער, א. סאָקאָלאָווסקי, א. סלוצקי, ב. סלוצקי (ד. בער), ד. פרישמאַן, י.־ל. פּערעץ, מ. קונין, י. ראָזענפעלד, מ. רויטבערג, א. רייזען, שאָלעם־אַליינכעם און פיל אַנד.

פאַרשטייט זיך, אַז, אָנשפּאַרונדיק זיך אויף אַזאַ היפּשער ליטעראַרישער פּלעיאַדע, האָט די צײַטונג געהאַט מיט וועמען „גיין צום טיש", ביפראַט נאָך, וואָס אירע שטענדיקע מיטאַרבעטער זײַנען געווען מ. ליטוואַקאָוו, בען־אַדיר, יוסף לעשטשינסקי, נ.־מ. סירקין.

דער סטאַרט פונעם „קיִעווער וואָרט" איז געווען אַ טשיקאַווער — אין ערשטן נומער האָט די צײַטונג אָפּגעדרוקט שאָלעם־אַליינכעמס פעליעטאָן „ניטאָ ווער ס׳זאָל לאַכן" (זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 5, 1991, און אין דריטן נומער, וועלכער איז דערשינען דעם 4־טן (17־טן) יאַנוואַר, האָט זי פאַרעפנטלעכט דאָוויד בערגעלסאָנס דערציילונג „אַפּן בעסוילעם".

# אפן בעסוילעם

געווידמעט ס.

## I

פארנאכט האָט זיך מיט שטארקײַט אָנגענומען דאָס קילע בײַנהאַשמאָשעסדיק ווינטל און מיטאמאָל א בלאָז געטאָן אהער, צום גרויסשטאָטישן בעסוילעם־צו. געוואָלט, אפּאָנעם, א שטאָט־נײַסל אהער פארטראָגן, נאָר דאָס נײַסל ערגעץ אפן וועג פארלאָרן און אָנגעקרמען צום הייליקן אָרט מיט זאָרג און טרויער, ווי אן אומגליקלעכער און בלאָנדזנדער פּוסטעפּאסניק.

אן אומעט איז פון אָט דעם ווינטל איבערן גאנצן בעסוילעם פאנאנדערגעשפּרייט געוואָרן; די גלײַכע טאָפּאָלן, וואָס צווישן שורעס קוואָרים, האָבן זיך אָנגעהויבן שאָקלען און פאמעלעך דאוונען צום גאָט פון טרויער, און די גרעזעלעך, וואָס אף דער ערד, האָבן מיט גרויס האכנאָע זייערע קעפּלעך אָנגעבויגן און זיך גענומען וויגן, וויגן.

די שטילע נאכט האָט זיך נעענטער אָנגערוקט.

קיין אומגליקלעכע נעשאָמע האָט דאָ שוין קיין קרעכץ נישט געטאָן, און געשימערט האָט שוין נישט קיין קאָפּנברעטל פון קיין מעס. נאָר דאָרט, אפן בענקל, וואָס לעבן טונקעלן הויכגעמויערטן פארקן, איז נאָך א שטארק בלאסער יונגערמאן לעבן א פארקלערט מיידל געזעסן און צום לעצטן מאָל בא איר שטיל געפרעגט:

— וועט זי אים, הייסט דאָס, קיינמאָל, קיינמאָל נישט ליב האָבן?

און דאָס פארקלערטע מיידל האָט נישט געענטפערט. זי איז נאָר פונעם בענקל אופגעשטאנען, געטאָן שטילערהייט א זיפץ און געזאָגט מיט א טרוקן און גלײַכגילטיק קאָל:

— קום...

ס'איז געוואָרן נאכט, און זי האָט מוירע געהאט דאָ צו בלײַבן.

## II

ערגעץ האָבן געקלונגען שווערע און אלטע שליסל.

דאָס האָט דער זאָקן — דער קוואָרעס־שוימער דעם אײַזערנעם בעסוילעם־טויער פרום פארשלאָסן און שטיל געשעפּטשעט זײַן אלטן נאכט־געבעט. ער האָט וועגן גאָרנישט ניט געקלערט און פארן בעסוילעם האָט ער שוין נישט מוירע געהאט, איז אים אף דער שלעפּריקער נעשאָמע מאָדנע פּוסט געווען, און געגענעצט האָט זיך אים מעשוגענערווײַז.

שטיל איז מיטאמאָל צווישן די קוואָרים געוואָרן; דאָס ווינטל איז פארשוווּנדן און קיין גרעזל האָט זיך שוין אין ערגעץ קיין ריר נישט געטאָן. נאָר דאָרט, צווישן די הויכע שפּיצן פון די גלײַכע טאָפּאָלן, האָט זיך א קײַלעכיקע לעוואָנע באוויזן, און פון א באגאָסענעם מיט איר געלער שײַן קייווער האָט זיך מיט א טויטער לאנגזאמקײַט א קאָפּ פון א געשטאָר-

בענעם אופגעהויבן. פּאמעלעך האָט דער קאָפּ זײַן אויסגעלאָשענעם און גלייַכגילטיקן בליק איבער די קוואַרים דורכגעפירט, זיך טרויעריק פארקלערט און גענומען ציִען מאָנאָטאָניש און אָן שום ניגן:

— אזוי לאנג בין איך שוין באגראָבן אין אָט דער פייַכטער און שווארצער ערד... מייַן גאנצן גוף האָבן שוין דורכגעגעסן פארבלאָזע און בלינדע ווערעם... און דער קאָפּ מייַנער איז נאָך גאנץ און נישט גערירט.

ער האָט געפּרוּווט וויינען, נישט געקענט און גלייַכגילטיק געענדיקט:

— צו וואָס, צו וואָס ניצט ער מיר, אָט דער גאנצער און ניט גערירטער קאָפּ?!

דעמלט האָט זיך שוין מער אייַנהאלטן נישט געקענט דער הינקעדיקער, וואָס איז די גאנצע צייַט אָן אָנגעשטרענגטער בא זיך אין קייווער געלעגן, און אָנגעקלאפּט אין ווענטל צום געסאמטן מעס, דעם שאָכן זייַנעם:

— געסאמטער, דו האָסט געהערט?

ער האָט געוואָלט זאָגן:

— אלע נאכט קלאָגט ער זיך, דער קאָפּ, אף דעם, וואָס ער האָט זיך שוין געקלאָגט נעכטן, ס׳איז שוין אזש נימעס צו הערן.

נאָר דער געסאמטער האָט זיך נישט אָפּגערופן. עטלעכע שאָ נאָכאנאנד איז איבער אים מאלעך דוימע אָן אָנגעבויגענער געשטאנען און גיך, ווי אָן אן אָטעם, געשריִען אין זייַן אויער דעם לעצטן שווערן גדאנק וועגן זייַן שיין און אויסגעלאסן ווייַב, איבער וועלכער ער, דער געסאמטער, איז פון דער וועלט געגאנגען:

— אָבער ווען זייַנען זיי, די קינדער, וואָס דו האָסט מיט איר געהאט? ווען? ווען? ווען?

און איצט איז ער געלעגן, ווי א גוילעם, אָן אויסגעמאטערטער און דערהארגעט־פאר־טראָגענער, גאָרנישט געהערט און נישט פארשטאנען, וואָס מ׳רעדט צו אים.

— ער איז א נאָר, — האָט דער הינקעדיקער וועגן דעם געסאמטן א טראכט געטאָן, — און דאָך איז אף אים א ראכמאָנעס.

ער האָט זייַנע ביינער פונעם קייווער ארויסגעשטעקט און זיך מיט די פוסטע שטערנ־לעכער ארומגעקוקט.

טויט איז דער בעסוילעם געווען, און א געשטאָרבענע לעוואָנע האָט פון צווישן די הויכע טאָפּאָלן אף די קוואַרים אראָפּגעקוקט, קיין פייגעלע האָט פון נעסט דאָס קעפּל נישט ארויסגעשטעקט. נאָר דאָרט, ארום דעם קאָפּס קייווער, זייַנען עטלעכע סקעלעטן אפן גראָז האלב־געלעגן, און דאָ, בא דער הויכגעמויערטער וואנט, וואָס אין שאָטן, איז דער ביינערדיקער באל־אווייִרעניק אף אלע פיר, ווי א זשאבע, ארומגעשפּרונגען און פון אלע זייַטן ארומגעשמעקט דאָס בענקל, אף וועלכן ס׳זייַנען פארנאכט דער בלאסער יונגערמאן מיטן פארקלערטן מיידל געזעסן.

— פע, באל־אווייִרעניק, — האָט צו אים דער הינקעדיקער א געשריי געטאָן. — ווי איז דיר קיין בּיזאָיען נישט? נאָכן טויט טוסטו עס?

נאָר דער באל־אווייִרעניק האָט אף זייַן לעבן פיל עקלדיקערס געטאָן און וויִאזוי מע שענט זיך, האָט ער שוין ניט געוווּסט.

— קום אהער, — האָט ער צום הינקעדיקן א ווונק געטאָן, — איך וועל דיר א שפּאָגל־נייַ נויעף־מייַסעלע דערציילן.

נאָר דער הינקעדיקער האָט נאָר מיט זייַנע שליסלביינער א הייב געטאָן, געגעבן א קלאפּ מיט די ביינערדיקע קינבאקן און געמיינט דערמיט אָן עקלדיקן שפּייַ טאָן.

אזוי נימעס איז ער אים שוין געווען, אָט דער ביינערדיקער באל־אווייִרעניק, וואָס האָט נאָכן טויט נאָך אלץ דאָס בענקל ארומגעשמעקט.

אף איינס אָן אויסגעדארט־ביינערדיק פיסל איז דער הינקעדיקער אוועקגעשפּרונגען אהין, צום קאָפּס קייווער־צו.

— עפּשער וועט דער קאָפּ פאָרט א נייַ וואָרט זאָגן, — האָט ער שפּרינגענדיק אהין געטראכט.

און די בלֿאסע און פאַרכאַלֿעמטע נאכט האָט זיך, ווי א שלֿאָף, איבערן בעסוילֿעם געצויגן, צווישן די מאַצייוועס האָט געגלאַנצט און שימערירט דאָס פרישע און פײַכטע גראָז. אף פֿיל קוואָרים זײַנען מייסים־סקעלעטן דאָ און דאָרט מיט אראָפּגעלֿאָזטע קעפּ געזעסן, באטראַכט זייערע ביינער און אף זיי עפּעס געזוכט... לֿינקס איז איינער אליין א מעס אין א הויכן גרינעם בוים אָנגעשפּאַרט געשטאַנען און מיט פֿאַרקלֿערטע שטערנלֿעכער ארוף צו דער לֿעוואָנע געקוקט.

— אזוי לֿאַנג האָב איך שוין די לֿעוואָנע נישט מעכאַדעש געווען, — האָט ער שטילֿ און טרויעריק געקלֿאָגט.

און דערפֿאַר, וואָס אין זײַן קאָלֿ איז עפּעס ווייִנענדיקס געווען, האָט זיך שוין געדוכט, אז מעכאַדעש זײַן די לֿעוואָנע איז אין עמעסן א גוטע זאַך און אז קעדײַ איז נאָך דעם צו בענקען.

א ביסלֿ ווײַטער איז א צווייטער מעס מיט אלֿע פֿיר אף א פּאַרוואַקסן בערגלֿ ארומגעקראָכן און עפּעס ערנסט געזוכט צווישן גראָז, ווו קיינער האָט קיינמאָלֿ גאָרנישט פֿאַרלֿאָרן. און איבערצײַגט איז ער געווען, אז ער געפֿינט גאָרנישט נאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט נישט איינגאַנצן נאָענט זײַנע שטערנלֿעכער צום גראָז צוגעבויגן. דערפֿאַר איז אים זוכן נישט נימעס געוואָרן, און גרייט איז ער געווען ארומקלֿעטערן איינעם מעשעך פֿון פֿילֿ, פֿילֿ אזעלֿכע טויטע בעסוילֿעם־נעכט.

אונטערן קאָפּס קיוווער איז אף איר מאַצייווע געזעסן זיצנדיק א ווײַבל, וועלֿכע איז איינעם מעשעך פֿון איר גאַנץ לֿעבן צוגעשמידט צו אן אווטאָמאַט געווען. פֿאַרקלֿערטערהײַט האָט זי מיט איר קאָפּ געשאָקלֿט און יעדער רעגע גרייט געווען זיך פֿאַרקרימען און אויסשיסן א יאָמערדיק געוויין, און קיינער פֿון די סקעלֿעטן, וועלֿכע זײַנען ארום דעם קאָפּס קיווער האַלֿב־געלֿעגן, האָט זיך אף איר ניט אומגעקוקט. אלֿע האָבן זיי, ווי פֿאַרקלֿערטע, געשוויגן און נאָך אלֿץ אפֿן קאָפּס פֿאַרקנייטשטן שטערן מיט דערעכערעץ ארוף געקוקט.

עמעצער האָט געוואָלֿט דעם קאָפּ א טעמע געבן און קלֿוימערשט צו זיך אליין מיט א זיפֿץ א שעפּטשע געטאָן:

— אָט זאָלֿ עמעצער זאָגן, צוליב וואָס זײַנען מיר, טויטע, טויט.

נאָר דער קאָפּ האָט זיך נישט הערנדיק געמאַכט און אָנגעהויבן אף זײַן מאָנאָטאָנישן און אויסגעצויגענעם שטייגער:

— טויטע, ווו זײַנען אײַערע שאָטנס?

די טויטע האָבן זיך ערנסט און דערשטוינט אדורכגעוווּנקען, דערפֿאַר וואָס דעם קאָפּס קאָלֿ איז ערנסט און טרויעריק געווען, און דער קאָפּ האָט זיך דערווײַלֿ איבערגענומען און זיך אליין אונטערגעכאַפּט:

— מע פֿאַרקלֿערט זיך איבער זײַנע רייד — איז א סימען, אז ער איז פֿאָרט א קאָפּ און באַמערקט דאָס, וואָס קיינער באַמערקט ניט.

נאָר דער הינקעדיקער איז מיט דעם אלֿעם שטאַרק אומצופֿרידן געווען און ברויגעזדיק זײַנע שליסלֿביינער אין דער הייך א הייב געטאָן:

— סאַרא קינדערשע קאַשעס פֿרעגט ער, דער קאָפּ?! און ווער ווייסט דען נישט, אז אונדזערע שאָטנס האָבן מיר דעם לֿעבן איבערגעלֿאָזט?

אינדערשטילֿ האָט איין מעס דעם צווייטן אײַנגערוימט:

— ער לֿעסטערט דעם קאָפּ, דער הינקעדיקער.

נאָר דער הינקעדיקער האָט זיך נישט ארומגעקוקט און ווײַטער מיט די קינבאַקן געקלאַפּט:

— איך אליין האָב אמאָלֿ אויך א שאָטן געהאַט, א מיִעסן, עקלֿדיקן שאָטן, האָט מיר אומעטום אף איין פֿיסלֿ נאָכגעהונקען, זיך מיר נאָכגעקרימט און אלֿץ ,נאָכגעטאָן... זייער גלײַך, וואָס אָט דער עקלֿדיקער און קרומער שאָטן איז געבליבן דאָרט, באַם לֿעבן.

און דאָס זיפצנדיק וויַבל, וואָס איז אונטערן קאָפּס קייוער אַף איר מאַציייווע געזעסן, האָט דערהערט דאָס וואָרט „לעבן", זיך שוין נישט געקאָנט איַינהאַלטן און זיך פאנאנדערגעכליפּעט אפן קאָל:

— אוי, אוי, אוי, זי האָט דאָך לעבעדיקערהייט אויך קיין שאָטן נישט געהאַט.

און אַלע זיַינען מיטאַמאָל שטיל געבליבן און זיך אין איר האַרצרײַסנדיקן געוויין איַינגעהערט.

נאָר דער ביינערדיקער באַל־אווייערניק איז מיט איר געוויין נישט גערירט געוואָרן און זיך אפילע אַף קיין רעגע נישט פאַרקלערט. ווי א זשאבע, איז ער צו איר צוגעשפּרונגען מיט איר רייצן:

— האָסט מיך נישט געוואָלט פאָלגן... א מיצווע!

---

מערקווירדיק איז דאָס, וואָס קיינער פון די ליטעראַטור־פאָרשער — אפילע נאכמען מיַיזיל, וועלכער האָט ניט איין מאָל געשריבן וועגן בערגעלסאָנס אָנהייב אין דער ליטעראַטור, און יעכעזקל דאָברושין, וועלכער איז געווען גאַנץ נאָענט מיטן שריַיבער אין קיִעווער פעריאָד און האָט אין 1947 ארויסגעגעבן אין „עמעס"־פאַרלאַג א מאָנאָגראַפיע (העכער 21 דרוקבויגנס) וועגן אים, האָבן די דערציילונג „אפן בעסוילעם" ניט דערמאָנט. ס'איז א סאָפעק, צי זיי האָבן געהאַלטן זי פאַר א שוואַכער און ניט געוואָלט אָנרירן דעם קאָוועד פונעם שריַיבער. אויך אין בערגעלסאָנס פאַרעפנטלעכטע נאָטיצן און בריוו איז „אפן בעסוילעם" ניט דערמאָנט געוואָרן און ס'איז בעפיירעש א שאָד, וויַיל לויט אירע קינסטלערישע מיַילעס פאַלט זי ניט ארויס פונעם אלגעמיינעם אנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דעם גרויסן קינסטלער. נאָך מער, מע קאָן ארויסזאָגן א האַשאָרע, אז „אפן בעסוילעם" איז געשריבן געוואָרן באַנאַנד מיטן ראָמאַן „נאָך אלעמען" און וואָלט געקאָנט זיַין אן עפּיזאָד פון אָט דעם ווערק. צי וואָלטן יענע צוויי — דער שטאַרק בלאַסער יונגערמאַן און דאָס פאַרקלערטע מיידל, וועלכע זיצן אַף א באַנק אפן בעסוילעם, און ער פרעגט בא איר שטיל צום לעצטן מאָל: „וועט זי אים, הייסט דאָס, קיינמאָל, קיינמאָל נישט ליב האָבן?", — ניט געקאָנט זיַין די העלדן פון „נאָך אלעמען" מירל און שמוליק? ביפּראַט נאָך, וואָס אין „נאָך אלעמען" ברענגט דער שריַיבער אן עפּיזאָד וועגן א טויטער שטאָט, „וואָס אין איר קומט קיינער נישט אריַין און פונוואַנען ס'גייט קיינער ניט ארויס". עפשער איז „אפן בעסוילעם" געווען צוערשט טאַקע א פראַגמענט פון „נאָך אלעמען", נאָר דער שריַיבער האָט אים ארויסגענומען פון דאָרט, וויַיל ער האָט אויסגעזען צו זיַין איבעריק אָדער אינגאַנצן ניט צוגעפּאַסט? אָבער ווען די רעדאַקציע פונעם „קיִעווער וואָרט" האָט זיך געווענדט צום שריַיבער, ער זאָל געבן עפּעס פאַר דער ציַיטונג, האָט ער זיך דערמאָנט אין דעם ארויסגעוואָרפענעם עפּיזאָד, און אויספּאָרמירט אים אין א זעלבשטענדיקער דערציילונג...

דאָס זיַינען, פאַרשטייט זיך, בלויז האַשאָרעס, נאָר ס'וועט קומען א ציַיט, ווען מע וועט צונויפזאמלען אלץ, וואָס בערגעלסאָן האָט אָנגעשריבן, און דאַן זאָל אויך די דערציילונג „אפן בעסוילעם" ניט פאַרגעסן ווערן...

און דאָ קומען מיר צום דריטן נאָמען, וועלכן מיר האָבן דערמאָנט אין אָנהייב פון אונדזער קאָמענטאַר — צו יעכעזקל דאָברושינען. צום „אידישן אלמאַנאַך", וואָס איז דערשינען אין קיִעוו אין סאָף 1909 — אָנהייב 1910, האָט ער פאַרשפּעטיקט. דערפאַר אָבער האָט ער אין נום. 10 פון דער ציַיטונג „קיִעווער וואָרט" פאַרן 12־טן יאַנוואַר 1910 פאַרעפנטלעכט זיַין הומאָרעסקע „א מעסירע". די דאָזיקע דערציילונג האָט י. דאָברושין נישט איַינגעשלאָסן ניט אין זיַין ערשטער זאמלונג „בענקענדע נעשאָמעס", וועלכע איז דערשינען אין ווילנע אין 1912, ניט אין אנדערע ביכער זיַינע. און זאָל די דאָזיקע פּובליקאַציע זיַין א שטיינדעלע אַף יעכעזקל דאָברושינס מאַציייווע — אַף דער מאַציייווע, וואָס איז ניט אופגעשטעלט, נאָר וואָס וואָלט געקאָנט שטיין ערגעץ צווישן טיפע שנייען אפן וויַיטן צאָפן, ווו עס ליגט זיַין געביין...

# א מעסירע

(הומאָרעסקע)

שלוימקע, רעב זיידלס בעניאָכיד, איז היינטיקס יאָר געשטאַנען צום פּריזיוו, און די מאַמע זיינע, לייע־בראָכע, האָט שוין פון ראַשעשאָנע אָן אָנגעהויבן טראָגן אירע עלטערע קליידער, אומגיין א פאַרזאָרגטע, און צי ס'פּאַסט, צי ס'פּאַסט ניט, ווינטשן זיך מיט א וויי־נענדיק קאָל, אז זי זאָל דערלעבן איר זון א באַפרייטן.

רעב זיידל, א נידעריק דאַר ייִדל, בעטעווע זייער א שטילער און א שעמעוודיקער, האָט אויך אָנגעהויבן מורמלען פאַר זיינע מעקוראָווים, אז ער האָט אָף זיך דאָס יאָר א פיין פּעקל.

— א זון צום פּריזיוו, — האָט ער זיך קימאַט ווי באַרימט, פילנדיק בעעצעם א גרויס־קייט, וואָס ער האָט אזא געפּערלעכן אייסעק, און באַלד נאָך א קליין שווייגן פלעגט ער צוגעבן: „ער וועט, אימירצעשעם, ארויס", און דערביי א מאַך טאָן מיט דער האַנט, ווי איי־נער וואָלט געבן פאַרשטיין, אז קלוימערשט ער ווייסט, וואָס ער האָט צו טאָן.

אין שול האָט רעב זיידל אָנגעהויבן רוקן זיך אויבנאָן, אין מיזרעך, צוהערן זיך צום שמועס וועגן פּריזיוו אינעם רעדל פון רעב באָרעך דעם פאַבריקאַנט, א ייִד א גוויר, וואָס האָט אויך געהאַט אן איינציקן זון א פּריזיוווניק און פלעגט דערפאַר דערציילן דעם אוילעם אזוי פאַרבייגייענדיק וועגן זיין באַקאַנטשאַפט מיט די גרויסע פּריצים.

— אָט האָט איר א קאָנקורענט, — מישט זיך אריין עמעצער פון דער זייט, ווייזנדיק מיט א שפּאַס אָף רעב זיידלען. „מיינער — גאָר א טויגעניכטס, א קאַליקע א ייִנגל" — איילט א זאָג טאָן רעב זיידל. „מיר וועלן זען", — איז אים מעוואַטל קאַלט דער גוויר, און רעב זיידל סטאַרעט זיך אראָפּגיין, ווי אים גיט זיך אויס, געלאַסן, רויִק, ניט אראָפּגעפאַלן בא זיך.

— צעווערטלט זיך היינט מיט רעב באָרעכן, — דערציילט ער אינדערהיים, — אָן אווירע, א צייט, אז מע קען זיך, מע דאַוונט אין איין שול, און איצט איז עפּעס מ'עס קוקן איינער דעם אַנדערן אין די אויגן. מיילע, וואָס טוט מען ניט צוליב קינדער, — גיט ער צו מיט א זיפץ.

— קינדער! דיר ליגן זיי שטאַרק אין זינען, — פאַלט אָף אים אָן לייע־בראָכע. — לייטן ווייסן שוין יעדעס פּיצעלע, מע זוכט די בעסטע להאַטעס, מע גראָבט זכוסים, און בא דיר וועט מען צונעמען דיין זון, און דו וועסט מוירע האָבן אויסריידן אן איבעריק וואָרט, דעם מויל עפענען.

רעב זיידל האָט אליין, נעבעך, מוידע געווען, אז ער וועט קיין וואָרט ניט אויסרעדן, ער איז געווען קלאָר אין זיין כיסאָרן: א גאַנץ לעבן האָט ער געליטן דערפון, וואָס ער איז צו שעמעוודיק, ער האָט אָבער גאָרנישט ניט געקאָנט בא זיך פויעלן. „דאַכט זיך, — האָט ער שטענדיק זיך געטראַכט, — א ייִד צו לייטן גלייך, מיט די זעלבע האשלוימעס, וואָס אַלע, מיט די זעלבע קענטענישן און וואָלט עפּשער גאָר קיין נארישקייטן ניט גערעדט, — און דאָך, ווי ס'קומט צו זאָגן א שטאַרק וואָרט, אן אייגן שטיקל דייע, ווער רעדט נאָך אין קאָהאָל אָדער אזוי פאַר א שיינעם מענטשן, פאַלט מיר אריין דאָס בלוט אין פּאָנעם, און איך קען מיטן צונג ניט א קער טאָן. ס'איז אזא־אָ געבורטשאַפט, — האָט ער זיך אליין פאַר־ענטפערט. און דערפאַר האָט ער פאַרשוויגן איצט לייע־בראָכען אָף איר מיימער. דערצו האָט

רעב זיידל טאַקע ניט געוווּסט, ווי הייבט מען אָן אַרבעטן אין אַ פּריזיוו. ער האָט זיך געפילט גאָר פרעמד אינעם איניען.

„ס'איז דאָ אַ סייכל, ווי אין אַלע זאַכן", — האָט ער געזאָגט פאַר אַלעמען. אין האַרצן אָבער האָט ער געמוזט מודיע זײַן, אַז ער ווייסט ניט אַפילע דעם טײַטש פון די ווערטער „טשערטאַ", „זשערעב" — די גאַנצע פּריזיוו־איוורע, וואָס איז געווען בא אַלעמען אַף דער צונג, איז פאַר אים געווען פרעמד, אומבאַקאַנט.

— אַזאַ גוילעם, ווי דו, קאָן אָפּגעבן מיט ביידע הענט אַ קינד אין גויִישע הענט, — האָט אים שוין געשאָלטן לייע־בראָכע, און רעב זיידל האָט געמוזט ווײַזן, אַז ער טוט אויך עפּעס, געדרייט זיך גאַנצע טעג אין פּריסוטסטווענע ערטער, געלייענט לאַנגע ניט נייטיקע ספּיסקעס, געדולט זיך די, וואָס האָבן אַ שײַכעס צום פּריזיוו, און געפּרווט אויך אַמאָל זיך ארײַנמישן מיט אַ וואָרט, אַן אייצע, אָבער מע פלעגט אים באַלד מודיִע זײַן, ווײַל זײַנער, זאָגן זיי, איז אַן עמעסער קראַנקער, וועט מיסטאַמע האָבן אַ „פּריִומנעניִע" אָדער „וואָספּיטאַניִע", און רעב זיידל האָט ניט געוווּסט אַפילע די נאַפּקעמינע פון די צוויי זאַכן — געשוויגן און געשעמט זיך פרעגן.

דערפאַר האָט לייע־בראָכע געקערט מײַסים. פינף מאָל אַ טאָג איז זי אומגעגאַנגען אין מאַרק און איז געקומען יעדעס מאָל מיט אַנדערע נײַס. אַמאָל האָט זי דערציילט אַ פריילעכן סאָד, וואָס זי האָט געהערט פונעם איספּראַווניקס דינסט, אַז די „פּריצים" האָבן זיך געגעבן אַ וואָרט הײַנטיקס יאָר נעמען נאָר נעגידים, — „זאָל ער וואַרטן, רעב באָרעך דײַנער, — האָט זי אופגעוואָרפן רעב זיידלען, — און דו אַליין, — פאַלט זי אַף אים אָן, — האָסט אוודע שוין געטײַנעט, אַז דו ביסט דער נאָגיד, אַז דו וועסט געבן געלט, באַלדאַרשן מײַנער?" אַמאָל, פאַרקערט, פלעגט זי ברענגען אַן אומעטיקע בסורע, אַז ס'איז פאַראַן אַ פּאַפּיר, מע זאָל ניט בראַקעווען, מע זאָל נעמען יִידן וויפל ס'איז פאַראַן. „נישקאָשע, — פלעג זי שטורמעווען, — ער, דער גוויר, וועט זיך אָפּקויפן, און דו וועסט אָפּשווײַגן דײַן כיילעק!"

זיידל האָט טאַקע געשוויגן, איר קיין וואָרט ניט געזאָגט, און לייע־בראָכע פלעגט אויסלאָזן דעם קאַס צו שאָלעמקען, צום פּריזיוּוניק. יעדער מינוט האָט זי אים געמאַטערט מיט נײַע סגולעס, ווי צו ווערן מאָגער, ווי צו אַראָפּכאַפּן די מאָס. אַ טאָג האָט זי אים געגעבן נאָר טיי, דעם צווייטן, פאַרקערט, געשטאָפּט נאָר מיט געזאַלצנס. נעכט האָט זי אים ניט געלאָזט שלאָפן, טעג ניט געגעבן עסן, געשריִען בא יעדער ביסן, אַז ער וויל זי הארגענען, אַז ער וועט בא איר אַלציינס אַ לעבעדיקער ניט דינען. און דער דאַרער קראַנקער שאָלעמקע איז אומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן, קוים געאָטעמט און געוואַרט, נעבעך, מיט אומגעדולד אַפן טאָג פון פּריזיוו.

גאַנץ שטאָט איז יענעם טאָג געווען לעבן פּריסוטסטווע, טאַטעס, מאַמעס, קרויווים און אַזוי באַקאַנטע זײַנען גאַנצע שאָען געפּרוירן אַף דער גאַס, געטומלט זיך, געקריגט זיך, אין איין מינוט געמאַכט שאָלעם און ווידער געוואָרן סאָנים ביזן טויט, זיך מעפּילפּל געווען איניען פון להאָטעס און געלערנט דעם פּשאַט פון די פרישע נײַס, וואָס די אויסגעהערטע פּריזיוּוניקעס פלעגן איבערגעבן, אַרויסכאַפּנדיק זיך פון פּריסוטסטווע. דאָ אַף דער גאַס האָבן יִידן געמאַכט אייגענע האַשאָרעס, אייגענע פּלענער, געפירט אַליין אַ כעזשבן, וועמען מע דאַרף צונעמען, וועמען באַפרײַען — און דאָרט, אינווייניק, זײַנען געזעסן „זיי", די פּריצים, און האָבן קאַלטבלוטיק אַרויסגעטראָגן זייער פּסאַק, וואָס האָט אויסגעוויזן גאָר קאַפּויר פאַרן יִידישן אוילעם, זיי איבעראַשט און פאַנאַנדערגעטראָגן זיך איבער די הײַזער, געשאַפן ווו גרויסע סימכעס, ווו אַ טיפן צאַר און יִיעש.

רעב זיידל האָט זיך אויך אַרומגעדרייט אין קאָהאָל, אַ גאַנצן טאָג געטומלט זיך גלײַך מיט אַלעמען, עפּעס געזאָגט, געטאָן, געדולט זיך, זעלטן נאָר פלעג ער ארײַנכאַפּן זיך אַף אַ ווײַלע אין שטוב, ווו לייע־בראָכע האָט זיך שוין אויסגעשלאָגן פון די קויכעס און איז געזעסן אין בעט, אונטערגעשפּאַרט פון אַלע זײַטן מיט קישנס, און האָט שטיל קראַנקערהייט געקלאָגט זיך אַף איר מאַראָכע. זיידל האָט פאַר איר געוויזן מוט, געבראַכט איר יעדעס מאָל גוטע בסורעס, געפרעגט קלוימערשט איר אייצע און געײַלט אָוועקגיין צוריק, ווידער אַהין, ווו ס'וואָרט, זאָגט ער, אַף אים אַרבעט, ווו ער מוז זײַן.

ערשט צו פּאַרנאַכט איז קלֿאָר געוואָרן, אַז די לֿאַגע איז גאָר שלֿעכט — מע האָט דער־קלֿערט, אַז מע וועט נעמען אויך ערשטע לֿהאַטע, און צום פּריסטאָטסטווע איז געקומען אַליין רעב באַרעך מיט זײַן זון דעם בעניאַכיד, ווע‌לֿכן מע האָט געדאַרפט אַרומקוקן פּונקט פֿאַר שאַלֿעמקען.

באַ זיידלֿען אין שטוב איז געווען אַ כורבן. לֿייע־בראָכע איז שוין פֿון דער נײַס עט־לֿעכע מאָלֿ געפֿאַלן כאַלאַשעס. אין שטוב איז געווען ענג פֿון די געקומענע קרויוועס און שכיינעס, און אַלֿע האָבן אין איין קאָלֿ געוואָרפֿן זיך אַף זיידלֿען, ער זאָלֿ עפּעס טאָן, ער זאָלֿ ראַטעווען דעם זון. „וואָס זאָלֿ איך טאָן?" — האָט ער נעבעך געמורמלֿט. „אוי, גאַז־לֿען! — האָט הייזעריק געטײַנעט די אָפּגעמינטערטע לֿייע־בראָכע. — אויב דו האָסט קיין סייכלֿ ניט צו רעדן, איז גיי כאָטש שרײַען!"

„מאַסערן דעם גווירס זון, — האָבן אַלֿע מאַסקים געווען, — מע דאַרף זאָגן דעם עמעס, אַז ער טרינקט שוין פֿון דרײַ כאַדאָשים עסיק! — האָבן געשטורעמט די ווײַבער. — אַדע־ראַבע, זאָלֿ רעב באַרעך ראַטעווען זײַן בעניאַכיד, נאָכדעם וועט ער שוין מאַצלֿ זײַן שאַ־לֿעמקען אויך".

אַ בלֿייכער, אַ פֿאַרציטערטער, איז רעב זיידלֿ געלֿאָפֿן צו דער פּריסטאָטסטווע. ער האָט זיך גאָרניט געקאָנט פֿאַרשטעלֿן די מוירעדיקע מײַסע, וואָס ער דאַרף באַלד אָפּטאָן, — מאַסערן רעב באַרעכן פֿאַר אַזויפֿילֿ פּריצים!.. דאָס בלֿוט האָט אין אים געגלֿיוועט פֿונעם געדאַנק. אָבער ער האָט געפֿילט, אַז קיין כאַראָטע איז איצט ניט שײַעך. פֿון הינטן האָבן אים, דוכט זיך, נאָכגעיאָגט לֿייע־בראָכעס געשרייען, קלֿאָלֿעס, דער גאַנצער טומלֿ, דער כורבן.

„איך קאָן ווײַזן, אַז איך מוז עפּעס טאָן", — האָט ער זיך טונקלֿ געטראַכט און מיט אַ מוירעדיקן אימפּעט, אויס מענטש, האָט ער זיך דורכגעשטופּט דורך דער טיר און איז אַרײַנ־געלֿאָפֿן גלֿײַך אין זאַל, ווו מע נעמט צו די פּריזיוונ‌יקעס. פֿינצטער איז אים געווען אין די אויגן. ער האָט גאָרנישט ניט געזען, גאָרנישט ניט געהערט. גלֿײַך האָט ער אָנגעוויזן אַפֿן ערשטן נאַקעטן פּריזיוונ‌יק, וואָס איז געשטאַנען קעגן אים, און האָט ניט מיט זײַן קאָלֿ אויסגעשרי‌ִען:

— ווין, גאָספּאָדאַ, אָזשע טרי מיסיאַצי פּיע אָוקסוס!..

— טאַטע, וואָס טוסטו? — האָט צו אים זיך אַ וואָרף געטאָן דער אויסגעדאַרטער שאַלֿעמקע, ווע‌לֿכן רעב זיידלֿ האָט פֿון אימפּעט ניט דערקענט אַ נאַקעטן.

אַ מאָמענט איז רעב זיידלֿ געשטאַנען ווי דערשטוינט, נאָכדעם איז ער אַ דערשראָקע־נער, אַ פֿאַרשעמטער שנעלֿ אַרויסגעלֿאָפֿן פֿון פּריסטאָטסטווע אונטערן גרויסן דויערנדיקן גע־לֿעכטער פֿון די פּריצים...

דעם צוגענומענעם שאַלֿעמקען האָט מען נאָך עטלֿעכע כאַדאָשים דינסט אומגעקערט פֿונעם פֿאַלק. די שטאָט אָבער און נאָך מער לֿייע־בראָכע האָבן בעשום־אויפֿן ניט געקאָנט מויכלֿ זײַן רעב זיידלֿען, וואָס האָט געמאַסערט זײַן אייגענעם בעניאַכיד.

פּובליקאַציע און קאָמענטאַרן — כ א ַ י ם ב ײ ד ע ר

# יתגדל ויתקדש

אזוי האָט פאַראָרדנט דאָס מאזל. אפאַנעם, ס'איז באשערט געווען, אז איך זאָל זײַן נאָענט באקאַנט מיט איינעם פון די אָנגעזעענסטע ייִדישע שרײַבער פון אונדזער צײַט — מיט נאָטע לוריען, ז"ל.

מער פון פופצן יאָר האָט געדויערט אונדזער פרײַנטשאפט. נאָטע לוריע איז ארײַן אין מײַן לעבן, אין דעם לעבן פון מײַן גאנצער מישפּאָכע, און איך מיט מײַניקע זײַנען, גלייב איך, ארײַן אין זײַן לעבן. יעדן כוידעש פלעגן מיר שרײַבן איינער דעם אנדערן בריוו. און יעדעס יאָר פלעג נאָטע, זײַענדיק אין מאָסקווע — א כוידעש אָדער צוויי, — קימאט יעדן טאָג זײַן בא אונדז אין שטוב. עטלעכע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו לעבן אינעם אָדעסער שעפערישן שרײַבער־הויז, בישכיינעס מיט לוריעס זומער־וווינונג. דעמלט פלעגן מיר שאָענלאנג שמועסן וועגן די פּראָבלעמען פון אונדזער ליטעראטור. אָפט פלעגט ער זיך אומקערן צו די ביטערע איבערלעבונגען, וועלכע זײַנען אויסגעפאלן אף זײַן גוירל, ווען ער האָט געשמאכט אין די שטראָף־לאגערן.

נאָטע האָט זייער ליב געהאט מוזיק, און מײַן טאָכטער, די קאָמפּאָזיטאָרן נ. קאָזלאָווסקאיא, פלעגט ספּעציעל פאר אים שפּילן, מײַן זון שלוימע (נאָטע פלעג אים רופן סלאָוויק), וועלכן כ'האָב אויסגעלערנט לייענען און שרײַבן אף ייִדיש, האָט צוזאמען מיט מיר געזונגען כאזאַנעס און ביכלאל לידער, וועלכע מע פלעג אמאָל זינגען אין די ייִדישע שטעטלעך. נאָטע האָט געהאט פון אָט די לידער און ניגונים גרויס האנאָע, און ס'איז געווען טשיקאווע צו הערן, ווי ער איז זיך מוידע, אז ער, א ראָווס א זון, איז ניט זויכע צו קענען די מאָטיוון און מעלאָדיעס.

איינמאָל, ווען ער איז געווען בא אונדז צוגאסט, האָבן מיר צוזאמען מיט מײַן זון געזונגען דאָס אלטע ייִדישע לידל „דער זיידע האלט זײַן איניקל א בלאסינקן אף זײַן שויס". עס ווערט דערציילט וועגן דעם, אז דעם איניקלס טאטע איז געפאלן אפן פראָנט. דער רעפרען איז אזא:

יתגדל זאָג, מײַן טײַער קינד.
יתגדל זאָג. וואָרט בא וואָרט.
ווײַל עס לעבט ניט מער דײַן טאטעניו,
געפאלן איז ער דאָרט.

ווען מיר האָבן פארענדיקט דאָס זינגען, איז געוואָרן זייער שטיל. נאָטע, וועלכער פלעגט שטענדיק, נאָך יעדער ליד קלאפּן מיט די הענט און שרײַען „בראוואָ! בראוואָ!", איז

---

[1] יתגדאל וועיִסקאדאש (די ערשטע ווערטער פון דער טפילע, וועלכע מע זאָגט נאָך עלטערן און אייגענע נאָך זייער טויט.

דאָס מאָל געזעסן אומבאַוועגלעך, איך האָב א קוק געטאָן אף אים און דערזען, ווי עס רינען פון זײַנע אויגן שווערע טרערן. די ליפּן בא אים האָבן געציטערט. מיר האָבן פאַרענדיקט אונדזער היימישן קאָנצערט, איך האָב אוועקגעפירט נאַטען אין מײַן ארבעט־צימער און געפּרוווט אים אריבערפירן אף אנדערע מאכשאָוועס, נאָר דאָס האָט זיך מיר ניט אײַנ־געגעבן.

— איר זײַט באקאנט מיט היינעס ליד „ווער ווירד נאָך מיר קאדיש זאגן?" — האָט ער שטילערהייט א פרעג געטאָן.

— ניין, כ'האָב זי קיינמאָל ניט געלייענט, — האָב איך געענטפערט.

— א שאָד, א גרויסער שאָד! היינע האָט פאַרן טויט „זיך דערמאָנט", אז ער איז א ייִד, און האָט אָנגעהויבן טאָן טשווע. אין דער אָנגערופענער ליד איז זיך היינע מוידע, אז ער איז „פון איין אופער וועק געגאנגען און צו דעם צווייטן ניט דערשוווּמען" און עס טוט אים זייער באנג, וואָס „נימאנד ווירד נאָך אים קאדיש ניכט זאָגן..."

אזוי האָט פאַרענדיקט זײַן דערציילונג נאַטע לוריע.

— איך בעט אײַך, — האָט ער זיך צוגעריירט צו מיר. — זאָגט מיר צו, אז נאָך מײַן טויט וועט איר כאַטש איין מאָל אריַין אין א שול און זאָגן נאָך מיר קאדיש...

צום באדויערן, האָב איך ביז הײַנט ניט אויסגעפילט זײַן באקאַשע, וועלכע ליגט אף מײַן געוויסן, ווי א ניט־אָפּגעגעבענער כעסעד שעל עמעס — ניט קיין אָפּגעצאָלטער לעצ־טער כויוו.

דערפאַר טו איך דאָס איצט. איך מיין, אז אויב עס וועלן דערזען די שײַן מײַנע אכט בריוו, וועלכע איך האָב אָנגעשריבן נאַטען מיט עטלעכע יאָר צוריק, וועט די רעדאקציע מיר העלפן אין א געוויסער מאָס אויספילן זײַן לעצטע באקאַשע. איינצײַטיק וועט דאָס זײַן א קדיש דרבנן (קאדיש דערראבאָנאָן) ניט נאָר נאָך לוריען, נאָר אויך נאָך די שרײַבער, וואָס זײַנען אוועק פון אונדז אין דער אייביקײַט.

יתגדל ויתקדש שמיהם.

גרויס און הייליק זאָלן פארהיט ווערן זייערע נעמען.

קרים, סאקי 12/7 1982

טײַערער נאַטע!

...„ויהי ערב, ויהי בקר יום ראשון"[1].

איך בין זיכער, אז אַט דעם פּאַסעק פון פאַרשע בערײשיס האָט איר ניט פאַרגעסן און איר ווייסט אוודע, אז פון די עטלעכע ווערטער האָט זיך אָנגעהויבן דער גאנצער יאַריד, דה. אונדזער קײַלעכיק קליין וועלטל, וואָס לעבט ביז הײַנט ,אפצולאָכעס אפילע דעם איי־בערשטן. וויפל מאָל האָט ער געפּרוווט אומברענגען די וועלט — פאַרגיסן זי מיט וואסער און פײַער, פאַרפלייצן זי מיט פּעך און מיט שוועבל. דרייט זי זיך — און לעבט. לעבט און ציילט אירע יאָרן פון דעם ערשטן טאָג, פון די ערשטע געטלעכע ווערטער — ויהי ערב, ויהי בקר יום ראשון".

ס'פרעגט זיך אָבער א קאַשע: פאַרוואָס האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן באנאכט, אינעם „ערעוו"? פאַרוואָס ניט פאַרקערט — „ויהי בקר, ויהי ערב?" עפּשער האָט זיך ארײַנגעכאַפּט א גרײַז, א מיספאַרשטייעניש בײַם דעם דרוקן דעם כומעש?

וואָס האָט ער דאָס געקאָנט אופטאָן, דער בוירע דער אונדזערער אין דער נאכט אָן פײַער, אָן א ליכט, אָן עלעקטריטשעסטווע, אָן א לעוואָנע אפילע און אָן העלפערס? דאָס אַלץ איז דאָך דעמלט ניט געווען.

איך מיין אָבער, אז קיין טאָעס איז אין דער טוירע ניטאָ, און אין אַט אזא מין סיידער פון די ווערטער איז ארײַנגעלייגט געוואָרן ניט קיין קליינע קאוואָנע. לויט מײַן מיינונג, באשטייט זי אין דעם:

1. ס'זײַנען פאראן אזעלכע מײַסים, וואָס טוען זיך אמבעסטן נאָר אין די נאכט־שאָען,

---

1. „וואיעהי ערעוו, וואיעהי בויקער יוים רישוין" — און ס'איז געווען אָוונט, און ס'איז געווען פרי־מאָרגן — ערשטער טאָג" (פון כומעש, פאַרשע בערײשיס).

דעמלט, ווען קיינער זעט זיי ניט, ווען קיינער שטערט ניט זיך פֿילן פֿרײַ — ליבן, כאַלעמען, פֿאַנטאַזירן און טראַכטן.

איר וועט מיסטאָמע מיט מיר מאַסקים זײַן, אַז ניט נאָר אין יענע אוראַלטע צײַטן, נאָר אַפֿילו אויך איצט זײַנען אָט די פֿיר אייגנשאַפֿטן עפּשער איינע פֿון די שענסטע מײַלעס, וועלכע טיילן אויס דעם מענטשן פֿון זײַן אַרום־וועלט און העלפֿן אים זי צו באַהערשן, מאַכן זי שענער און בעסער.

2. קעדיי אַ מענטש זאָל קאָנען אין דער פֿולער מאָס אָפּשאַצן, וואָס עס איז אַזוינס בויקער — טאָג, ליכט, שײַן, זון — דאַרף ער אָבער פֿריִער איבערלעבן די שוואַרצקײַט פֿונעם ערעוו. די פֿינצטערניש פֿון דער נאַכט. דערפֿאַר, ווײַזט זיך מיר אויס, איז טאַקע ריכטיק אָנגעשריבן געוואָרן וואַיעהי ערעוו, וואַיעהי בויקער.

צו די צוויי האַשאָרעס בין איך דערגאַנגען נאָרוואָס, — אויף דעם 7־טן טאָג פֿון מײַן אָפּרו אין דעם קוראָרט באַם שוואַרצן יאַם!

זעקס טעג איז דאָ געווען זייער קאַלט און אומעטיק, ס׳האָט גערעגנט, אַזוי ווי עס רעגנט אין האַרבסט — שטיל, מאָנאָטאָנע, נודנע, אָן אויפֿהער. דער הימל איז געווען פֿאַרצויגן מיט שווערע וואָלקנס, די לופֿט — אָנגעזאַפּט מיט פֿײַכטקײַט און מיט ביטערע טרערן, און דער שוואַרצער יאַם איז בעעמעס געוואָרן שוואַרץ, אַ צעפּלאָסטערטער, האָט ער זיך נאָר קאַלאָמוטנע געהוידעט, געקרעכצט, און פּאַשעט געוויינט.

איך ווייס ניט, צי וויסן דאָס די אָדעסער לײַט. אַפֿילו די שענסטע אַנשיי האַ׳יר (מענטשן פֿון דער שטאָט), וואָס ס׳באַטײַט, אַז דער שוואַרצער יאַם איז מאָלע (פֿול) מיט „מאָרעשכוירע”. מיר ווײַזט זיך אויס, אויב אַפֿילו ס׳טרעפֿט, אַז דער יאַם ווערט אַ ביסל לויאַלייכעמדיק אין אָדעס, באַמערקן עס ניט די דאָרטיקע אײַנוווינער. זיי זײַנען אַזוי פֿאַרנומען מיט אַנדערע זאַכן, אַז זיי זײַנען אים מויכל אַלע זײַנע פֿוילע שטיק.

אָבער פֿאַר די, וואָס טרוימען אַ גאַנץ יאָר זיך אַרויסכאַפּן פֿון זייערע אָניאַמיקע ערטער צום יאַם, צו זײַנע פּילפּאַרביקע, פֿילטײַמימדיקע וואַסערן, צו זײַנע לאַשטשענדיקע כוואַליעס, צו זײַן שמייכל, צו זײַן געלעכטער און אַפֿילו צו זײַן ברומענדיקן קאַס און רעציכע, — פֿאַר זיי, אַז דער יאַם פֿאַלט אַרײַן אין טרויער, איז דאָס אַ גרויסער אומגליק. זיי נעמען אויף דעם יאַמס ליידן ווי אַן אייגענע פֿאַרשלעפּטע קרענק, וואָס ציט זיך פּאַמעלעך, לאַנג און ס׳ווײַזט זיך אויס, אַז דאָס וועט זיך קיינמאָל ניט ענדיקן. עס עקלט ניט נאָר באַטאָג, אַפֿילו באַנאַכט, עס שלאָפֿט זיך און שלאָפֿט זיך ניט; עס טראַכט זיך זייער שווער און אַפֿילו די כאַלוימעס זײַנען שווערע און פֿול מיט פֿאַרשיידענע קאָשמאַרן.

נאָך דעם, ווי זעקס טעג האָט זיך געצויגן אָט די מאָרעשכוירע פּונעם יאַם, פּונעם פּליאַזש, פֿון דעם גאַנצן קוראָרט, נאָך דעם, ווי עס זײַנען אַדורך זעקס פֿײַנלעכע נעכט, אַז ס׳האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן דער לויטערער הימל, דאָס שמייכעלע פֿון דעם וואַסעראויבערפֿלאַך, האָב איך מאַמאָשעסדיק לײַבלעך דערשפּירט, וואָס הייסט „ויהי ערב, ויהי בקר”. איך האָב אויפֿגעעפֿנט די אויגן און באַלד אַרויסגעשריגן „יהי אור” (יעהי אויר) — זאָל זײַן ליכט! ליכטיק זאָל ווערן! פֿון דעם האַרצן איז אַראָפּגעפֿאַלן אַ שווערער שטיין, אין דער נעשאָמע האָט זיך אָפּסנײַ אויפֿגעוועקט די האָפֿענונג, דער אייביקער גלויבן, אַז נאָך דעם „יום האַרישוין” וועט קומען דער צווייטער, דער דריטער און נאָך אַ סאַך טעג פֿון אויפֿקום, פֿון פֿרייד און פֿון ליבע. טאַקע דערפֿאַר האָט זיך מיר פֿאַרגלוסט אײַך אָנשרײַבן אַ פּאָר ווערטער.

נאָר כ׳מוז זיך מוידע זײַן, אַז נאָר צוליב דעם וואָלט איך אויף געוויס זיך ניט צונויפֿגעקליבן אין כ׳וואָלט אָנגעהויבן אַוואַדע צוטראַכטן פֿאַרשיידענע סיבעס אויף אָפּצולייגן דאָס שרײַבן אויף מאָרגן, איבערמאָרגן אַאַוו.

ס׳האָט אָבער געטראָפֿן נאָך איין געשעעניש, וועלכע נויט מיך שרײַבן שוין איצט, ניט אָפּלייגן — אַנדערש וועט זײַן צו שפּעט!

אין אָט די מאָרעשכוירעדיקע טעג בין איך אַנדרעמלט געוואָרן און באַלד האָט זיך מיר באַוויזן אַ כאָלעם, אַ זייער קאָמפּליצירטער כאָלעם, אין וועלכן צווישן אַנדערע האָב איך געזען אײַך און עס האָט זיך אַזוי פֿאַרצויגן די כאָלעם־שפּיל, אַז ס׳איז מיר אויסגעקומען צו רעדן זייער אַ סאַך וועגן אײַך. ווי מיינט איר, מיט וועמען? עס וועט אײַך אַפֿילו ניט קומען אויפֿן געדאַנק! נאָר וועגן דעם אין קומענדיקן בריוו.

איצט מוז איך זיך איבעררײַסן. סלאַוויק רופֿט מיך צום יאַם — צום טײַערן לויטערן יאַם, וואָס איז הײַנט אַ מוטיקער, אַ קלינגעוודיקער.

זײַט געזונט און שטאַרק. אַ סאַך גריסן און בעסטע ווינטשן פֿון מיר און אויך פֿון

סלאוויקן פאר אײַער יעווע גריגאָריעוונען, נאטען, דאוויד און סאשען, פאר אלע, וואָס געדענקען מיך.

פון אירמע דרוקערן האָב איך באקומען א גרויסן בריוו, א גאנצע מעגילע, אין וועלכער ס'איז ניט געווען קיין איין וואָרט ענטפער אף מײַן בריוו. ער איז, א סוואָרע, זייער קראנק. דערפאר האָב איך באלד אים געענטפערט און זיך באמיט, אז דער ענטפער זאָל פאר אים זײַן אָנגענעם. נאָכאמאָל זײַט געזונט און שטארק.

איַיער משה בן שלמה.

דאָ אין סאקי וועלן מיר זײַן ביז דעם 27/7. אויב איר וועט אויסרעכענען, אז אײַער ענטפער וועט מיך דאָ שוין ניט טרעפן, טאָ שרײַבט בעסער אהיים אף דעם מאָסקווער אדרעס.

13/7 1982 קרים, סאקי

„...די בעסטע פון די צײַטן קומען אָן דאן, ווען ס'בלײַבן באם לעבן די מעכטיקע שאָטנס פון אונדזער פארגאנגענהײַט, ווען זיי גייען ארײַן צו אונדז אהיים פּאָשעט, ווי אלטע, גוטע באקאנטע, וואָס הערן ניט אוף צו שאפן אָט דאָ פאר אונדזערע אויגן, ווען ניט נאָר אונדז איז ווויל צו זײַן מיט זיי אײַנײנעם, נאָר ווען אויך זיי גופא פילן זיך גוט מיט אונדז צוזאמען". (ווסעוואָלאָד רעוויטש. „רעי ברעדבעריס ליבע און סינע".

פאָרוואָרט צו דער רוסישער איבערזעצונג פון רעי ברעדבעריס בוך „דער זיקאָרן פון דער מענטשהײַט". מאָסקווע, „קניגא", 1981.

טײַערער נאָטע!

אז עס יאָמערט דער יאם, אז ס'וויינט דער פליאוש און נודנע וואָיעט דער ווינט, בלײַבט ניט מער ווי צו זיצן אין דער פאלאטע, אָדער וואלגערן זיך אפן געלעגער און פרוון מיט עפּעס זיך פארנעמען — שרײַבן, לייענען, אָדער פּאָשעט טראכטן. ס'לייענט זיך אָבער ניט, עס שרײַבט זיך ניט און ס'טראכט זיך ניט. די געדאנקען דראָבלען זיך, בלאָנדזשען און שלעפּן זיך, ווי פוילע קליאטשעס. דעריבער טאקע גיסן זיך אָן מיט בלײַ די ווייעס און פון זיך אליין פארמאכן זיך די אויגן. א זיסע ווארעמקײַט צעגיסט זיך אין אלע אייוורים. אפן הארצן ווערט עפּעס אזוי גרינג, די אייוורים פארלירן זייער געוויכט, דעם גוף כאפּט ארום עפּעס אזא צארטקײַט... פונקט, ווי עס פלעגט זיך טרעפן אין דער ווײַט-ווײַטער קינדהײַט, ווען דו ליגסט אף דער מאמעס שויס, זי גלעט דאָס קעפּעלע און מורמלט דערבײַ איר טמימעסדיק לידעלע:

אונטער מוישעלעס וויגעלע
שטייט א גאָלדן ציגעלע...

אלץ דערווײַטערט זיך, פארשווינדט, און אָט דעם אויגנבליק כאפּן דיך אונטער מעכטיקע פליגל און טראָגן דיך אוועק ווײַט-ווײַט, העט אהין, ווו דו ביסט געווען אמאָל זייער גליקלעך — אין לאנד פון די בעסטע צײַטן, פון די וווּנדערבארע טרוימען און פון די ריינסטע געפילן...

פאר מיר איז אָט דאָס לאנד — די היים פון מײַנע קינדער-יאָרן, דאָס גרויסע דאָרף, ווו ס'האָבן געוווינט אמאָל מײַנע עלטערן, ווו עס האָבן אָפּגעלעבט זייער א סאך און לאנגע יאָרן מײַן זיידע און מײַן באָבע.

אין אָט דעם שיינעם לאנד זײַנען פאראן מײַנע בעסטע און געהיימניספולע ערטלעך: דער סאָד מיט די אָנגעלאָדענע מיט אויבסט פארשיידענע פרוכט-ביימער. די סאזשלקע און די אָוונט-קאָנצערטן פון זשאבעס, צוויטשערן און אנדערע היישעריקן. די

שטרויענע בויד, אין וועלכער ס'שמעקט שטענדיק מיט רייכעס פֿון דעם זיידנס פּעלצל, פֿון רײַפֿע עפּל און גנילושקעס־בארן, באדעקטע מיט פּארוויאנעטן היי. דער שטענדיק ברענענדיקער שײַטער, וואָס פֿלאקערט, טשאדעט, ברענט און ווערט קיינמאָל ניט פֿארלאָשן. און... פּארקישעפּטע, פּראכטפֿולע נעכט! נעכט, באדעקטע מיט א שווארץ־בלויען, סאמעטענעם הימל, און באלויכטענע מיט מיליאסן, מיליאסן זילבערנע און גאָלדענע שטערן.

יעדן אָוונט זיץ איך באם שײַטער, קוק אין זײַן פֿײַער און קאָן ניט באנעמען אָט די סוידעספֿולע ארבעט. כ'צייל די פֿלעמעלעך זײַנע און די גלײִענדיקע רובינען־קוילן. וואָס מער איך צייל, אלץ וויניקער טרעף איך די צאָל. אלעמאָל באווײַזן זיך נײַע פֿאסיקלעך, נײַע צינגעלעך, און אלץ מער גויטעסדיקע קוילן, וואָס טלײִען אין ראָזעווען אש, קוילן, וואָס זיפֿצן, וואָס שטארבן! קוילן...

איך טו מײַן ארבעט מיט גרויס האסמאָדע, איך באמי זיך מיט אלע מײַנע קינדערשע קויכעס ניט אנשלאָפֿן ווערן. איך האָב שוין לאנג באשלאָסן, קימאט א נײדער זיך געגעבן — דערווארטן זיך, אומבאדינגט דערווארטן זיך צום מאָמענט, ווען ס'קומט פֿאָר דער גרויסער מויפֿעס, ווען די נאכט ווערט פֿארביטן מיטן פֿרימאָרגן.

— אײַ, אײַ, אײַ! אך, ווי עס גלוסט זיך אָנכאפּן גאָט פֿאר דער באָרד און אים זאָגן: „בוירע! הײַנט האָב איך מיט מײַנע אייגן געזען, ווי דו טוסט אָפּ דײַן פֿארשײַטע קונץ און דעם פּאָקוס — פּאָקוס פֿון „ויהי ערב, ויהי בקר”. עס גיט זיך מיר אָבער ניט אײַן. און ווער אנשלאָפֿן. און אז איך כאפּ זיך אויף — אוי, פֿארשפּעטיקט! שוין לאנג טאָג!

פֿון יענע פֿארשלאָפֿענע נעכט זײַנען שוין אוועק א סאך צענדליקער יאָרן — די בעסטע יאָרן!.. פֿולע מיט קאמף, מיט מי, מיט ביטערע ווייטיקן און גרויזאמע פֿארלוסטן.

אָפּ די שלאכטפֿעלדער פֿונעם לעבנסוועג ליגן צעוואָרפֿן א סאך סקעלעטן פֿון ניט־פֿארווירקלעכטע טרוימען. זיי ווארטן אָפּ טכיאס־האמייסים! און טאקע אָט דער נעס דארף הײַנט זיך טרעפֿן.

עס איז ערעוו יאם־יאָמטעוו. עפּשער טאקע לעקאָוועד אים האָט אופגעהערט גיסן דער רעגן. ס'האָט זיך אויסגעלײַטערט דער הימל און עס איז געוואָרן שטיל אפֿן פּליאזש.

מײַנער אן אלטער באקאנטער פֿישער האָט מיך אײַנגעלאָדן צו אים צוגאסט — אי־בערנעכטיקן באם ברעג. ארום און ארום שטייען צעצויגענע נעצן, עס שמעקט מיט פֿיש, מיט קראבן און מיט יאם. ביידע ליגן מיר אונטער אן איבערגעקערטער ברייטער שאלאנדע און שמועסן. דאָס הייסט, רעדן רעדט נאָר ער. דער פֿישער דערציילט מיר וועגן פֿארשיי־דענע געשעענישן, וועלכע קומען פֿאָר אין אָט אזעלכע נעכט. אלע פֿינף־צען מינוט טוט ער זיך א קער צו מיר און פֿרעגט:

— היי דו, פֿילאָסאָף, שלאָף ניט! שטארק זיך! אָט שוין גיך דארף ער קומען!

— כ'שלאָף ניט! כאָלילע! איך בין וואך, גרייט צו טרעפֿן ווי עס באדארף צו זײַן דעם נעפּטון און זײַן גאנצע כעוורײַע!

— טאָ־טאָ אָנאָ־טאָ! ניט שלאָף! — פֿאָדערט מיט שפּאס מײַן אלטער באקאנטער פֿישער.

און פֿונדערווײַטנס דערטראָגן זיך טויזנטער אראָמאטן! דער מילדער ווינט ברענגט מיט זיך די רייכעס פֿונעם סטעפּ, פֿון פֿארשיידענע גראָזן, קרײַטעכצער און קווייטן. אך, ווי זיי שמעקן, נארקאָטיזירן! עס הערט זיך דער ריטמישער פּליעסק פֿון די כוואליעס, זיי קאטשען זיך, וויגן זיך...

עס בילט א הונט. ס'ענטפֿערן אים די הענער, זיי קרייען און קרייען. זיי דערמאָנען, אז עס איז שוין אריבער א האלבע נאכט און אז אינגיכן וועט אָנהייבן שארײַען דער פֿרימאָרגן. דאָרט, ווו עס גייט זיך צונויף דער הימל מיטן וואסער־אויבערפֿלאך, באווײַזט זיך א קליין, פּיצעלע פֿײַערל. עס ווינקט און ווינקט. פּונקט ווי עמעצער האָט פֿארייכערט א פּאפּיראָסל. ס'פֿינקלט און פֿינקלט.

נאָך א ווײַלע, און עס ווערן שוין בוילעט די קאָנטורן פֿון א פֿישער־שיפֿל, וואָס שווימט זייער שנעל, אָט איז עס שוין נאָענט. עס הערן זיך די שטימען פֿון די פּאסאזשירן. פֿינף פֿארשוין. איינער אינדערמיטן און די אנדערע פֿיר פֿון אלע זײַנע זײַטן. זיי שטייען קיין סעקונדע ניט אָפּ איין אָרט — זשעסטיקולירן, טאנצן, פֿאָכען מיט רויטע לענטעס און רופֿן, מע זאָל זיי צוצײַען צום ברעג.

מיט ברייטע טריט גייט זיי אנטקעגן מײַן אלטער זיידע, ניט ווײַט פֿון אים סטארעט זיך ניט אָפּשטיין די באָבע. אין די הענט האלט זי א טאץ מיט א נאָרוואָס אויסגעבאקענער כאלע, מיט פֿלעצלעך און קיכעלעך. לעבן איר האלטן זיך אירע שנורן, אירע טעכטער און

דער ערעוו־ראַוו, דער האַמוין אייניקלעך און איך... בערוישאָם! דער זיידע ציט אויס זײַנע לאַנגע הענט און, שוין שטייענדיק ביז די קני אין וואַסער, שרײַט ער:

— ברוכים האבאָים! פאַרוואָס זיך פאַרשפּעטיקט? מיר וואַרטן דאָך שוין זייער לאַנג. בא אונדז פעלט דאָך דער צענטער צום מיניען!

פּלוצעם שפּרינגען אַרויס פון דעם שיפל די פיר באַגלייטער, איבערגעטאָנענע פאַר־שווינדלער, אין מאַסקעס פון שיידים. זיי וואַרפן זיך אין וואַסער אַרײַן און ווערן פאַרשוווּנדן. פון דער לאַדקע לאָזט זיך רויִק אַראָפּ א מיטלוווּקסיקער מענטש. דעם קאַפּעליוש האַלט ער אין דער רעכטער האַנט, דעם טשעמאָדאַנטשיק אין דער לינקער. דער ווינט צעבלאָזט זײַנע לאַנגע קאַשטאַנעווע, מיט זילבער פאַרוועבטע האָר. אויף דער ברייטער, עטוואָס צעפּלעטשטער נאָז זיצן פעסט אַלטמאָדישע ברילן. פון אונטער זיי קוקן אַרויס צוויי פינקלענדיקע און מאַמזערישע אויגן. צוזאַמען מיט די זײַדענע וואָנצעס מיט דעם קלייניש־קורצן בערדעלע שמייכלט זײַן גאַנץ פּאָנעם! ער גייט זייער פּאַמעלעך, שטעלט זיך אַלעמאָל אָפּ און שאָקלט פרײַנטלעך מיט דעם קאָפּ.

איך כאַפּ אונטער זײַן טשעמאָדאַנטשיקל, די שליאַפּע און בין פול מיט גליק. א קליי־ניקייט, פאַרט זיך דערוואַרט און מעקאַבל־פּאָנעם געווען דעם נעפטון!

שוין זײַענדיק אויפן גאַנעק פון דעם זיידנס שטוב, האָט זיך אָפּגעשטעלט אונדזער אוי־רעך און זיך אומגעקערט צום זיידן.

— זײַט מויכל, דאַכט זיך, איר האָט דאָס געזאָגט, אַז איר וואַרט שוין לאַנג אויף מיר! איר נאַרט זיך ניט? זאָגט דעם עמעס, איר האָט דאָך געוואַרט אויף אַן אַנדער גאַסט!

דער זיידע שטייט א געפּלעפּטער. ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן.

— וווּנדערט זיך ניט, און האָט ניט קיין צאַר! איך וועל אַלץ טאָן, קעדיי אויספילן אײַער פאַרלאַנג. פאַר א צענטן צום מיניען טויג איך דאָך! יאָ? אָבער איך מוז דאָך זיך פאָרשטעלן. דאָס בין איך, איך... שאָלעם־אַלייכעם!

— שאָלעם־אַלייכעם, איז שאָלעם־אַלייכעם! מישט זיך אַרײַן מײַן באָבע. — וואָס הייסט נישט געוואָרט? אויף שאָלעם, און אויף שאָלעם־אַלייכעם, ביפראַט, וואַרטן מיר שוין זייער א סאַך צײַט — צענדליקער יאָרן!

— שאַ־שאַ־לעם־אַלייכעם! — היקעט דער זיידע און גיט אָפּ שאָלעם־אַלייכעם דעם אוירעך.

— שאַ־לעם־אַלייכעם איז זייער א שיינער נאָמען!

— א שיינער נאָמען! וואָס הייסט עס א שיינער נאָמען? — דאָס שרײַ איך שוין מיט גרויס כופּצע און מיט קאַס. — ניט קיין שיינער, נאָר זייער א גרויסער, א בעקאָוועדיקער נאָמען!

דער אוירעך הייבט אָן דריקן מײַן הענטל, טוט א גלעט די האָר אויף מײַן קאָפּ.

— באַכערל, באַכערל! מאַ שמעכאַ?

— מוישע, מוישע בען שלוימע, — ענטפער איך מיט גרויס גײַווע.

— אײַ, מוישעלע, מוישעלע! פונוואַנען קענסטו מיך?

— פון אײַערע ביכלעך, פון אײַערע דערציילונגען, פון אייערע ראָמאַנען! — באַראַ־באַנעווע איך אויס די ווערטער. — אָבער ווי קאָן דאָס זײַן! איך בין דאָך ניט לאַנג צוריק געווען אויף אײַער קייווער! איך בין דאָך געווען זיכער, אַז איר זײַט שוין לאַנג גע...

— לאַנג געשטאָרבן? — האָט לאַכנדיק פאַרענדיקט מײַן טיראַדע דער אוירעך. —ניט געשטויגן, ניט געפלויגן! ווי דו זעסט און ווי עס קאָנען איידעס זאָגן די אַלע, וואָס זעען מיך, איך לעב! איך בין געזונט און שטאַרק! אויף אַלע אײַך געזאָגט געוואָרן. און הײַנט בין איך זייער גליקלעך, וואָס כ'האָב געטראָפן דאָ מײַנעם א לייענער.

מיר גייען אַרײַן אין שטוב. אויף דעם טיש שטייען שוין די לײַכטער מיט אָנגעצונדענע שאַבעסדיקע ליכט. דער זיידע זעצט אוועק דעם אוירעך אין א פאָטעל, מיר, קינדווואַרג, שטייען בא דער טיר און וואַרטן, וואָס ס'וועט זײַן ווײַטער. איך בין גליקלעך. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן — אַזויפיל גליק, אַזויפיל ניסים וועניפלאָעס! מיט די אייגענע אויגן געזען, ווי עס ווערט פאַרשווינדן די נאַכט, און ווי עס איז געוואָרן טאָג! — דער צווייטער טאָג... ויהי ערב, ויהי בקר יום ששי — אַך, ווי עס איז מיר גוט! „ס'איז גוט צום זײַן א יאָסעם!"

טײַערער נאָטע! זײַט געזונט און שטאַרק! קויכעס און געזונט מוזט איר האָבן איצט

און אַף לאַנגע יאָרן װײַטער, װײַל ס'װעט אײַך נאָך אױסקומען ניט אײן מאָל סטראַדאַיען! דער העמשעך קומט װײַטער!

די בעסטע גרוסן פון סלאַװעס, װעלכער שיקט מיט מיר צוזאַמען אױך די בעסטע װוּנטשן פאַר אַלע אײַעריקע.

17/7 קרים, סאקי

אני מאמין בחלומות,
עוד הנני מאמין בך![1]

(שאָול טשערניכאָװסקי „אני מאמין“)

אפן גרױסן רײד
איז געװאָרן שטיל,
א נעפל באדעקט האָט דעם יאַם.
װעגן ערלעכער דינסט
און פרײַנטשאַפט, געטרײַ,
באשײדן עס שפּילט דער באַיאַן.

(א ליד).

טײַערער נאָטע!

...אין שטוב איז געװאָרן פול מיט מענטשן. עס זײַנען זיך צונױפגעלאָפן אַלע אײַנװױנער — ייִדן און ניט-ייִדן, װײַבער, מענער און קינדער.

לעבן מיר זיצט מאָטל. יאָ, מאָטל פּײסי דעם כאַזנס. פון דער צװײטער זײַט — שולאַמיס. א ביסעלע װײַטער — רעב אַלטער מיט א גרױסן זאַק, פול מיט ביכער. אײן העלפט פון זײַן פּאָנעם לאַכט, די צװײטע װײנט. בא דעם פענצטער שטײט סטעמפּעניו מיט זײַן פידעלע, יאָסעלע סאָלאָװײ און נאָך פאַרשײדענע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פאַרשױנען. אַלע שטופּן זיך, יעדערער װיל זײַן נעענטער צום גאַסט, און אױב עס װעט זיך אײַנגעבן — אָפּגעבן אים א שאָלעם. דער זײדע בעט, אַז די געסט זאָלן זיך באַרויִקן. צום טיש, צום טיש, ראַבױסײַ!

די באָבע טראָגט דעם סאַמאָװאַר. און אַלע זײַנען שױן גרײט זיך זעצן צום טיש.

פּלוצעם רײַסט זיך אױף די טיר. מיט אימפּעט און מיט ראַש באַװײַזן זיך האַצמאַך מיט רײזעלע קאַזאַק.

— אָן אונדז? אָן אונדז?! אײַ, אײַ, אײַ! אײַ, פּאַניע שאָלעם-אַלײכעם! װי קומט עס צו אײַך! אָן אונדז פּראַװען דעם יאָם-יאָמטעװ?

— זײַט זשע מיר מױכל, מײַנע טײַערע שטערן. ניט פאַרפאַלן געװאָרן, נאָר פאַרבלאָנדזשעט. ניט מײַן שולד! איך בין דאָך דאָ נאָר א גאַסט!

ס'האָט א קלאַפּ געטאָן אין טיש מיט דעם בײַטשל טעװיע.

— א גאַסט איז א גאַסט, און אַן אױרעך איז אַן אױרעך. װי עס זאָגט די געמאָרע: קאָל אשער יױמאַר לאָך“ — סקאַזשאַנאָ, סדעלאַנאָ!

— ראַבױסײַ! — האָט זיך באַלד אַרײַנגעמישט רעב אַלטער. — הערט מיך אױס! קױדעמקאָל גיט מיר א ביסל דיזן, דאָזן און יענצן. און לאָמיר זאָגן מאַזלטאָװ! מאַזלטאָװ אײַך, ראַבױסײַ מענער. און, לעהאַװדל, װײַבער, ייִנגלעך און, לעהאַװדל, מײדלעך. נאָר ניט דאָס בין איך אױסן! איך באַגריס אײַך, אַלע אָדעסער אײַנװױנער, איך באַגריס אײַך אַלע מיט דעם בעקאָװעדיקן גאַסט, װאָס איז צו אונדז געקומען. מיר דאַרפן זײַן גליקלעך, װאָס מיר זיצן צוזאַמען מיט דעם גרױסן מעכאַבער, דיזן, דאָזן און יענצן. מאַזלטאָװ!

— מאַזלטאָװ, מאַזלטאָװ, מאַזלטאָװ! — האָבן זיך געהערט אױסגעשרײען פון פאַרשײדענע ערטער.

— שרײַט ניט, ייִדן! שאַ, מאַמזערוקעס! קאַדאָכעס אײַך אין די בײנער, — האָט זיך אױפגעכאַפּט, װי אַן אונטערגעשאָסענע, רײזעלע קאַזאַק. — אַז אױב מיר זײַנען שױן יאָ

[1] „איך גלײב אין די כאַלױמעס, איך גלײב אױך אין דיר“.

אין אָדעס, ברענען זאָלט איר אַלע אף א העליש פײַער, טאָ ווי שעמט איר זיך ניט זשליאָקען די מאשקע און פראווען א סודע אָן פּאָלובאקאָוון, אָן וויניצקין, אָן אירמען און, א קרענק אײַך אין די זײַטן, אָן מײַן פראיער, דאָס הייסט, אָן מײַן ערשטן כאָסן־באָכער, אָן מײַן שאָכן פון דער דאטשע, אָן נאָטקען, אָן נאָטע לוריען, מיין איך!

— זעט נאַר! זעט נאַר, וואָס עס טוט זיך! א כארפּע, א בושע, ווארפט זי ארויס פונדאנען! — האָבן זיך דערהערט פארשיידענע קוילעס.

— טיכאָ, שאַ! בינדיוזשניקעס! באַרויקט זיך און שנײַצט אויס די נעזער! — האָט זיך דערטראָגן פונדערווײַטנס א רויִקע און כריפּלע שטים פון א מענטשן אין גאַליפּע־הויזן.

אין דער טיר איז געשטאנען מישע יאַפּאָנטשיק (וואָדיאנאָי), איין פוס פארלייגט אף דער צווייטער, איין האנט אין קעשענע, אין דער צווייטער א רעוואָלווער.

— נאָך איין וואָרט, און איר וועט אַלע זײַן אין גאניידן! א וו טשאָם וואָפּראָס?! אויב איר דארפט אומבאדינגט נאָטען און אַלע אנדערע רעאביליטירטע, טאק וו טשאָם וואָפּראָס? דאַרף מען דען אזוי שרײַען? אנו־קא, שעפּסל, וואָס וועסטו זאָגן אף דעם?

אין צימער איז געוואָרן שטיל, ווי אף א בעסוילעם. אַלע זײַנען געבליבן אף זייערע ערטער פארגליווערטע. פון דעם טיש האָט זיך אופגעהויבן א פארשוין פון א יאָר פופציק, א ברייטפּלייציקער, ניט הויכער, מיט גרויסע שווארצע ברעמען און מיט א צעפּאטלטער ריזשער באָרד.

— דער וואָפּראָס איז ניט פּראָסט! — האָט ער מיטן פויסט א זעץ געטאָן איבערן טיש. — איך ווייס ניט וועגן די אנדערע, נאַר אירמע קאָן איצט ניט קומען, ער איז פארנומען מיט גאָט־זאכן, ער אמפּערט זיך מיט דעם באַלשעם און קריגט זיך מיט דעם ווילנער גאָען. ער האָט געפונען גרײַזן בא יעשײַען דעם נאָווי! נאָטע זשע איז איצט ביכלאַל ניטאָ אין שטאָט. אים האָט ווידער א רוף געטאָן דער סטעפּ. און נעכטן באנאכט איז ער אוועק אף דער פּאשע. הײַנט גייט צו קינד די קליאטשע, וועלכע איז באפּרוכפּערט געוואָרן פונעם אָגער, ווען נאָטע האָט באַזונגען נאָך מיט עטלעכע צענדליק יאָרן צוריק.

— אויב אזוי, — האָט זיך אופגעהויבן פון זײַן אָרט שאָלעם־אַלייכעם, — אויב אזוי, וויל איך אײַך אַלעמען פארלייגן אָט וואָס: ערשטנס, א טאָסט, דאָס הייסט א קויסע פאר אײַך אַלעמען. לעכאַיִם, ייִדן! זאָל זײַן אַלץ צו גוטנס! צווייטנס, נאָכאמאָל לעכאַיִם פאר די, וואָס זײַנען דאָ ניטאָ. און אויך פאר די, וואָס וועלן שוין קיינמאָל דאָ ניט זײַן. און דריטנס, אויב נאָטע קאָן ניט קומען צו אונדז, איז נאָך איין קויסע, ייִדן. און מיר וועלן גיין צו אים — אין סטעפּ, אף דער פּאשע אָדער צווישן הימל און יאם, צווישן הימל און ערד — דאָס הייסט בא אים אף דער דאטשע. נאַר פריִער, ווי עס זאָגט זיך, קאָלזמאַן שעהאנשאָמאָ בעקירבי זאָגט ראשע — לעכאַיִם, ייִדן!

— לעכאַיִם, לעכאַיִם! — האָט געענטפערט מײַן זיידע.

— לעכאַיִם, לעכאַיִם! — האָט זיך געשאָקלט און געווינטשעוועט יעדן מײַן באָבע.

א גאנצע נאכט און א גאנץ שאכריס האָבן געשיקערט די געסט. די ייִדן האָבן געטרונקען איין קאָס נאָך דעם אנדערן. אויסגעטרונקען א גאנצן האלבן שטאָף ווײַן. שיקערע, קוים שטייענדיק אף די פיס, פריילעכע און באפרידיקטע, זײַנען די אָדעסער ייִדן זיך צעגאנגען. זיי האָבן אָבער איינשטימיק באשלאָסן אז זיי מוזן זיך מאָרגן טרעפן נאָכאמאָל. ווו? דאָס איז שוין ניט קיין וואָפּראָס! גאָט איז א פאָטער ויהי ערב, ויהי בקר יום שלישי.

טײַערער נאָטע! איך בין ניט שולדיק, וואָס בא אײַך איז אזא שיינער סאָד, וואָס יעווע גריגאָריעווונע נעמט צונויף יעדן טאָג א קאָשעק עפּל און צעטיילט זיי אַלע צווישן די, וואָס היילן זיך אין שעפּערישן הויז פון די אָדעסער שרײַבער, וואָס איז בישכיינעס. צוליב דעם וועט איר מוזן צונויפנעמען צו זיך די געסט און פראווען סיידער.

זײַט געזונט און שטארק.

איך מיט סלאוועזן קלײַבן זיך אויך זײַן בעשאסמײַסע בא אײַך.

סאקי, קרים, 1982, 20/7

„הזוריעם בדמעה ברנה יקצורו״.

(תהלים ק״כ)

„די, וואָס זײַנען מיט טרערן, וועלן שנײַדן מיט געזאַנג״.

(טילים, 120 קאַפּ.)

## טײַערער נאָטע!

...די סימכע איז געווען אַזוי גרויס, דאָס שיקרעס אַזוי שטאַרק, אַז קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי אין סאַמע ברען פון די טאָסטן איז נעלעם געוואָרן דער כאָשעווער און בעקאָוועדיקער אוירעך.

איך האָב אָבער באַלד דערפילט, אַז ס׳איז ניט אַלץ אַזוי, ווי עס באַדאַרף צו זײַן. ווען כ׳האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז דער גאַסט איז ניטאָ, בין איך אַרײַן אין צימער, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן פאַר אים און ווו כ׳האָב אַוועקגעשטעלט זײַן טשעמאָדאַנטשיק. אַריבערטרעטנדיק די שוועל, האָב איך דערזען, אַז ער ליגט אַף דער סאָפע. כ׳האָב געוואָלט זיך שוין אומקערן, ניט שטערן אים רוען, כ׳בין געווען זיכער, אַז ער שלאָפט. אָבער אין דעם מאָמענט האָב איך דערזען אַפן טיש עטלעכע מעשונעדיקע זאַכן — אַ פּאַריק פון קאַשטאַנעווע לאַנגע האָר, זײַדענע וואָנצעס, אַ בערדעלע ווי אַ קלינישעק און אַ פּאָר אַלטמאָדישע ברילן. איך בין געבליבן שטיין. ס׳האָט זיך דערטראָגן צו מיר אַ כליפּערײַ. דער פּאַרשוין איז געלעגן אַף דער סאָפע און געוויינט.

— רעב שאָלעם־אַלייכעם! — האָב איך מיט גרויס פּאַכעד אַ שעפּטשע געטאָן און בין צוגעגאַנגען צו אים. ער האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. דאָ האָב איך צום גרויסן וווּנדער דערזען אַן אומבאַקאַנטן אַלטיטשקן מענטשן, וועלכער איז געלעגן אויסגעצויגן און געקוקט צום סופיט. ביטערע טרערן זײַנען לאַנגזאַם גערונען איבער זײַנע באַקן.

— רעב שאָלעם־אַלייכעם, רעב שאָלעם־אַלייכעם! — האָב איך אָנגעהויבן אים טרייסלען פאַר די הענט.

— ייִנגעלע! דאָ איז ניטאָ קיין מענטש, וואָס האָט אַזאַ נאָמען. — זײַן קאָפּ האָט זיך ריטמיש געוואַקלט אַף רעכטס און אַף לינקס, זײַנע פאַרשמאַכטע ליפּן האָבן ניט אופגעהערט זיך צו באַוועגן: — אין צימער, אין דער גאָרער וועלט איז שוין נישטאָ מער קיין שאָלעם־אַלייכעם!

— וואָס רעדט איר עפּעס אַזוינס?! — האָב איך מיט ציטער אַרויסגעשריִען.

— שוין צײַט, באָכערל, שוין צײַט, אַז דו זאָלסט פאַרשטיין! — האָט דער אַלטער גערעדט, ניט קוקנדיק אַף מיר.

— וואָס פאַרשטיין?! וואָס פאַרשטיין?! — האָב איך זיך אָנגעהויבן בייזערן. — איך וויל גאָרניט פאַרשטיין! איך ווייס נאָר איין זאַך: נעכטן האָט איר געדריקט מײַן האַנט, מיך געלויבט! אין טשעמאָדאַנטשיק ליגן דאָך אײַערע ביכער, אַף וועלכע ס׳איז בעפּיירעש אָנגעשריבן שאָלעם־אַלייכעם. וואָס באַטײַט עס אַלץ? ווער זײַט איר, וויִאַזוי רופט מען אײַך?

— איך, איך, — האָט געשטאַמלט דער אַלטער, — איך בין ניט ער! מיך רופט מען „איינער״ — איינער פון טויזנטער. איך בין נאָר איינער, איינער פון זײַנע שאָטנס, וועלכע זײַנען געבליבן נאָך זײַן טויט, איינער אַ שאָטן, וואָס בלאָנדזשעט אַדהײַנט... איך בין איינער פון די, וועלכע ווילן זײַן ענלעך אַף אים און באַמיִען זיך אים קאָפּירן. ביז הײַנט האָט זיך מיר אײַנגעגעבן די שפּיל. מײַנע לייענער מיינען, אַז איך בין טאַקע שאָלעם־אַלייכעם, — האָט מיט אַ זיפץ פאַרענדיקט זײַן ווידוי דער אַלטער.

— אויב אַזוי... אויב אַזוי, דאַרפט איר ניט וויינען, — האָב איך געפּרוּווט אים באַרויִקן, — איר דאַרפט זיך פילן גליקלעך. איר האָט זיך דאָך איבערצײַגט, אַז אַפילע שאָלעם־אַלייכעמס שאָטן ברענגט מיט זיך פרייד און באַשײַנט דאָס לעבן פון זײַנע לייענער.

— דו האָסט אַ טאָעס, מוישעלע, — האָט ער מיך אַ גלעט געטאָן. — גאַנצע נעכט בין איך ניט געשלאָפן. מיט ביטערע טרערן און מיט שוואַרצן בלוט שרײַב איך מײַנע ביכער! קיינער ווייסט ניט דעם סאָד! אָבער איך, איך אַליין ווייס דאָך יאָ, אַז איך בין ניט שאָלעם־אַלייכעם!

— דאָס מאַכט ניט אויס! — האָב איך געדריקט זײַן האַנט. — אַבי צום געזונט פאַרן לייענער. קומט, איך בעט אײַך, צוריק אין צימער, ס'איז דאָך שוין דרײַ אַזייגער, אַלע וואַרטן אױף אײַך, זײַט זיי ניט מעצער.

— אָ, ניין, ניין! דאָס טאָר איך ניט! איך האָב מער קיין רעכט ניט צו נאַרן דעם עולם... איך האָב מײַן גאַנץ לעבן געציטערט, שטענדיק געוואַרט אױף דעם ביזאָיען, ווען מע וועט מיך אַנטדעקן. דערפֿאַר האָב איך באַשלאָסן, אַז ווי נאָר כ'וועל קומען קיין אָדעס, וועל איך פֿאַרענדיקן אָט די געמיינע שפּיל.

— פאַרוואָס זשע דאַפקע דאָ אין אָדעס? פאַרוואָס הײַנט טאַקע בײַ אונדז אין שטוב? — האָב איך זיך געבייזערט.

— קינד מײַנס! — האָט דער אַלטער מיך צוגעצויגן צו זיך, — הײַנט איז דאָך ערעוו יאָמקיפּער. ביז צו קאַלנידרע דאַרף איך פֿאַרענדיקן מיט אַלע מײַנע זינד. מיר איז שוין מער פֿון זיבעציק, און איך וויל דאָס רעשט ביסל טעג אָפּלעבן ערלעך, רויִק און ריין.

— האָט איר דאָך דאָס געקאָנט אָפּטאָן בײַ זיך אינדערהיים! — האָב איך זיך צעשריגן.

— באַרויִק זיך, קינד מײַנס! איך האָב ניט געהאַט בעדייע אײַך צו באַליידיקן. אין אײַער שטוב בין איך געקומען צופֿעליק, אַלפּי טאָעס. קיין אָדעס אָבער בין איך געקומען מיט איין באַשלוס — נאָר אױף קייווער־אָוועס, באַזוכן די קוואָרים פֿון אונדזערע גרויסע אָוועס, פֿון אונדזער זיידן מענדעלע, פֿון אַלע אַנדערע אונדזערע מאַדריכים און הייליקע לערער, וועלכע האָבן אַפֿילע נאָכן טויט ניט אויפֿגעהערט צו באַשײַנען אונדזער לעבן, — האָט מיט אַ שוואַרן זיפֿץ פֿאַרענדיקט זײַן טיראַדע דער אַלטער.

— אויב אַזוי... אויב אַזוי... — האָב איך זיך אַרויסגעריסן פֿון זײַנע הענט, — אויב אַזוי, איז אַל אַכאַס קאַמאָ וואַקאַמאָ, טאָרט איר דאָך אוודאי ניט אָפּטאָן דאָס, וואָס איר האָט פֿאַרטראַכט! ניט נאָר אונדז, נאָר אַפֿילע זיי וועט איר דאָך באַליידיקן.

— ס'קאָן זײַן... ס'קאָן זײַן... — האָט נאָך אַ פּאַוזע אַ שעפּטשע געטאָן דער אַלטער. — ס'קאָן זײַן! נאָר אויב דו ביסט שוין אַזוי קלוג, קינד מײַנס, און אויב מיט דײַנע ליפּן רעדט דער עמעס, טאָ זאָג זשע מיר, פֿאַרוואָס האָב איך ניט דאָס רעכט אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך אָט די מאַסקע?

דער אַלטער האָט מיט פֿאַרביטערונג געוואָרפֿן אַ בליק אױף דעם רעקוויזיט.

— דערפֿאַר... ווײַל איר האָט די גאַנצע יאָרן אײַערע אויסגעפּילט די גרעסטע מיצווע, איינע פֿון די אַסערעס האַדיבערעס קיבוד אָוו וואָאיים. איר האָט מיט דער ביטערער שפּיל פֿאַרלענגערט די יאָרן בײַ אײַערע לאַנדסלײַט. אײַער „שוואַרץ בלוט", דאָס איז דער בוימל, אָן וועלכן עס וואָלט שוין לאַנג פֿאַרלאָשן געוואָרן אונדזער ליכט, אונדזער נייר־האַטאָמיד! אין אָט דעם זכוס וועט אײַך פֿאַרגעבן ווערן אײַער קליינינקע פּורים־שפּיל, וועלכע איר שפּילט באַל־קאָרכע דאָס גאַנצע לעבן.

פֿון דעם אַלטנס אויגן האָבן ווידער אַ ריז געטאָן טרערן, עס האָבן אָנגעהויבן זיך באַוועגן זײַנע הענט, ער האָט זיי אוועקגעלייגט אױפֿן טיש. און, ניט קוקנדיק אױף זיי, ווי אַ בלינדער, האָט ער אָנגעהויבן שאַרן איבערן טישטעך.

— יאָ, יאָ! — האָט געציטערט זײַן קאָל. — גערעכט... יאָ, באַל־קאָרכע, באַל־קאָרכע. דאָס גאַנצע לעבן, דאָס גאַנצע לעבן, באַל־קאָרכע... — האָבן זיך געריסן פֿון זײַנע ליפּן האַלב־דערוואָרגענע ווערטער.

— אויב אַזוי, אויב אַזוי, — האָט ער זיך מיטאַמאָל אויסגעגלײַכט, — טאָ קום! קום, לאָמיר אַרויסגיין אױף דער גאַס... כאַפּן אַ ביסל לופֿט, לופֿט, לופֿט... כאַפּן...

ער האָט שנעל זיך אויפֿגעהויבן, אין איין אויגנבליק, קונציק אַ וויש געטאָן דאָס פּאָנעם, און ס'האָבן זיך ווידער באַוויזן אױף זײַן געשטאַלט דאָס בערדעלע, די וואָנצעס, די ברילן, זײַן באַשיידן שמייכעלע.

— איצט גיכער, גיכער אױף דער גאַס, אױף מײַן גאַס. לאָמיר אַ קוק טאָן, וויִאַזוי עס שלאָפֿט אָדעס.

ס'איז נאָך זייער פֿינצטער, עס פֿינקלען די שטערן, אױף דער גאַס איז שטיל, די מענטשן רוען. זיי האָבן דאָס אוודאי פֿאַרדינט.

— אַ גוטע נאַכט אײַך, טײַערער נאָטע. אַ גוטע נאַכט אַלע אײַערע נאָענטע. אַ גוטע נאַכט אײַך, אָדעסער אײַנוווינער. ס'איז הײַנט ערעוו יאָמקיפּער, די נאַכט איז אַ לאַנגע. ס'איז נאָך ערעוו און ס'איז נאָך לאַנג, לאַנג צו וואַרטן אױף בויקער.

3*

23/7 1982, קרים, סאקי

„...הכניסיני תחת כנפך
ותהי לי אם ואחות.
ויהי לי חיקך מקלט ראשי
קן תפלותי הנדחותן״.

(ח.־נ. ביליק)

„ברענג מיך אונטער דײַנע פֿליגל,
פֿאַר מיר אַ מאַמע, אַ שוועסטער זאָלסטו זײַן,
דײַן שויס מײַן קאָפּ באַשיצן זאָל, ווי אַ וויגל,
ווי אַ נעסט פֿאַר טפֿילעס פֿון מײַן פּײַן״.

(ח.־נ. ביאַליק)
(פֿרײַע איבערזעצונג פֿון מ ו.)

## טײַערער נאָטע!

...מיר שפּאַצירן שוין אַ היפּש ביסל צײַט, שפּאַנען זייער שטיל. מיר האַלטן זיך פֿאַר די הענט און... שווײַגן. איך ציטער, אַפֿט און הילכיק קלאַפּט בײַ מיר דאָס האַרץ. כ׳האָב מוירע אָנצורירן די שטילקײַט. מאַלע וואָס עס קאָן זיך טרעפֿן. ווער ווייסט, וואָס ס׳קאָן ווידער אַרײַנפֿאַלן אין קאָפּ פֿון מײַן אַרטיסט. אייַן ניט פּאַסנדיק וואָרט און... אויס מײַסע, אויס שאָלעם־אַלייכעם, אויס מאַזלטאָוו, און אויס... ויהי בקר...

פֿונעם יאַם האָט זיך אופֿגעהויבן אַ קיל ווינטל, עס בלאָזט אונדז אין די פּלייצעס און טרײַבט אונטער. מיר פֿאַרגיכערן די טריט, און אָט זײַנען מיר שוין אַף „זײַן״ גאַס. ניט קיין געסל — אַ ראַכוועסדיקע גאַס, אַ פֿאַרבויטע מיט צוויי רייען אַלטע, אָבער נאָך גענוג פֿעסטע צוויי־דרײַשטאָקיקע הײַזער, ווײַס־אויסגעקאַלכטע געבײַדעס. זיי שטייען ווי די אַלטע טאַנאָים — שווײַגנדיקע, קלוגע, פֿאַרטראַכטע. די הײַזער זײַנען גוט באַשיצט מיט הויכע, געדיכטע, פֿילצווײַגיקע קליאָנען און טאָפּאָלן, וואָס האָבן זיך נאָרוואָס אופֿגעכאַפּט פֿון שלאָף און זאָגן קריאת־שמע של שחדית[1] זיי שאָקלען זיך און שעפּטשען. אַמאָל ווײַזט זיך אויס, אַז זיי רופֿן מײַן מיטגייער פֿאַרן נאָמען: ש־ש, ש־ש, ש־שאָ... ש־שאָלעם, ש־שאָלעם, אַלייכעם!

מיר שטעלן זיך אָפּ. עפּעס אַ מעשונעדיקער שאָטן טראָגט זיך פֿלינק אַריבער פֿאַר אונדזערע אויגן. מיר הערן, ווי עמעצער אָטעמט.

דער ווינט האָט צעיאָגט די כמאַרעס. עס האָט זיך באַוויזן אַ האַלבע לעוואָנע, איבער דעם נאָרוואָס באַלויכטענעם טראָטואַר טראָגן זיך און דרייען זיך בלעטער, פֿאַרשיידענע בלעטער.

פֿונדערווײַטנס ווערן אַלץ בולעטער די קאָנטורן פֿון אַ פֿאַרהילטער אין שוואַרצן, פֿאַרהויקערטער, קימאַט ביז דער ערד אײַנגעבויגענער פֿיגור. אָן שום וואַקל דערנעענטערט זי זיך צו אונדז. עס דאַכט זיך, אַז זי טרעט ניט, זי גליטשט זיך. אָן אונטערגעיאָגטע פֿונעם ווינט, שפּרינגט זי און פֿליט איבער די פּליטעס פֿונעם טראָטואַר. מיר האָבן זיך פֿאַרהאַלטן. זי — אויך, אַנטקעגן אונדז. אַ ווײַלע האָט זי זיך פֿאַרטראַכט — עפּשער אָפּטרעטן דעם וועג? מיטאַמאָל האָט זי זיך אויסגעגלײַכט און זייער ווילד און הויך זיך צעלאַכט:

— כאַר, כאַר, כאַר־ר!

אַ שרעקלעכע צורע: צוויי בלישטשענדיקע פֿײַער־אויגן, אַ ביז גאָר שאַרפֿע, שפּיציקע, לאַנגע און קרומע נאָז מיט צעבלאָזענע ברייטע נאָזלעכער, פֿון וועלכע פֿון מאָל צו מאָל עס באַווײַזן זיך זײַלן רויך. דער פּאַרצעף צעאַקערט מיט טיפֿע מאָרשטשינעס און קנייטשן. אַ פּאָר אײַנגעפֿאַלענע, פֿאַרדאַרטע און צעשפּאָלטענע ליפּן, פֿון וועלכע עס שטעקן אַרויס דראָענדיק צוויי שאַרפֿע וועלפֿישע ציינער, די געלע, ווי פֿלאַקס, צעפּאַטלטע האָר הוידען זיך אַפֿן ווינט, ווי אַלטע, צעריסענע שמאַטעס.

— כאַר־ר, כאַ־כאַר־ר! הוידער־פֿלוידער, פֿלוידער־הוידער! — האָט זיך געטראָגן אינדערלופֿטן. — אָט האָב איך אײַך געכ־כאַ־כאַ־אַפּט, הוידער־פֿלוידער... אַ־אַ, אַ־אַ, איר טרייסלט זיך! — האָט זיך אין דער שטילער פֿינצטערקײַט געטראָגן דאָס געשריי פֿון אַ ווײַבערש ווילד צעריסן קאָל. — כ־כאַ־אַר, כאַ־אַר־ר, כ־כאַ־ר־ר! — האָט זיך געוואָרפֿן אין אַלע זײַטן איר קערפּער, אירע פּאַטלעס, אירע פֿיס, אירע לאַנגע הענט, אין וועלכע עס האָבן זיך באַוויזן אַ קאָטשערע און אַ ברייטע שוואַרצע סקאָווראָדע. אירע באַוועגונגען זײַנען געווען זייער

[1] די ערשטע פֿרימאָרגן־טפֿילע (קרישמע).

פֿלינק, אָפּגעקערעוועט אַט צו מיר, אַט צו מײַן באַגלייטער, אַלעמאָל פֿאַרשטעלנדיק מיט זיך דעם וועג, מיר זאָלן ניט קאָנען אַרויסרײַסן זיך פֿון אונדזער געפֿענקעניש.

— אַ-האַ-האַ! אַ-האַ-האַ! איר צי-טערט, צי-טערט! איר טרייסלט זיך שוין, דער קאַ-אַ-אַ-דאַכעס וואַרפֿט אײַך! כאַ-כאַר-ראַ-ראַ! — האָט געהילכט איר ווילד קאָל. — וואַ-אָס זשע שווײַגט איר? כאַ-כאַ-כאַ! ניט דערקענט קאַלדוניע? איר מאַ-אַכט זיך טאַמעוואַ-אַטע! הוי-דער-פּלוידער, פּלוידער-הוידער! טײַער-רער פֿאַרפֿאַ-אַ-אַסער! — מיט די אויסגעשטרעקטע הענט האָט זי זיך געוואָרפֿן אויף מײַן מיטגייער. נאָך אַ סעקונדע, און זי האַלט אים שוין פֿאַר די האָר. נאָר איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט אינדערמיטן און אָנגעהויבן וויינען און בעטן:

— טשעפּעט אים ניט, איך בעט אײַך, טוט דאָס ניט!

— אַכ-כ-כאַ-כאַ-אַ! שמענדריק, סמאָרקאַטש! טפֿו, טפֿו, טפֿו אויף דיר! — האָט זי דרײַ מאָל אויסגעשפּיגן און העסלעך באַוויזן אירע שאַרפֿע ציין. ווען מיך זאָל ניט אונטער-האַלטן שאָלעם-אַלייכעם, וואָלט איך, ווי דאָס בלעטל פֿון בוים, שוין געפֿלויגן אינדערלופֿטן און געוואַלגערט זיך אויפֿן טראָטואַר.

— איך בעט אײַך, קאַלדוניע, טוט מיר די לעצטע טױווע, טשעפּעט ניט דאָס קינד, — האָט זיך אײַנגעשטעלט פֿאַר מיר שאָלעם-אַלייכעם, — ער איז ניט שולדיק. זאָג, וואָס ווילסטו, און איך וועל אַלץ אויספֿילן!

— כאַ-כאַ-אַ! אַט דאָס איז שוין אַנדע-ר-רע ר-רייד! — ראַפּטום האָט זי זיך ווידער אײַנגעבויגן, צונויפֿגעלייגט זיך אינדרײַען, אַ וואָרף געטאָן אויף זיך די שוואַרצע שאַל און זיך צעלאָזן:

— קום, קום, קום צו מיר,
קום צו מיר, מײַן טײַער קינד,
קום, קום, קום צו מיר...

— כ׳וועל דיר ווײַזן דעם וועג, — האָט פֿאַרענדיקט שאָלעם-אַלייכעם דעם פֿערז.

— אַ-אַ-אַ! דו געדענקסט אַלץ! דו האָסט זיך דערמאָנט! דאָס זײַנען שוין אַנדערע רייד הוידער-פּלוידער, — האָט שוין אַ ביסל ווייכער געקאַרקעט די מאַכעשייפֿע.

— זעצט זיך שנעלער אויף מײַן קליוקע, און איך וועל אײַך אין איין אויגנבליק ברענגען אַהין, וווּ עס וואַרטן אויף אײַך, פּאַניע שאָלעם-אַלייכעם, אײַערע אַלטע באַקאַנטע, וועלכע איר האָט אומגליקלעך געמאַכט. איר, דאַכט זיך מיר, דאַרפֿט הײַנט בעטן בײַ זיי מעכילע! טוט אַ קוק, ווי זיי מוטשען זיך!

ניט האָבנדיק קיין אַנדער אויסוועג, האָבן מיר זיך ביידע אַוועקגעזעצט אויף דער קליוקע, און איין האַנט האָט זיך באַוויזן די גרויסע שוואַרצע סקאָווראָדע, פֿון קאַלדוניעס נאָזלעכער האָבן אַ שפּאַר געטאָן פֿינקלענדיקע זײַלן רויך. מיט אַ ווילדן אימפּעט האָט זי אָנגעהויבן שפּײַען און זיך ווילד צעלאַכט:

— הע-הע-היי! הע-הע-הע-היי! הוידער-פּלוידער, כאַ-כאַ-כאַ, פּאַ-יע-ע-כ-כאַ-אַ-לי!

ס׳איז ניט אַריבער קיין מינוט, ווי מיר זײַנען שוין געווען ניט ווײַט פֿון דעם אַלטן בעסוילעם. מיט אַ ווילד קאַרקערײַ, פּײַפֿערײַ און מיט מורעדיקע געשרייען האָט די קאַלדוניע אונדז אַראָפּגעוואָרפֿן פֿונעם שטעקן. אַליין איז זי אַוועק אין איינער פֿון די אַלייעס און ווידער זיך אײַנגעבויגן. פֿונדערווײַטנס האָט זיך געוואַקלט איר אויסגעדאַרטער צײַגפֿינגער, וועלכער האָט, ווינקענדיק, גערופֿן:

קום, קום, קום צו מיר,
קום צו מיר, טאַ-אַכטער מײַ-נע,
קום, קום, קום צו מיר,
קום צו מיר אַהיים.

לעבן דעם שטיבל פֿונעם בעסוילעם, וווּ מע טוט אָן די געשטאָרבענע אין טאַכריכים, האָט זיך באַוויזן אַ פֿרויען-פֿיגור. זי איז געגאַנגען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געקוקט אויף די אייגענע פֿיס, וועלכע האָבן זיך באַוועגט זייער לאַנגזאַם און ווייך. איר איידל-מאַטעווע פּאָנעם האָט זיך געלויכטן און איז געווען אָנגעפֿילט מיט צאַרטקײַט און דורשטיקער נײַגעריקײַט. אירע פֿאַרוווּנדערטע שוואַרצע אויגן האָבן געקוקט מיט אַזאַ אינטערעס, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט — זי זעט אַלץ, אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין גרויסן כאָלעל און אויך אין האַרצן בײַ יעדן מענטשן. אָנגעטאָן איז זי געווען אין ווײַסן, אין אַ ווײַסער דורכזיכטיקער שלאָף-העמד, וואָס האָט זיך געצויגן קימאַט ביז צו דער ערד.

דער ווינט האָט א ריס געטאָן די צווײַגן. פארשטווינטע, האָבן זיי זיך צעשאָקלט און אראָפּגעוואָרפן פון זיך נאָך א פּאָרציע בלֿעטער.

די פרוי האָט זיך אָפּגעשטעלט. א דערשראָקענע, האָט זי א קוק געטאָן אין אונדזער זײַט. אירע שווארצע, שטראלנדיקע אויגן האָבן זיך צעלויכטן מיט אזא שײַנקײַט און כיין, פונקט ווי זי וואָלט דערזען א זייער נאָענטן און לאנג דערווארטענעם באקאנטן.

— ראָכעלע, טײַערע ראָכעלע! וואָס טוסטו דאָ? — האָט פארכידעשט א פרעג געטאָן שאָלעם-אליכעם.

אירע ליפּן האָבן אזוי שטילֿ זיך באוועגט, אז פארשטיין, וואָס זיי זאָגן, האָט מען ניט געקאָנט. זי האָט א שאָקלֿ געטאָן מיטן קאָפּ און מיט זייער א ווייכער באוועגונג פון דער האנט באוויזן אף רעכטס. דאָרט האָבן מיר דערזען אונטער א ברייטן צעצווײַגטן דעמב, אָנגעטאָן אין א לאנגער ברייטער העמד און אין ווײַסע הויזן, וואָס פארענדיקן זיך ווי זאָקן אף די פיס, סטעמפּעניון, ער האָט זיך צעיאָמערט. פלוצעם האָט ער א וואָרף געטאָן אין איר זײַט דעם סמיטשעק, ארויסגעלאָזט פון דער האנט דעם פידלֿ און מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ציטערנדיק, אָנגעהויבן בעטן:

— טאָ קום זשע צו מיר, מײַן אייביקע געליבטע, מײַן נעשאָמע, מײַן הארץ!

— סטעמפּעניו, וואָס טוסטו? מע מעג דען ווארפן א פידלֿ? הער, ווי ער זיפצט, ווי ער ברומט, ווי ער וויינט. ס'וועט דאָך פארפאלן ווערן, אומקומען דאָס פידעלע, עס וועלן פלאצן זײַנע סטרונעס, — האָט ביטער זיך צעוויינט אויך ראָכעלע.

ער האָט זיך ווידער א ריס געטאָן פונעם אָרט. ס'האָט זיך געהערט דער טרעסק פון־נעם צעריסענעם גארטלֿ. מיט איין שפּרונג האָט ער זיך באוויזן לעבן ראָכעלען. ער האָט זי ארומגעכאפּט, א ווײַלע האָט זי זיך אויך צוגעטוליעט צו זײַן ברוסט. א קוש געטאָן אים אין קאָפּ און מיטאמאָל זיך ארויסגעריסן פון זײַנע אָרעמס.

— ניין, ניין, סטעמפּעניו! דאָס טאָר איך ניט! דאָס טאָרסטו אויך ניט. איך בין שוין לאנג פארקנאסט פאר אן אנדערן. אָט שטייט דער איידעס! — מיט א מילדן זשעסט האָט זי זיך א נייג געטאָן אין שאָלעם-אליכעמס זײַט. — יאָ, שוין לאנג פארקנאסט פאר אן אנ־דערן! און אייביק וועלֿ איך זײַן אים טרײַ.

— אויב אזוי, אויב אזוי... האָט געוויינט און געבעטן סטעמפּעניו, —

קער מיר אום מײַן מוזיק,
קער זי מיר אום צוריק!

טרערן האָבן פארגאָסן זײַן פּאָנעם. טרערן האָבן געשטיקט אין האלדז דאָס רעשט פון די ווערטער, וועלכע זײַנען איבערגעזעצט פון א רוסישער ליד.

אף דער צווייטער זײַט בעסוילעם איז געשטאנען די קאָלדוניע און געפּאָכעט מיט אירע צעפּלוידערטע פלאקסענע צעפּ. איר פארבויגענער פינגער האָט, ווי פריִער, געווונקען:

קום, קום, קום צו מיר,
קום צו מיר, טאָכטער מײַ־מײַ־נע!

בליצן, שנײַדנדיקע בליצן האָבן צעשפּאָלטן דעם הימלֿ. א טויזנטהארמאטנדיקער דונער האָט זיך צעקנאקט און פארהילכט די ווערטער פון סטעמפּעניוס נעגינע, די זיפצן פון ראָ־כעלען, דער ווינט האָט זיך צעבושעוועט מיט א נײַער קראפט. ער האָט געריסן און גע־שמעטערט די בלעטער פון די ביימערס קעפּ און מיט רעציכע געוואָרפן זיי אף דער ערד. ס'האָט זיך געוואלגערט סטעמפּעניוס פידעלע. אף יעדן בלאָז פונעם ווינט האָט ער געענט־פערט מיט א געוויין:

קער מיר אום די מוזיק,
די מוזיק קער מיר אום צוריק...

אינאיינעם מיטן פידעלע האָבן געוויינט סטעמפּעניו, שאָלעם-אליכעם און אויך איך. ויהי ערב, ויהי בקר יום חמישי. און ס'איז אָנגעקומען דער פינפטער טאָג.

סאוולאָנעס, סאוולאָנעס, און ווי זאָגט מען עס אף רוסיש: טיערפּעניִע, טיערפּעניִע! טאָ לי יעשטשאָ בודיעט!

די בעסטע גרוסן פאר אלע אײַעריקע פון מיר און פון סלאווען.

25/7 1982, קרים, סאקי

„הונדערט טויזנט דערשטיקטע
לעבעדיק פארברענטע
אופשטיין וועלן הײַנט“.

(פון א ליד)

טײַערער נאָטע!

דער ווינט האָט אויסגעלעקט די טרערן און אויסגעטריקנט אונדזערע פּענעמער. ווען מיר האָבן אופגעעפנט די אויגן, איז שוין געווען טאָג. דער גאנצער מיזרעך, א פארצויגענער מיט פלאמען, האָט געפלאקערט. ס'האָט אופגעהערט צו קאפּן. א ביסל שטילער איז געוואָרן דער ווינט. אָבער אין דער וועלט איז ניט געוואָרן שטילער. ווי פריִער, האָבן זיך געריסן די דונער-גראַנאַטעס, די זיגזאַגעווע בליצן האָבן געבלענדט די אויגן און ווײַט-ווײַט באַשײַנט דעם האָריזאָנט. אכוץ די קנאלן, וואָס האָבן זיך געטראָגן איבער די הימל-ראַכוועסן, האָבן זיך צעקלונגען די גלאָקן אין די קלויסטערס. הײַנט האָבן זיי געררוישט און געהילכט מיט אזא קראַפט און היסלײַוועס, אז ס'האָט זיך געדאכט — דער אייבערשטער אליין בכבודו ובעצמו האַלט אין זײַנע הענט די שטריק פון די גלאָקן-צינגער און וואַרפט זיי אין אלע זײַטן מיט אן אויסערגעוויינלעכן קויעך. די לופט איז געוואָרן אָנגעפילט מיט קלאנגען, ס'האָט געריסן די וועלט.

צום בעסוילעם זײַנען געגאַנגען מענטשן. פון די הײַזער האָבן ארויסגעשאָטן אײַנווינער פון שטאָט. זיי האָבן פארנומען די טראָטוארן, די שאָסיי-וועגן און אלע שליאכן. אָנגעטאָן אין יאָמטעוודיקע קליידער, מיט בונטע בלומען אין די הענט, ערנסטע, מיט הויך אופגעהויבענע קעפּ, זײַנען זיי געגאַנגען — דער זון אַנטקעגן.

— אָט זע, ווי זיי שפּאַנען! — האָט באַוויזן מיט דער האַנט מײַן מיטגייער. — דאָס גייען זיי אהין צו באַזוכן די פארשטאָרבענע קרויווים. אזא איז דער מינהעג!

באַם טויער פונעם בעסוילעם האָבן זיך געשטופּט א סאַך מענטשן. אויף דער וואַנט פון דער דורכגאַנג-בודקע האָט צוגעצויגן די אופמערקזאַמקײַט אן אופשריפט „ארײַנגאַנג נאָר מיט אײַנלאַדונגס-בילעטן“.

ס'האָט זיך אויסגעפורעמט א לאַנגע ריי מענטשן. צוויי מענער מיט רויטע באַנדן אויף די אַרבל האָבן קאָנטראָלירט די בילעטן און געהיט די אָרדענונג.

— אײַערע אײַנלאַדונגס-קאַרטן? — האָט שטרענג א פרעג געטאָן בא מיר איינער פון די קאָנטראָליאָרן, ווען איך האָב געוואָלט זיך דורכשמוגלען.

— כ'בין א שרײַבער, און ער... ער איז מײַן... — האָט געשטאַמלט מײַן באַגלייטער.

— שאָלעם-אַלייכעם! שאָלעם-אַלייכעם! — האָב איך מיט שטאָלץ זיך ארויסגעכאַפּט, ווײַזנדיק מיט דער האַנט אויף אים.

— וואָס?! ווער?! שאָלעם-אַלייכעם?! — האָט מיט אומגלויבן מיך איבערגעריסן דער פארשוין, — ווי שעמסטו זיך ניט! אין אזא אָרט, אין אזא צײַט! צו שפּאַסן... אָפּנאַרן!

— שאָלעם-אַלייכעם איז שוין לאַנג דאָרט! אָט זיצט ער אויף זײַן אָרט, אויף דער טריבונע! — האָט א ווײַז געטאָן שטרענג דער צווייטער שוימער.

— אנו, באַווײַזט אײַערע דאָקומענטן! — האָט שוין מיט היץ געפּאָדערט דער ערשטער.

„שאָלעם-אַלייכעם“ האָט זיך קונציק אויף א רעגע א דריי געטאָן, זיך אײַנגעבויגן און א שמיר געטאָן דאָס פּאָנעם. ווען ער האָט זיך אויסגעגלײַכט, איז פאַר דעם קאָנטראָליאָר געשטאַנען אן אַנדער מענטש — דער פריִערדיקער אַלטער פּלוני בען פּלוני. פון דער זײַט-קעשענע האָט ער ארויסגענומען א קליין רויט ביכעלע, באַוויזן עס דעם פּאַטרול און שטיל א שעפּטשע געטאָן אים אין אויער.

— אויב אזוי, מאַכעטייסע! ביטע! איר קאָנט גיין! נאָר ניט פארהאַלטן זיך! אויף די טריבונעס איז שוין קימאַט קיין פרײַ אָרט ניטאָ, — האָט פרײַנטלעך געייצעט דער פארשוין מיט דעם רויטן באַנד אויפן אַרבל.

א געדיכטער נעפּל האָט זיך אראָפּגעלאָזט פונעם הימל, זיך געברייטערט איבער דער ערד און פארשפּרייט דעם גאַנצן בעסוילעם. ס'האָט זיך געדאַכט, אז א רויך האָט פארדעקט די קוואָרים, נאָך שטאַרקער האָבן געבאָמבלט און געשריגן די גלעקער. פּאַמעלעך האָבן מיר געשפּאַנט איבערן פעלד, צוביסלעכווײַז זיך צוגעוווינט צום כאַשכעס. ס'האָט אָנגעהויבן בלאָזן א ווינט, צעווייעט דעם נעפּל, און ס'איז געוואָרן לײַכטער פארצוזען דעם וועג.

ווען ס׳האָט זיך אויסגעלײַטערט די לופט, האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטפּלעקט א גרויליקער בילד — דער בעסוילעם איז געלעגן אין רויִנען, א צעשמעטערטער, אָן אומגעקו־מענער, אָן טאַכריכים, מיט מעכטיקע שערבלעך אויף די אויגן... פון אים זײַנען געבליבן נאָר קוילן און אַש און צעדרויבלטע שטיינער. די מאַצייוועס זײַנען אַלע פאַרשוווּנדן. אַלטע, גראָ־בע ביימער, וואָס האָבן לאַנגע יאָרן געהיט די רו פון די ניפטאָרים, האָבן זיך געוואַלגערט מיט אויסגעריסענע וואָרצלען, שוואַרצע, ווי האַלאָוועשקעס נאָך א סרייפע.

פאַר די אויגן, אין דער גאַנצער לענג און ברייט, האָט זיך געצויגן א וויסט צעאַקערט פעלד, נאָר העט ווײַט אויף מיזרעך, דאָרט באַם גוידער, ווו אַמאָל איז געווען דער עק פונעם בעסוילעם, זײַנען איצט געשטאַנען די נאַרוואָס אויסגעבויטע האַלב־קײַלעכיקע טריבונעס. הינטער זיי, ווי פּאַריאַסעמטע איידעס, האָבן זיך געצויגן צום הימל צוויי הויכע, שוואַרצע פון מירמלשטיין אויסגעטאָקטע מעמאָריאַל־ווענט.

די ערד איז געלעגן אין שווערע ווונדן און האָט אין ווייען געקרעכצט. איבער איר, צעשפּרייט און צעוואָרפן, האָבן זיך געוואַלגערט מענטשישע ביינער. א סאַך ביינער — גרויסע, קליינע, איינציקע קופּעס פיס־ביינער, האַנט־ביינער, שאַרבנס, האַלבע און גאַנצע סקעלעטן.

פאַרשטוינטע און פאַרשטיינערטע, זײַנען מיר געבליבן שטיין אויף איין אָרט, ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מיר האָבן פאַרבלאָנדזשעט. אַוודאי איז בעסער זיך אומקערן, נאָר די נאָכגייענדיקע אַנגרײַפנדיקע מאַכנעס מענטשן האָבן אונדז דערגרייכט און פאַרשטעלט דעם וועג. זיי האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט.

— וואָס שטייט איר? — האָט זיך דערהערט א באַסקאָל. — שרעקט זיך ניט!

פון דעם האַמוין האָט זיך באַוויזן א הויכער, ברייטפּלייציקער זאַקן מיט א לאַנגער ווײַסער באָרד, אָנגעטאָן אין א ברייט העמד פון לײַן־לײַוונט.

— פּייסי דער קאַלקער! פּייסי דער קאַלקער! — האָבן זיך דערהערט קוילעס.

— קאַדיש דאַרף מען זאָגן! — האָט זיך געטראָגן איבערן פעלד זײַן הויכער באַס. אַלע האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני — געפאַלן קוירים.

— יִס־גאַ־א־דאַל ווע־יִס־קאַ־א־דאַש! — האָט זיך צעזונגען פּייסי דער קאַלקער, — שמֵי ראַ־א־באַ־באַם־באַם! — האָבן איינשטימיק געענטפערט די גלעקער. אין דער לופט האָט ניט אויפגעהערט צו בליצן. דונערס, צונויפגעמישטע מיט די גלעקער־קלאַנגען, מיט דעם גוואַלד פון אָן אײַזערנעם נאַבאַט, האָבן געריסן די טויערן אין הימל.

שטייט אוף, מענטשן, אויף א ווײַלע,
הערט נאָר, הערט נאָר!
עס רוישט די גאַנצע וועלט!

האָט זיך דערהערט א נײַע וווּנדערלעכע און גרויזאַמע שטים. מיטאַמאָל, ווי א ריזיקע כוואַליע, האָט זיך אויפגעהויבן פון דער ערד דער האַמוין.

— סיראַטע, סיראַטע! — האָבן געשריגן די זקיינים.

דער אַלטער כאַזן סיראַטע, אַרומגערינגלט מיט מעשוירערים, האָט זיך באַוויזן פאַרן אוילעם. ער האָט א פאָכע געטאָן מיט זײַן דיריזשאָר־שטעקעלע און א מעכטיק געזאַנג פון פיל פאַרשיידענע קוילעס האָט פאַרגאָסן דאָס פעלד.

הונדערט טויזנט דערשטיקטע, לעבעדיק פאַרברענטע
אופשטיין וועלן הײַנט,
אופשטיין וועלן הײַנט.
אינטערנאַציאָנאַלע קאַלאָנעס,
אונדזערע גוטע־פרײַנט,
אונדזערע גוטע־פרײַנט!
צי דען הערט איר ניט די דונער־שאַלן?
דאָס איז ניט קיין וועטער, קיין הוראַגאַן.
דאָס בושעווען מיט פײַער
די וואַסער־קוואַלן.
ס׳קרעכצט דער אָקעאַן, דער שטילער אָקעאַן.
דאָס שטורעמט,
דאָס שטורעמט
דער שטילער אָקעאַן.

צוזאמען מיט דער ליד האָבן מעכטיקע, פילשטאָקיקע כוואַליעס פונעם שווארצן יאם זיך געראנגלט און געקלאפט אין די שטיינער פונעם ברעג. זייער אַנוואקסנדיקער גערויש האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן רוישן פון די גלאָקן, מיט דעם געזאנג פון די זינגער, מיט די מעלאָדיעס פון כאזאַנים און מעשוירערים.

— ייסגא־א־דאל ווע־ייס־קא־א־דאש, — האָבן זיך געריסן צום הימל די אלטע, טויזנט מאָל איבערגעכאזערטע ווערטער, פארוויקלטע אין דער הערא־ישער נעגינע פון פייסי קאָל־קערס שטים.

— באָם־באָם־באָם! — האָבן די גלאָקן מיט דעם איַיזערנעם נאבאט געשיקט זייער ענטפער פאר דעם פארקישעפטן אוילעם.

— אָ־אָ־מיין! אָ־אָ־אָמיין! — האָט גערוישט און געהודיעט דער הימל.

— איצט לאָמיר גיין וויַיטער! — האָט אויסגעשריגן פייסי.

טויזנטער פיס האָבן אָנגעהויבן מארשירן אין איין טאקט:

אינטערנאציאָנאלע קאָלאָנעס,
סטראָיען זיך, סטראָיען זיך
שורעסוויַיז, אָטריאד צו אָטריאד!

געקלאפט האָבן ריטמיש די טריט איבער דעם באָדן פונעם פארכוישעכטן בעסוילעם.

ווידער האָט אָנגעהויבן בלאָזן דער ווינט, דאָס מאָל נידעריק איבער דער ערד, געבלאָזן און שעוועליעט די ביינער, וועלכע האָבן זיך געוואלגערט און געקלאפט די פיליגרימער אין די פיס.

די ביינער האָבן אלץ מער זיך באוועגט. אָט פרוּוון זיי זיך שוין אופשטעלן, אָט קריכן זיי, נעמען זיך צונויף. אָט האָבן זיך שוין אופגעשטעלט די סקעלעטן. נאָך איינעם אזא בלאָז פונעם ווינט, און עס שטעלן זיך אוועק אף זייערע ערטער הענט און פיס, ריפּן, ברוסט־קאסטנט, שארבנס.

אלץ שווערער און שווערער ווערט דער וועג. סקעלעטן, סקעלעטן שורעסוויַיז, מאכנע צו מאכנע. מע האָט נאָכאמאָל זיך געמוזט אָפּשטעלן, ווידער האָט זיך באוויזן פייסי דער קאָלקער. אין דער האנט בא אים — א גרויסער שויפער.

— טייקי־א, שאוואָרים, טייקיא געדוי־לאָ־אָ.[1] — דער אוילעם איז ווידער געפאלן קוי־רים. איַינגעבויגן, אף די קני, מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, האָבן זיי זיך צעהודיעט:

הערט נאָר, הערט נאָר,
ס׳רוישט די גאנצע וועלט...

און נאָכאמאָל האָט זיך א הייב געטאָן דער האמוין! און דאָ האָבן זיי דערזען: ניטאָ מער קיין סקעלעטן, פאר זייערע אויגן זיַינען געשטאנען רייען אויסגעדארטע, נאָר מוטיקע יונגע קעמפער.

— אינטערנאציאָנאלע קאָלאָנעס, שורע צו שורע, אָטריאד צו אָטריאד! פאָרויס! פאָרויס! — האָט געקאָמאנדעוועט דער אָנפירער זייערער.

— פאָרויס צו די בינעס! מיר דארפן, מיר מוזן צו זיי דערגיין! — האָבן זיך געטראָגן זיַינע באפעלן.

דער אוילעם האָט זיך פארייניקט צו די מארשירנדיקע און איניינעם מיט זיי, דערמונ־טערטע, מיט באניַיטע קויכעס זיך געלאָזט אין וועג. ס׳האָט אופגעהערט צו דונערן און בליצן.

טייקיִא — שוואָרים טייקיִא! — האָט געשויפערט דער אלטער האָרן.

טייקיִא — טייקיא, — האָבן געקלונגען די גלעקער.

טייקיִא, טייקיִא, טייקיִא געדוילאָ, — האָט געהילכט דער איַיזערנער נאבאט.

די קלאנגען האָבן זיך געטראָגן אין די הייכן. אופגערודערט און אופגערעגט האָט געברומט דער ענטפער:

מענטשן, מענטשן, שווערט זיך,
אייביק זאָל זיַין שאָלעם
אין דער גאָרער וועלט,
אין דער גאָרער וועלט...

[1] דאָס זיַינען פארשיידענע קלאנגען, וועלכע מע בלאָזט ארויס פון דעם שויפער ביים דעם דאוונען.

אין איין אָטעם האָבן זיך צונויפגעגאָסן די קולעס פון סיראָטעס כאָר, פון דעם האַמוין פּיליגרימען, וועלכע האָבן מיט גרויס עמונע געענדיקט זייער טפילע:
אָ־מיין! אָ־מיין!

25/7/82 קרים, סאקי

„סלח לנו, מחל לנו, כפר לנו"[1]
(„אנטשולדיק, זיי מויכל, פארגיב
אונדז די זינד אונדזערע")

טייַערער נאָטע!

דער מארש צו דעם מעמאָריאַל־פּלאַץ האָט זיך פארצויגן, מאכנעס אייַנוווינער פון דער שטאָט, פון די שטעטלעך און פון די ארומיקע דערפער, צוזאמען מיט טויזנטער פּיליגרימען, וואָס זייַנען געקומען פון אַלע פיר עקן וועלט, האָבן אַלץ געדיכטער און געדיכטער פארפולט דאָס פעלד. צוזאמען מיט די, וואָס האָבן דערלעבט צו טכיאָס־האַמייסים, האָבן זיי זיך באַוועגט צו די טריבונעס. גיין איז געווען ניט גרינג, מע האָט זיך געמוזט ניט איין מאָל אָפּשטעלן.

ווען אַלע האָבן זיך צונויפגעקליבן און ווען ס'האָבן זיך פארמאכט די טויערן פונעם אריינגאנג, האָט זיך שוין געזעצט די זון. דער גאנצער האַמוין ווייַבער, מענער, קינדער און זקיינים זייַנען געשטאנען אַף די פיס און מיט גרויס אָנשטרענגונג געווארט אָפן אָנהייב פון דער טפילע.

די בינעס און די בענקלעך זייַנען געוואָרן אויסגעבויט פאר איין טאָג. די מעכטיקע שווארצע מירמל־וואַנט, אַף וועלכע עס זייַנען געבליבן אויסגעקריצט הייליקע נעמען פון די קאָרבאָנעס, האָבן געדינט פאר א מיזרעך־וואַנט. אַף א מעטער הויך פון דער ערד איז צו זיי צוגעבויט געוואָרן א גרויסע האַלב־קייַלעכיקע סצענע. זי איז געווען פארנומען מיט רייען אנטיקווארע שטולן, באַדעקטע מיט זייַד, וועלכע זייַנען שוין אַלע געווען פארנומען. אין סאמע אויבנאָן איז געזעסן דער עלטסטער — א דורכזיכטיקער, ציכטיקער ווייַס־גראָווער זאָקן. ער האָט פרייַנטלעך געקוקט אַף דעם אוילעם דורך זייַנע בלישטשענדיקע פענסנעברילן.

— מענדעלע! מענדעלע! מענדעלע מויכער־ספאָרים! — האָט זיך איבערגעגעבן פון מויל צו מויל שטילערהייט, מיט גרויס דרעכערעץ די יעדיע. אָנגעטאָן אין א שווארצער קאַפּאָטע, אָפן קאָפּ א קייַלעכיקער טעפּל־קאַפּעליוש. ער האָט זיך אופגעהויבן, צוגעגאנגען צום אָמעד און באַשיידן פארנייגט דעם קאָפּ.

רעכטס פון אים איז לייַכט צו דערקענען די אנדערע בעקאָוועדיקע און באַוווּסטע אָוועס און פרייַנט: אָט זיצט שאָלעם־אַלייכעם, מאקסים גאָרקי, י.־ל. פּערעץ, בערגעלסאָן, שאָלעם אַש, מארקיש, פעפער, קוויטקאָ, רילסקי, קאָראָלענקאָ, דער ניסטער, לעאָניד אַנדרייעוו, באַבעל, סטאָליארסקי, מיכאָעלס, זוסקין, וואַכטאנגאָוו, גנעסין, שאָסטאַקאָוויטש, פולוועַר, פּאָל ראָבסאָן און נאָך שרייַבער און קינסטלער פון די פארגאנגענע דוירעס.

לינקס פון מענדעלען זיצן זייַנע לעבעדיקע אייניקלעך — א סאַך בעקאָוועדיקע לייַט פון אונדזער דאָר. אינמיטן דער סצענע — דער אָמעד. פאר אים אַף א הילצערן בענקעלע שטייט דער כאַזן — א מיטלוווקסיקער, שמאָלפּלייציקער, א ביסל א סוטולער מיט אן אייַנגעפאלענער ברוסט, מיט קורצע ווייַסע האָר, וואָס שפּארן ארויס פון דער שטייַף אָנגעקראָכמאַליעטער ווייַסער הויכער מיטרע־יארמעלקע.

דאָס פּאָנעם צעקנייטשט פון מאָרשטשינעס און פון דויערנדיקע ווייטיקן, וואָס הערן ניט אוף, אָפּאָנעם, צו מוטשען דעם גוף. אויגן טיפע, אומרויִקע, וועלכע בייַטן אַלע ווייַלע זייער קאָליר, נאָר בייַטן ניט זייער אויסדרוק — שטרענגע, פאנאטישע, בויערנדיקע. שטענדיק קוקן זיי ווייַט־ווייַט ערגעץ אין דער הייך, העכער פון דעם, צו וועמען דער רעדנדיקער ווענדט די ווערטער.

„דאָס איז דאָך ירמיהו! אירמע, אירמע, אירמע! אירמע דרוקער! — שעפּטשען א סאַך מענטשן, וואָס קענען אים, וואָס זייַנען באַקאנט מיט זייַנע „מוזיקאנטן" און מיט אַלע אנדערע

[1] ווערטער פון די יאָמקיפּערדיקע טפילעס.

זײַנע ווערק. איצט שטייט ער אַן אויסגעגלײַכטער, דאָס פּנים געווענדט צו מיזרעך, צו די אָוועס! די אויגן פֿאַרמאַכט, דער קאָפּ עטוואָס פֿאַריסן.

שטיל, זייער שטיל באַוועגן זיך זײַנע ליפּן. ער דאַוונט, ער זאָגט — הנני העני ממעש נרעש ונפחד[1].

עס הערן זיך זײַנע זיפֿצן, זײַן שטילע נעגינע. הינטער דעם כאַזן שטייען די מוזיקאַנטן, פֿאַרשיידענע כאַרן. אָט שטייט סיראָטע מיט זײַנע מעשוירערים, דער רוסישער גרויסער אָרקעסטער מיט סוועטלאַנאָוון בעראָש. אַלע דערקענען אויטיאָסאָוון. אַ צופֿרידענער, דריקט ער די הענט צום האַרצן, נייגט זיך פֿאַר דעם אוילעם, שיקט אָפּ זײַנע קושן און גרוסן.

און ווידער אַן אָנגעשטרענגטע שטילקייט, אַלע וואַרטן, דער ציידע נעמט אַרויס פֿון זײַן זשילעטקע־קעשענע דעם זייגער, קוקט אַפֿן ציפֿערבלאַט און הייבט זיך אויף פֿון אָרט. שאָלעם־אַליכעם פֿון דער רעכטער זײַט און י.־ל. פּערעץ פֿון דער לינקער האַלטן אים אונטער, און מיט גרויס דערעכערעץ פֿירן זיי אים צום אָמעד.

— ראַבויסײַ, טײַערע קינדער, אייניקלעך און כאַשעווע פּרײַנט! טײַערע אײַנוווינער פֿון אַדעס! מענטשן פֿון ארבע כנפות הארץ — פֿון אַלע פֿיר עקן פֿון דער וועלט! — האָט ער זיך געווענדט צום קאָהאָל.

אין דער מינוט האָט אים איבערגעריסן אַ מעכטיקע מעלאָדיע: „אַל דאַאָס האַקאַהאַל, וועאַל דאַאָס האַמאָקוים". געזונגען האָט סיראָטע מיט זײַן כאָר. — „אַנאַכנו מאַטירין לעהיספּאַלייל אים האַאָוואַריאַנים!"[2] — האָט ווײַטער געהילכט די קאַפּעלע.

— יאָ, יאָ! הײַנט ווערט דערלויבט אַלעמען אָן אויסנאַם מיספּאַלעל זײַן! — האָט שטיל גערעדט דער ציידע.

— הײַנט איז מיר אויסגעפֿאַלן דער קאָוועד אָנצוהייבן אונדזער יאָמטעוו, ער איז הײַנט אַן אויסערגעוויינלעכער — אַ יאָמטעוו פֿון שאָלעם, פֿון פֿרייד און פֿון אופֿקום.

— אַל דאַאָס האַקאַהאַל! — איז נאָכאַמאָל זיך צעגאַנגען סיראָטעס מיט זײַנע העלפֿער.

— איך בין אָבער איבערצײַגט, — האָט ער שוין העכער אָנגעשטרענגט זײַן שטים, — אַז שאָלעם קאָן ניט זײַן אָן סליכע, אָן מעכילע, אָן אָפּרייניקונג פֿון אַלע, אַלע זינד. דערפֿאַר דערלויבט מיר בעטן דעם כאַזן, ער זאָל אָנהייבן די טפֿילע, — ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון בענקעלע און שטיל, באַגלייט פֿון זײַנע באַגלייטער, אַוועק אויף זײַן אָרט.

אַ שטאַרקע פֿליִעסקערײַ האָט זיך צעטראָגן איבערן פֿעלד, דער כאַזן האָט אויפֿגעהויבן זײַנע ביידע הענט. מיט איינער אַ מאַך געטאָן צו סיראָטען, מיט דער צווייטער — צום אָרקעסטער. אַלע זײַנען אויפֿגעשטאַנען.

נאָך שטרענגער איז געוואָרן די פֿיגור פֿון דעם כאַזן. נאָך גלײַכער און אַפֿילע העכער זײַן קערפּער. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער שטייט אויף די שפּיץ פֿינגער.

ובשופר גדול יתקע
וקול דממה דקה ישמע
ויאמרו הנה יום הדין[3]

האָט זיך דערהערט די צאַרטע און זייער טרויעריקע שטים פֿונעם כאַזן.

אונטערגעכאַפּט פֿון סיראָטען און זײַנע העלפֿער, האָבן די לעצטע ווערטער פֿאַרפֿלייצט דאָס פֿעלד. מונטערע, שטורמישע טאַקטן פֿון מאַצאַרטס רעקוויִעם האָבן זיך אָרגאַניש צונויפֿגעפֿלאָכטן מיט זייער זינגען. מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם האָט דער קאָהאָל אַרײַנגעזאַפּט אין זיך די ווערטער, די מוזיק, די נעגינע.

היום הרת עולם
היום יעמידינו במשפט
הײַנט טראָגט (גייט צו קינד) די וועלט.

---

[1] דאָס איז אַן אַרײַנפֿיר־טפֿילע, וועלכע דער כאַזן זאָגט פֿאַרן מוסעף.

[2] אַ פֿראַזע פֿון דעם אָנהייב פֿון קאָלנידרע, אין וועלכער ס'ווערט געמאָלדן, אַז ס'איז דערלויבט צו דאַוונען מיט מענטשן, וואָס האָבן געטאָן אַווייִרעס.

[3] און מיט אַ גרויסן שויפֿער וועט אויסגעבלאָזט ווערן, און מיט אַ שטיל דין קאָל וועט דערהערט ווערן, אַז הײַנט איז דער טאָג פֿון מישפּאָטיי (אַן אויסצוג פֿון דער יאָמקיפּערדיקער טפֿילע).

— הײַנט שטעלט מען זיך פֿאַרן געריכט, — האָט װײַטער זיך געגאָסן אירמעס טע־נאָר. הילכיקע קלאַנגען פֿון בעטהאָװענס אַפּאַסיאָנאַטע האָבן פֿאַרשטאַרקט זײַן נעגינע. נאָך מער פֿאַרקישעפֿט דעם אױלעם.

די מעשורירערים מיט אַלע שטימען — מיט די באַסן, באַריטאָנען, טענאָרן, סאָפּראַנאָ — צו עטלעכע מאָל אין פֿאַרשײדענע װאַריאַציעס איבערגעכאַזערט די לעצטע פֿערזן פֿון דער טפֿילע און די אױסערגעװײנלעכע מעלאָדיעס. איצט האָבן שױן אַלע געדאַװנט, שטיל נאָכ־געזאָגט נאָך אירמען װאָרט בײַ װאָרט.

„אַלכעט שע־כאָ־טאָ־נו לע־פֿאָנעכאָ, — האָט זיך אַרױסגעריסן פֿון אירמעס האַרצן אַ נאַטירלעך געבעט. און אָט שטײט ער שױן װײַטער פֿאַרן אָמעד — אַ נײַ־געבױרענער, אַ מונטערער און װײַטער הערט זיך זײַן זײער אָנגענעמע שטים.

ס'האָט זיך אױפֿגעװעקט דער אָרקעסטער — סװעטלאַנאָװו האָט אַ מאַך געטאָן מיט זײַן שטעקעלע:

זאָל די זון זײַן אײביק,
אײביק זײַן זאָל די מאַמע,
זאָל די זון זײַן אײביק

אַ ביסל אַ צעררודערטער, איז אַרױס אױף דער סצענע נאָטע. ער האָט זיך פֿאַרנײגט, אױפֿגעהױבן די הענט און באַשײדן זיך געװענדט צו די געסט:

— איך בעט אײַך, איר זאָלט אַלע קומען צו מיר אָפּפּאַסטן!

טײַערער נאָטע, איצט איז שױן אַלץ באַלאַנגט פֿון אײַך. דער נאָענטסטער בריװ װעט אָנגעשריבן װערן נאָך דער סודע אין אײַער װײַנגאָרטן אין אַ מאָזלדיקער שאָ!

זײַט געזונט און שטאַרק.

**אײַער משה בן שלמה און שלמה בן משה.**

27/8/82 קרים, סאַקי

„אשת חיל מי ימצא, ורחוק מפנינים מכרה״.

(משלי, לא, פסוקני)

װער קאָן געפֿינען אַן אײשעס־כאַיל? איר פּרײַז איז העכער פֿון פּערל.

(מישלע, קאַפּ. 31, פערז 10)

אין סאַמע עק פֿון דער שטאָט, דאָרט, װוּ ס'זײַנען פֿאַרבליבן צעהאַקטע, צעלעכערטע טראַמװײַ־װאַגאָנען, זיכרױנעס און מילכאָמע־װוּנדן פֿון די בלוטיקע שלאַכטן פֿאַר באַפֿרײַען אָדעס פֿון דעם פֿאַשיסטישן סױנע — אין דער גאַנצער לענג פֿונעם ברעג־יאַם און אין דער גאַנצער ברײט העט ביז צום שליאַך, צװישן שטענדיק פֿרײלעכע, רױשיקע בײמער שטײען די דאַטשעס פֿון דעם אָרטיקן שרײַבער־פֿאַרײן. מער פֿון הונדערט שרײַבער האָבן דאָ אױס־געבױט זײערע זומער־הײַזער — װילעס. איצט זײַנען זײ שױן אײַנגעאָרעמט אין ראַכװעס־דיקע װעראַנדעס. יעדער הױז האָט זײַן אײגענעם אױסזען, זײַן פֿאָרם און זײַן אײגן שטיקל ערד, װאָס טײלט זיך אָפּ פֿון אַנדערע מיט פֿאַרשײדענע מעכיצעס — פּלױטן, פּאַרקנס און פּאַרקנדלעך. די מערסטע פּלױטן זײַנען פֿריש אױסגעפֿאַרבט אין קאָלערלײ קאָלירן. אין יעדן פּאַרקן — אַ טירעלע, אַ „קאַליטקע״, װאָס האָט איר אײגענעם סעקרעט, אױב איר װײסט אים ניט, װעט די קאַליטקע זיך ניט אױפֿעפֿענען.

די דאַטשעס זײַנען שױן לאַנג באַזעצט מיט פּרוכט־בײמער — װײַנשל, פֿלױמען, עפּל, באַרן, גריכישע ניס. אין יעדן סאָד װאַקסן אױך ערד־פּײרעס און אומבאַדינגט װײַנטרױבן. און כאָטש די לעצטע פֿאַרנעמען זײער װײניק אָרט, װעט איר שטאַרק באַלײדיקן דעם באַ־לעבאָס פֿון דער װילע, אױב איר װעט אַ זאָג טאָן, אַז איר זײַט געװען בײַ אים „אין סאָד״, אָדער „אין גאָרטן״. זאָל זײַן, אַז אױף דעם גאַנצן שטעטל װאַקסט בלױז אײן לאָזע, אױף װעל־כער ס'װעלן אַמאָל, װער װײסט װען, זיך באַװײַזן װײַנטרױבן, מוזט איר האָבן דערעכערעץ און זאָגן, אַז איר האָט באַזוכט „דעם װײַנגאָרטן״.

— איך בעט אײַך, לעמאַנהאַשעם קומט אַרײַן צו אונדז אין ווײַנגאָרטן, — מיט גרויס העפלעכקײַט און מיט ניט־פאַרבאָרגענער גײַווע בעטן אײַך די אָדעסער שרײַבער.

פון אַלע ווילעס אין דער געגנט טײלט זיך אויס נאַטע לוריעס ווילע. ס'איז זײער לײַכט זי צו דערקענען: די קאַליטקע — אָן אַ סעקרעט. איר קאָנט זי עפֿענען אַפֿילע באַ־נאַכט. אַ פּאַשעטע, אײנשטאָקיקע, אַ קאָרענאַסטע און גוט באַדעקטע, שטײט די דאַטשע פֿעסט אַף דער ערד און שמײכלט. „קאָל דיכפּין יעיסע וועייכויל"[1] — יעדער אײנער, וואָס נײטיקט זיך, זאָל אַרײַנגײן און עסן, — רופֿט און שמײכלט די דאַטשע.

און וואָס צו עסן איז באַ נאָטען, קײן אײַנהאָרע, פֿאַראַן. און טאָמער ווײסט איר ניט פֿון דעם, וועט אײַך באַלד עס אויפֿקלערן, פֿאַרופֿנדיק אײַך אין ווײַנגאָרטן, נאָטעס ווײַב — כאַווע — יעווע גריגאָריעװנע, אַ מיטלוואָקסיקע פֿרוי מיט טאָמיד ברענענדיקע טיף זיצנדיקע שוואַרצע קאַרשן־אויגן, מיט אַ פֿאַרברױנט פּאָנעם, וואָס טרעפֿט אײַך שטענדיק מיט כײן און גאַסטפֿרײַנטלעכקײַט.

אויב איר זײַט שטאַרק פֿאַרנומען און איר קאָנט ניט בעשום־אופֿן אַרײַנכאַפּן זיך „כאָטש אַף אַ מינוט" אין ווײַנגאָרטן, וועט אײַך מאָרגן טרעפֿן מיט אַ קאָשעק כאַווע — יעווע גריגאָריעװנע, און ווילט איר, אָדער ניט, וועט זי אײַך סײַווי ניט אָפּלאָזן אַזוי לאַנג, ביז זי וועט ניט אַרײַנשטופּן אײַך אין די הענט אַ פּאָר באַרן, עפּל, פֿלוימען אָדער אַבריקאָסן. אויב איר וועט ניט פֿאַרזוכן פֿון אַלע מינים, וועט איר זי שטאַרק באַלײדיקן. דערצו דאַרפֿט איר וויסן און מאַסקים זײַן, אַז אַלע אויבסטן, מיט וועלכע עס איז מעכאַבעד יעווע גריגאָ־ריעװנע, זײַנען די בעסטע און די שענסטע אין דער סוויווע, ווײַל ס'האָט זײ אויסגעקליבן, פֿאַרזעצט, אויסגעפּעסטעט ניט אַבי־ווער, נאָר נאָטע אַלײן ביכווױדוי אוּוועאַצמוי — נאָטע צעאַקערט די ערד, נאָטע שפּײַזט די זמאָרים, נאָטע באַגיסט די ערד, נאָטע שנײַדט אָפּ די טרוקענע צווײַגן, נאָטע, נאָטע און נאָטע!

אַזאַ מענטש איז שווין נאָטע און אַזאַ, ווי איר זעט, איז יעווע גריגאָריעװנע, נאָטעס ווײַב!

דערפֿאַר טאַקע קאָנט איר שטענדיק טרעפֿן באַ נאָטען געסט. צו אים קומט מען פּאַ־שעט זיך דורכרײדן, אָן אײַצע האַלטן זיך, באַװײַזן די ערשטע געשריבענע דערצײלונג און אויך דעם לעצטן ראָמאַן. אַז מע זאָל מיר געבן די רעכט, וואָלט איך אַף זײַן קאַליטקע אויפֿ־געהאַנגען אַ פּלאַקאַט מיט ביאַליקס ווערטער:

ביתי דל, בלי הדר ופאר
אך חום בו יש ופתוח לגר.

(מײַן שטוב איז אַ קלײנע, אָן רײַכטום און פּראַכט,
זי איז אָבער שטענדיק וואַרעם — פֿאַר קײנעם ניט פֿאַרמאַכט)

הײַנט איז באַ נאָטען אין ווײַנגאָרטן סאָסן וועסימכע — אַ קלײניקײַט, צונויפֿרופֿן אַ שטאָט מיט מענטשן!

אונטער די ווײַנטרויב־צווײַגן, וועלכע האָבן ווי סכאַך פֿאַרדעקט די נאַטירלעכע וועראַנ־דע, שטײט אַ הילצערנער טיש. אַף אים איז שווין אַלץ צוגעגרײט — צום טרינקען און פֿאַר־בײַסן. אַרום דעם טיש — אַ סאַך געסט. דער באַלעבאָס אָבער מיט זײַן פֿרוי שטײען נאָך אַלץ באַם טירל און נעמען אויף העפֿלעך די צוקומענדיקע נײַע פֿרײַנט.

— ברוכים האַבאָים! אַך, ווי איך בין גליקלעך! — שרײַט אויס באַגײַסטערט נאָטע.

— גײט אַרײַן, גײט אַרײַן! — באַגריסט אײַך יעווע גריגאָריעװנע און שענקט יעדן אַ בלום.

— צום אָנדענק פֿון אונדזער ווײַנגאָרטן, — גרויסט זיך די באַלעבאָסטע, — אַלץ ער, אַלץ ער, נאָטע. ווער דען?

— נו, אין אַ גוטער שאָ! אין אַ גוטער שאָ! — ווערט אַלץ מער ניספּאָעל נאָטע און נעמט אַרום יעדן פֿון דער נאָרוואָס אָנגעקומענער נײַער פּאַרטיע געסט — ווערגעליסן, מע־לאַמודן, גאָרדאָנען, פּאָליאַנקערן, גענען, בײדערן, שוסטערן, וויניצקין...

[1] דאָס איז אַ פּאָרוואָרט, וועלכעס ווערט געזאָגט אײדער מע הײבט אָן פּראַווען דעם פּײסעכדיקן סײדער.

— א גוט יאָר, א גוט יאָר אײַך, זעצט זיך! זעצט זיך! — בעט יעווע גריגאָריעווונע די געסט צום טיש.

אַלע זעצן זיך אַוועק, דריקן אײנער דעם אַנדערן די הענט.

— טײַערע באַלעבאַטים! טײַערע פרײַנט! זײַט מויכל, וואָס איך אײַל זיך צו דער סודע, — קלינגט מיטן גאָפּל איבער א גלעזעלע ווערגעלעס. — ערשטנס איז עס דערפאַר, ווײַל כ׳בין שטאַרק הונגעריק...

— א קלײניקײַט, — שלאָגט אים איבער מעלאַמוד. — פאַסטן איז ערגער, ווי ניט עסן...

— צווײטנס, דערפאַר, ווײַל כ׳מוז נאָך הײַנט זיך אומקערן אַהײם!

— ביטע, ביטע, — שרײַען די געסט.

— איר וועט אונדז שענקען פֿיל פאַרגעניגן, — מישט זיך אַרײַן יעווע.

— טײַערע כאַווײרים, — פירט ווײַטער ווערגעלעס דעם סײדער, — פילט אָן די קוי־סעס און לאָמיר זיך ווינטשן לעכאַיִם, ווי עס זינגט זיך:

לאָמיר טרינקען א לעכאַיִם
פאַר דעם לעבן פאַר דעם נײַעם!

דער אוילעם כאַפּט אונטער די ווערטער און זינגט אויס דאָס גאַנצע לידל. דעם צווײטן טאָסט לײגט פאָר פּאָליאַנקער:

— פאַר אונדזער ייִדישער סאָוועטישער ליטעראַטור, לעכאַיִם!

— לעכאַיִם! — קלינגען די גלעזעלעך.

— פאַרבײַסט עפּעס! כ׳בעט אײַך! — קערט זיך יעווע גריגאָריעווונע אום אַלעמאָל צו אַן אַנדער גאַסט. — אַלץ פריש, אַלץ אײגנס, אַלץ געמאַכט געוואָרן מיט אײגענער מי, מיט באַטעס הענט!

— פאַר באַטעס האַצלאָכע! — הערן זיך טאָסטן.

— פאַר זײַן זון דאַווידן און פאַר דער שנור נאָטען!

— פאַר זײַן אײניקל, פאַר סאַשען!

— פאַר זײַנע בעסטע ווערק!

— פאַר „א געשיכטע פון א ליבע"!

ס׳קלינגען אַלץ שטאַרקער די גלעזעלעך, ס׳שרײַען און היצן זיך די געסט.

— טײַערע כאַוויירים, — הייבט זיך ווידער אוף ווערגעלעס, — העיויס מיר זײַנען שוין בא נאָטען אין זײַן ווײַנגאָרטן, וואָלט עפּשער געווען קעדײַ, מיר זאָלן לויבן דעם גרויסן דערפאָלג, וואָס עס האָבן נאָטעס ווערק בא דעם לײענער?

— מאַכעטײסע, מאַכעטײסע, אַדעראַבע! — שרײַען די שוין א ביסל בעגילופנדיקע געסט.

— לעכאַיִם!

— לעכאַיִם!

עס שווײַגט נאָר יעווע. ווער ווײסט פאַרוואָס. ווער ווײסט, וואָס עס טוט זיך איצט בא איר אין האַרצן. פאַרשטײט זיך, זי וואָלט געקאָנט א סאַך צוגעבן פון זיך זעלבסט, ווײַל וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר נאָטע, ווײסט קײנער ניט אַזוי, ווי זי. איצט אָבער זיצט זי מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. זײ פינקלען מיט טוי. עס פלאַמען בא איר די באַקן.

טאַקע צוליב דעם האָב איך זיך אָנגענומען מיט אַזעס און א בעט געטאָן דאָס וואָרט.

— ווער איז עס אַזוינס? ווער איז דאָס באָכערל? — האָבן זיך געכידעשט די געסט. — אַז א קינד וויל רעדן, דאַרף מען אים אויסהערן! — באַרויִקט דער אָרטיקער אָדעסער ליטע־ראַטור־פאָרשער וויניצקי דעם אוילעם.

— נאָר א פּאָר ווערטער, — האָבן טרערן זיך באַוויזן אין מײַנע אויגן, — א פּאָר ווערטער וועגן דער באַלעבאָסטע...

— אײַ־אײַ־אײַ, ווי האָבן מיר דאָס פאַרגעסן?

— געזונט זאָל זײַן דאָס קינד!

— רעד, ייִנגעלע, — האָט ווײַך אָנגעוויזן אַף מיר ווערגעלעס.

— איר ווײסט, — האָב איך אָנגעהויבן, — אַנומלט האָב איך א פרעג געטאָן יעווע גריגאָריעווונען: איר אַרבעט? — יאָ, — האָט זי מיר געענפערט. — ווי דען? — און וואָס איז

אײַער פאַך? — בין איך ניט אָפּגעשטאַנען פון איר. — איך? איך בין א ווײַב, נאָטע לוריעס ווײַב! — האָט זי געענפערט.

— אײַ־אײַ־אײַ. ערנסט, אָדער מיט איראָניע? — האָבן זיך געהערט באמערקונגען פון אַלע זײַטן.

— מע דערציילט, — האָב איך פאָרגעזעצט, — אז ווען נאָטע שרײַבט ביז שפּעט אין דער נאַכט, און יעווע ווערט אנדרעמלט, איז נאָך דעם, ווי ער ענדיקט דאָס שרײַבן, וועקט ער זי אויף און לייענט איר פאָר דאָס ערשטע מאָל זײַנע יעצירעס. זי הערט אים זייער אויפמערקזאַם, און ווען ער הערט אויף צו לייענען, זאָגט זי:

— זייער שיין! און זייער ריכטיק! נאָר ניט אזוי, ווי עס באדאַרף צו זײַן, נאָטקע...

ער בייזערט זיך, טופּעט מיט די פיס, לויפט ארויס פון צימער, קערט זיך אום, שרײַט, אז זי פארשטייט גאָרניט אין דעם איניען. נאָר טאַקע דערפאר זעצט ער זיך נאָכאמאָל צום שרײַבטיש, מעקט און שרײַבט, שרײַבט און מעקט, און לייענט נאָכאמאָל.

— גוט, גוט, אפילע, זייער גוט! נאָר צו דעם ווי עס באדאַרף צו זײַן איז נאָך גענוג ווײַט, — שאָקלט יעווע מיטן קאָפּ.

און ווידער קוילעס, ווידער א טופּען מיט די פיס... אזוי צענדליקער מאָל ביז טאָג... ביז עס ווערט „אזוי, ווי עס באדאַרף צו זײַן“...

— אָט דערפאר בעט איך אײַך אַלע מאכן א לעכאַיִם פאר יעווע גריגאָריעווגען. — האָב איך פארענדיקט.

— פאר יעווע גריגאָריעווגען!

— לעכאַיִם! לעכאַיִם! לעכאַיִם!

יעווע איז געזעסן אפן אָרט, די אויגן — נאַס פון טרערן.

— נו, און וואָס, נאָטע, וועסטו אונדז זאָגן? מיר וואַרטן אף דײַנע ווערטער, — האָט זיך געווענדט צו אים ווערגעליס.

נאָטע האָט זיך אופגעהויבן זייער פּאַמעלעך, אָן כיישעק. נאָר ער האָט פאָרט אָנגעהויבן רעדן.

— איך בין ניט קיין רעדנער, אָבער אויב איר פאָדערט, טאָ הערט זיך צו. אזויווי מײַן פאָטער, האָב איך דאָס גאנצע לעבן ליב געהאט אקערן די ערד. איך שטאָלציר מיט דעם, און דאָס איז מײַן גרעסטער יִיכעס. איך נעם זיך אָבער ניט איבער, איך בין נאָר א צווײַגל אף דעם שטארקן בוים. קאָלזמאַן ער רוישט, ווען ס'פליִען שווערע כמאַרעס איבער זײַן קאָפּ, רויש איך אויכעט. טאָמער ווערט ער אָבער אנשוויגן, דערמאַלט שווײַג איך אויך! — נאָטע האָט שווער א זיפץ געטאָן און מיט הארצליביקײַט זיך געווענדט צום אוילעם. — אַלע קארבן און שרונטן אף דער ערד זײַנען מײַנע אייגענע קנייטשן. מיר איז אויסגעפאַלן צו פעסטעווען די ערד מיט שטארק צעבלוטיקטע הענט. איר יעדער שטויב־זעמדעלע איז מיר גוט באקאַנט! זי איז מײַן אוילעם האזע און אויך מײַן אוילעם האבאָ! זי איז מײַן גוירל, מײַן אָנהייב און מײַן סאָף. אַלץ אָפּטער דאכט זיך מיר אין די שווארצע נעכט, אז איך אַליין בין בלויז א זאנג, וואָס איז ארויסגעוואקסן פון איר שויס, פון איר טראכט!

איך גלייב ניט אין קיין ווייכע, זיסע לידער, וואָס גיסן זיך פון זיך אַליין. אויב זיי רײַסן זיך, ווי דינאמיט, — אין אזעלכע גלייב איך יאָ!

פליעסקערײַען האָבן פארהילכט נאָטעס ווײַנגאָרטן, אריבער ווײַט־ווײַט איבערן פּארקן און זיך צעטראָגן איבער דער גאנצער געגנט. מער פון אַלעמען האָב איך געקלאַפּט אין די הענט. פון היספּײַלעס האָב איך אפילע אָנגעהויבן טאנצן און זייער שטארק געטופּעט מיט די פיס.

— בראַ־וואָ! בראַ־וואָ! — האָב איך געמאכט קוילעס. אין דעם מאָמענט האָב איך דערפילט, אז עמעצער האָט מיר א זעץ געטאָן אין די ריפּן.

— אך, דו מאמזערוק איינער! יא טיעבע פּאָקאזשו בראוואָ!

פון ווייטיק האָב איך אופגעעפנט די אויגן. לעבן מיר האָט זיך געוואַלגערט דער באַרקאַס. מיט בייזע אויגן האָט געקוקט אף מיר מײַן באקאַנטער פישער.

— וואָס פאר א טײַוול האָט דיך גענומען? וואָס הארגעסטו זיך אזוי? האָסט דאָך מיך פאר איין מינוט צענערעקט.

לאַנג האָב איך ניט געקאָנט קומען צו־זיך און ניט פארשטאַנען ווו איך בין.

— דו האָסט דאָך פארשלאָפן דעם גאנצן יאם־יאָמטעוו! נעפּטון איז שוין לאַנג אריבער. און דו כראָפּעסט, שרײַסט און שלאָגסט זיך! — האָט אַלץ זיך ניט געקאָנט בארויִקן דער פישער.

דער יאם האָט שטיל זיך געלאַשטשעט צום ברעג. דער הימל איז געוואָרן לויטער און ליכטיק. אפן האָריזאָנט האָט זיך באַוויזן א שאַבעסדיקע יאָמטעוודיקע זון.

די זון גייט אוף אין פלאַמען,
די זון — מע זעט זי קוים.
אַזוי גייט אוף מײַן האָפענונג
און אַזוי פאַרגייט מײַן טרוים...

ויהי ערב, ויהי בקר יום שביעי,
ויכולו השמים והארץ וכל צבאם
ויכל אלהים את כל מלאכתו.
אשר ברא אלהים לעשות[1].

זײַט געזונט און שטאַרק! בייזערט זיך ניט אף מיר. ניט אָפט מאַכט זיך, אַז עס רײַסן זיך אַרויס פונעם האַרצן די פון לאַנג זיך אָנגעקליבענע אַש און קוילן. פאַרשטאַרבענע ווולקאַנען לעבן אויף אוף נאָך לאַנגע צײַטן פון שווײַגן.

מיט גרויס ליבשאַפט
משה בן שלמה

28/7 קרים, סאַקי

# אָנשטאָט אַן עפּילאָג

טײַערער נאָטע!

כ׳האָב אײַך אַוועקגעשיקט ניט ווייניקער פון אַכט בריוו — עסקיזן, פאַרייניקטע מיט איין טעמע. שרײַבן איז געווען זייער שווער. ניט נאָר קיין ווערטערבוך, — קיין שום מאַקער, קיין ספּראַוואָטשניק, וועלכן מע מוז האָבן אין די הענט, ווען מע נעמט זיך פאַר אַזאַ אַרבעט.

דערפאַר טאַקע און, פאַרשטייט זיך, אויך צוליב אַנדערע טײַמים, זײַנען די בריוו זייער רויע און שוואַכע קאָפּיעס פון דעם, וואָס איך וואָלט געקאָנט אָנשרײַבן, כ׳זאָל באַזיצן דעם טאַלאַנט פון אַ שרײַבער.

און ניט געקוקט אף דעם, האָב איך ניט נאָר אָנגעשריבן, נאָר אַוועקגעשיקט די בריוו צו אײַך. אַלע זײַנען זיי אײַך געווידמעט.

אויב איר וועט זיי קאָנען צוליב עפּעס-וואָס אויסנוצן, וועל איך זײַן גליקלעך. איך האָב צו אײַך נאָר איין באַקאָשע — איר זאָלט זיי ניט אַרויסוואַרפן. אויב זיי פאַרנעמען בא אײַך אַ סאַך אָרט און איר נייטיקט זיך ניט אין אַזאַ שרײַבערײַ, נעמט זיי צונויף, און אַז איר וועט זײַן אין מאָסקווע, וועט איר זיי מיר איבערגעבן (איך האָב ניט קיין קאָפּיעס).

הײַנט האָב איך פאַרענדיקט אַ העלפט פון מײַנע וואַקאַנסיעס. גוט אָפּגערוט זיך מיט שלוימע בען מוישען, און מיר קערן זיך אום אַהיים.

זײַט געזונט און שטאַרק.

די בעסטע ווונטשן פאַר אײַעריקע פון אונדז אַלע.

---

[1] „און עס האָבן זיך פאַרענדיקט די הימלען, און די ערד, און זייערע אַלע הערשאַפטן, און גאָט האָט פאַרענדיקט זײַן אַרבעט, וואָס גאָט האָט באַשאַפן און האָט געמאַכט״ — אַן אויסצוג פון כומעש (פּאַרשע בערײשיס), וועלכער איז אַרײַן אין דעם קידעש פון שאַבעס, וואָס די ייִדן זאָגן פרײַטיקצו־נאַכטס פאַר דעם, ווי עס הייבט זיך אָן דאָס עסן.

# פון די טורמע-לידער

## אין איינצל-קאמער

און אפצולאָכעס — שפּילט ערגעץ מוזיק
און פון די גראטעס כ'רייַס ניט אָפּ מייַן בליק,
ווי פון א ברונעם-טיף איך קוק ארויף,
א פיצל הימל אָפּזוכן איך פּרוּוו —
ניטאָ און ס'פאלט דער קאָפּ צוריק —
און ערגעץ דאָרטן, דאָרטן שפּילט מוזיק...

אין אלע קאמערן איז טויט, איז שטיל,
נאָר אונטער מייַנע טריט עס קרעכצט דער דיל,
פון טיר צום פענצטער כ'שפּאַן א לאנגע צייַט,
שוין לאנג דער טראָט מייַן מענטשלעך קאָל פארבייַט
און צו די ווענט איז צוגעווויינט מייַן בליק,
נאָר ערגעץ דאָרטן, דרויסן, שפּילט מוזיק
און ס'טוט דאָס הארץ זיך דורך די גראטעס רייַסן...

ניין, קאטעווען מע דארף דיך, האלקין, שמייַסן,
ארויסצושלאָגן דיר פון קאָפּ דעם טירוף,
דעם שיינעם כאָלעם: אָט זיך מאכט די טיר אויף,
און דאָרט — דער גוטער מאלעך וועט זיך ווייַזן
דיך נעמען בא דער האנט און זאָגן: גיי,
צעאקער ווידער אף דייַן פעלד און זיי,
ווייַל אויסגעצייַטיקט-רייַף עס ווארט דער זאָמען,
ווייַל צווישן זייער לעבט ביז הייַנט דייַן נאָמען,
און ניט, ווי קיין געדעכעניש, א קלאנג,
וואָס אין גערויש פון טאָג ער לעבט ניט לאנג,
נאָר ווי פון יענעם מענטשן דאָס געדאכט,
וואָס האָט פאר זיך אף זיך דעם קרייץ געבראכט,
און, אין די ווונדן מענטשלעכע פארטיפט,
ער האָט פארזען זייַן אייגן בלוט, וואָס טריפט
און טריפט פאר דיר, פאר זיי, פאר גאָר דער וועלט...
צעאקער ווידער אויף, וועק אויף דאָס פעלד —
די קערנער וועלן איצט דעם באָדן רייַסן...

ניין, קאַטעווען מע דאַרף דיך, טרוימער, שמייסן,
אַז וויסן זאָלסט: דער מאַלעך זאָגט אַ ליגן!
דײַן קרייץ וועט אַף אַ בוידעם ערגעץ ליגן
דורך זיי פאַרשעמט; דער באָדן טראָגט קיין פרוכט, —
דעם גוטן מאַלעך האָט זיך אויסגעדוכט!
ניטאָ מער קיין צוריק — פאַרברענט די בריק...

נאָר ערגעץ דאָרטן, דרויסן, שפּילט מוזיק
און ווידער ציט צום פענצטער, ווי מיט שטריק,
און ווידער לעבט, און ווידער וועבט זיך יענע בריק...

לוביאַנקע. אווגוסט 1953, אין א זונטיק

# ווײַזט אויס איך בין נאָך בלינד

ווײַזט אויס, איך האָב זיך נאָך ניט אויסגעניכטערט
פון יענעם — דעם פאַרפירערישן טרוים:
דאָס פאָלק איז נאָך אַ פאָלק, און איך — זײַן דיכטער,
ווי ניט געווען וואָלט צווישן אונדז קיין צוים
פון שטעכעדיקן דראָט, פון וויסטער טונדרע
און פון אַזוינס, וואָס האָט קיין נאָמען ניט,
נאָר האָט אונדז שאַרף צעשיידט און אָפּגעזונדערט —
אַף אַלעמאָל געבונדן מיר די טריט...

ווײַל ניט דערוואַרבן שוין, ווײַל ניט דערגרייכן,
ווײַל ניט צו אופלעבן שוין מער דעם שוווּנג
אין דעם, וואָס לעבט אונטערן שוואַרצן צייכן
און ס'הענגט זײַן גורל אָפּ פון עמעצנס אַ ווונק,
וואָס שפּירט אים נאָך אַף אַלע זײַנע וועגן,
אויך דאָ אין אָפּגרונט פינצטערן... און דאָך —
איך הייב דעם קאָפּ נאָך אויף דעם טאָג אַנטקעגן,
און ס'טרעפט באַנאַכט איך שלעפער אײַן מײַן בראָך
און כ'זע: דאָס פאָלק זיך פרייט נאָך מיט זײַן דיכטער,
און צו זײַן ברוסט זיך טוליען פרוי און קינד...
ניין, ניין — איך האָב זיך נאָך ניט אויסגעניכטערט,
איך בין נאָך אַלץ, ווי אַלע בלינדע בלינד...

אינטא, 1945

# ארן מאקאָגאָן

אכוץ די טריבע רויטבאזוימטע אויגן, האָט זײַן בלאס פאָנעם אײַך גאָרנישט געזאָגט. ווען ניט אָט די אויגן, וואָלט ער אין זײַן אייביקן וואטניק און טאָלסטאָווקע (וואָס זײַנען אָנהייב דרײַסיקער יאָרן שוין ארויס פון דער מאָדע) געווען איינער, וועמען דו באמערקסט נישט, ניט אין גאס און ניט אין טראמווײַ.

אמאָל האָט ער, דער זון פון א שטארק פרומען טאטן, געהערט צו דער ייִדישער טעריטאָריאליסטישער ארבעטער־פארטיי ס״ס. שפעטער, אלס קאָמוניסט, געארבעט אין דער ייִדסעקציע פונעם אוקראַיִנישן פאָלקס־קאָמיסאריאַט פאר בילדונג. געווען: הויפט־רעדאקטאָר פון דעם פעדאגאָגישן זשורנאל „ראטנבילדונג”, רעדאקטאָר פון פארשיידענע סאָוועטיש־ייִדישע פעריאָדישע אויסגאבעס פאר דערוואקסענע און קינדער, מעכאבער פון אנטירעליגיִעזע בראָשורן. צוזאמען מיט הענעך קאזאקעוויטשן, פרויקע שפראכן, עליע ספיוואקן, ל. מישקאָווסקין געשאפן א ריי לערנביכער פאר דער ייִדישער שול, געשריבן וועגן פעדאגאָגיש־געזעלשאפטלעכע פראָבלעמען אף ייִדיש און אוקראַיִניש. געארבעט אלס וויסנשאפטלער אין אוקראַיִנישן פאָרשעריש־פעדאגאָגישן אינסטיטוט „אונדיפ”.

ניט וויכטיק, וואָס ער איז א פאָליטישער טוער און מעלוכע־באאמטער און דאפקע אין דער הויפט־שטאָט פון דער רעפובליק. סײַווי ליגט אף אים דער שטעמפל פון א קליינשטעטלדיקן קוסטארישן אגענט. קיינמאָל האָט ער קיין צײַט ניט. ער גייט ניט — טאָמיד אײַלט ער. פון איין זיצונג לויפט ער צו א צווייטער, פון דער צווייטער צו א דריטער. אלץ, וואָס ער דארף טאָן, איז בא אים פון ערשטראנגיקער וויכטיקײַט. ער פארלאנגט פון זיך און פון אנדערע מער, איידער ער און זיי זײַנען אימשטאנד צו טאָן.

צו דער ארבעט פלעג ער קומען דער ערשטער און אוועקגיין דער לעצטער, געגעסן — אבי וואָס. ווען מיר זײַנען שוין געווען רעליאטיוו זאט, האָט ער דעם הונגער אלץ נאָך געשטילט מיט דעם פעסט־פארצויגענעם מאכאָרקע־רויך. פארציִען פלעגט ער זיך מיט אזא אימפעט, ווי פון דעם וואָלט אָפהענגיק געווען די וועלט־רעוואָליוציע — האָבן מיר אף זײַן כעזשבן זיך געוויצלט. ווען זײַנס גלײַכן האָט שוין גערייכערט „גוטע” פאפיראָסן, האָט ער נאָך געצונדן איין „קאָזע פיסל” אין צווייטן און אסטמאטיש זיך געשטיקט אין די געדיכטע וואָלקנס פון דעם שטינקענדיקן רויך, מיט וועלכן ס'איז שטענדיק געווען אָנגעפילט זײַן ארבעטס־קאבינעט.

ער איז ווי צונויפגעגאָסן מיט זײַן אָנגעשטאָפטן פאָרטפעל אונטערן אָרעם. דער דאָזיקער פאָרטפעל איז, זעט אויס, אמאָל געווען שווארץ און האָט מינאסטאם אויך געגלאנצט, אָבער איצט איז ער אָפגעקראָכן און פארמאָגט קאָלערליי מעשונעדיקע פארבן.

אייביק איז ער ארײַנגעטאָן אין פאפירלעך, אין צונויפשטעלן רעזאָליוציעס, אין רעדאגירן באשלוסן און דיקטירן זײַן געטרײַער סעקרעטארשע העלענע (דער פרוי פון דעם שרײַבער אווראָם קאהאן) אײַליקע אינסטרוקציעס צו די אינספעקטאָרן פון די ייִדישע שולן. די, וועלכע קענען אים בלויז בא דער ארבעט, וועלן אײַך קיינמאָל ניט גלייבן, אז

ער קען אַמאָל זיצן בײַ אַ געמיטלעך גלעזל טיי, שוין אָפּגערעדט בײַ אַ קעלישעקל ווײַן.

אַף זײַן מיטלוווקסיקן אויסגעדאַרטן גוף זײַנען די אָפּגעבליאַקעוועטע מאַלבושים ניט געלעגן, נאָר געהאַנגען. פאַרוואָס ער שערט ניט אָפּ די צוויטן, וואָס הענגען אַראָפּ פון די אַרבל? וואָס פאַר אַ ווערט האָבן אַזעלכע קלייניקייטן און באַלעבאַטישע באַקוועמלעכקייטן אין אַנבליק פון דער גראַנדיעזער אויפגאַבע צו בויען דעם סאָציאַליזם אין דער ייִדישער סוויווע?..

און ווער האָט דאָס צײַט זיך צו דערלויבן אַזאַ לוקסוס ווי גאָלן זיך כאָטש איין מאָל אַ וואָך? נאָר לײַדיקגייער, קליינבירגער.

פונוואַנען קומען צו אים די טריבע אויגן? נאָך אַ טאָג האָרעוואַניע וואַכט ער אין די נעכט קעגן דער באָם בעט פון זײַן האַרץ־קראַנקער בלאָנדער מאַניען. זי ליגט שוין יאָרנלאַנג צו בעט אַן אויסגעבלייכטע און אירע צוויי געלבלעך דורכזיכטיקע הענט פיבערן אַף דער קאָלדרע.

זײַנע קאָלעגן האָבן שוין דעמלט געוווינט אין גוטע דירעס (לויט אונדזערע דעמלטיקע באַגריפן), אַפילע פון צוויי צימערן! ער האָט זאַלבעפערט — מיטן ווײַב און קינד און ייִנגערן ברודער, דעם פעיִקן שאַכמאַטיסט — זיך געשטיקט אין איין דושנעם פאַרשטויבטן צימער אַפן הויכן שטאָק. דאָ האָט מען אַף דעם קאַפּטשענדיקן פּרימוס (זײַנס גלײַכן האָבן שוין דעמלט געהאַט אײַנגעפירט גאַז־פּליטעס) געקאָכט די בידנע מאָלצײַטן. דאָ האָט יונגווארג געגרייט די לעקציעס, דאָ האָט מען געוואַשן וועש און געשלאָפן, דאָ איז זינט יאָרן געלעגן צו בעט די אויסגעצערטע פרוי מאַקאַגאָן.

ווען ניט די איבערגעגעבענע פרײַנט — קוידעמקאָל העלענע קאַהאַן און די מישפּאָכע פון דעם שרײַבער לייב קוויטקאָ — וואָלט אין מאַקאַגאָנס שטוב קיינמאָל ניט אָנגעקומען דער בידנער שפּײַז־פּאַיאָק זײַנער, וועלכער קומט אים אַלס הויכער באַאַמטער. זיי פלעגן נאָך דעם ביסל שפּײַז שאָענלאַנג שטיין אין ריי. זיי פלעגן אים ברענגען אין מאַקאַגאָנס שטוב אַרײַן.

אין פּריוואַטן לעבן איז ער דאַפקע געווען אַ ווייכהאַרציקער, אַפילע אַ ביסל אַ סענטימענטאַלער און אַ שטיקל באַטלען אויך — אַלץ אין קעגנזאַץ צו מאַקאַגאָנען דעם שטרענגן פּאַרטייער.

די קלוגע צאַרטע מאַניע און זײַן ליכטיק בלאָנדלאָקיק טעכטערל, אידע (קוקסט אַף איר און הערסט זיך ניט אויף צו וווּנדערן: ווי קומט אַזאַ צעטאַנצט און צעשפּילט קוועקזילבערל אין אָט דער קראַנקער שטוב אַרײַן?) האָט ער שטאַרק ליב. אָבער זיי ביידע ווייסן גוט, אַז קוידעמקאָל איז ער געטרײַ ניט זיי, נאָר דער פּאַרטיי. און — אַ מאָדנע זאַך — ער האָט זיי ביידן אַזוי דערצויגן, אַז זיי האַלטן דאָס פאַר אַ נאַטירלעכער זאַך, אַזוי דאַרף מען.

האַגאַם ער שלעפּט אַף זיך ערלעך דעם גרויסן עול צו פירן די צעפּאָרענע באַלעבאַטישקײַט, זײַנען דאָך זײַנע נאָענטסטע צוויי נעפּאַשעס שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט. איז מאַניע מאַקאַגאָן טאַקע יונגערהייט שטיל אוועק פון דער וועלט.

שטענדיק און אומעטום פלעג ער שטאַרק מאַקפּיד זײַן, עס זאָל כאָלילע אין דער סאָוועטיש־ייִדישער קולטור־אַרבעט ניט פאַרבלײַבן קיין סימען פון אונדזער אַמאָליקן ייִדישן נאַציאָנאַליזם.

ער האָט זיך ניט באַהאַלטן מיט דעם, אַז ער שטרעבט מיט די אייגענע אַסקעטישע הענט אָפּצומעקן זײַן אייגענע נאַציאָנאַליסטישע פאַרגאַנגענהײַט, וואָס „באַשווערט" נאָך זײַן פּסיכיק. זײַן דעוויז איז געווען: „האַרעווען איבער דער אייגענער אידייִשער איבערגעשטאַלטיקונג". דאָס האָט געמיינט: אויסראָטן אין זיך יעדן שפּור פון דער פאַרהאַסטער „קליינבירגערלעכקײַט", וואָס טליעט נאָך אין זײַן אונטערבאַווּסטזײַן און שטערט אים צו פאַרוואַנדלען זיך אין אַ הונדערטפּראָצענטיקן באָלשעוויק — אַזוי פלעגט ער פאַר מיר דערקלערן אַ סאַך פון זײַנע מײַסים.

„אַרן, וואָס מיינט בײַ דיר: זײַן אַן עמעסער הונדערטפּראָצענטיקער קאָמוניסט?" — פלעג איך אים פרעגן בײַס די אייביקע וויקוכים, וואָס מיר האָבן געפירט צווישן זיך. זײַן ענטפער איז שטענדיק געווען איין און דער זעלבער: „זוך נישט קיין כעסרוינעס בײַ דער פּאַרטיי. האָב פולן צוטרוי צו איר אָנפירונג, גריבל זיך ניט און טײַטש ניט מיטן גראָבן פינגער צי דער אָדער יענער באַשלוס טויג יאָ פאַרן סאָוועטישן ייִדנטום, אָדער ניט".

אין אָט דעם „גריבלען זיך" אונדזערן האָט ער אײַנגעזען דעם גרעסטן און געפערלעכסטן פעלער פון די, וועלכע פירן די ייִדישע קולטור־אַרבעט.

בײַס די אַזויגערופענע „רעוויזיעס", ווען מ'האָט געזוכט אידעאָלאָגישע אָפּנייגן פון דער גענעראַלער פּאַרטיי־ליניע (דאָס פלעגט בײַ אונדז פאָרקומען אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק), איז מאַקאַגאָן דער רעדאַקטאָר און מאַקאַגאָן דער אָנפירער מיטן ייִדישן שול־וועזן

אף אוקראַינע, געווען אַנראכמאָנעסדיק — קיינעם ניט געשוינט.

וויפל די גרויסע און מיטעלע טוער און אזעלכע קליינע, ווי איך, האָבן זיך ניט געקלאפּט אלכעט, אמאָל פאר אונדזערע „לינקע", און אמאָל פאר אונדזערע „רעכטע" אָפּנייגן אין דער פּעדאגאָגיק און אין דער נאַציאָנאלער קולטור־בויונג, איז דאָס אלץ פאר מאקאַגאָנען געווען ווייניק: האָסט עפּעס ניט דערזאָגט... האָסט פאַרמולירט דײַן כעט ניט גענוג דײַטלעך!.. האָסט זיך ניט אנטוואָפנט אידעאָלאָגיש אף אלע הונדערט פּראָצענט!..

אפילע מײַנע כוצפּעדיק־פּלאפּלערישע ארויסטרעטונגען קעגן די „אָפּנייגן" אין דער שאפונג פון מײַנע אייגענע לערער, די צוויי געלערנטע — פּראָפעסאָר יאנקעוו רעזניק און ייִסראָעל יאכינסאָן — באפרידיקן ניט דעם וואכזאמען פרײַנט מײַנעם און ער טרעט אייניקע מאָל שארף ארויס קעגן מיר: עסטער שנײַדערמאנס קריטיק איז ניט גענוג באָלשעוויסטיש!"[1]

ער איז ניט געווען קיין שיין־רעדנער און לעהייפעך צו אנדערע אָנפירער פון דער ייִדארבעט, ניט גערעדט מיט גאל, ניט געבייזערט זיך, ניט געסטראשעט דעם באָל־אוויירעניק, וועלכער האָט זיך ניט אזוי לײַכט געלאָזן „איבערדערציִען". אײַנגעשפּארט, אָבער איידל און שטיל האָט ער געפּיקט אין די מויכעס פון די ייִדיש־סאָוועטישע לערער: ווארפט אראָפּ פון זיך יעדן איבערגעבליבענעם סימען פון אײַער נאציִאָנאליסטיש־פארברעכערישן נעכטן.

אָנגעפירט האָט ער מיט דער ייִדישער קולטור־ארבעט אין אוקראַינע אין איין און דער זעלבער צײַט מיט מיכל לעוויטאן, ל. מישקאָווסקי, ש. גולקאָ און אנדערע. אכוץ דעם, האָט ער מיט מישקאָווסקין, בורגאנסקין, לעוויטאנען צוזאמען רעדאגירט פּעריִאָדישע ייִדישע צײַטשריפטן, צוזאמען מיט זיי אָפּגעזעסן טעג און נעכט באם דרינגענדיקן צונויפשטעלן לערנביכער פאר דער ייִדישער שול.

אלע האָבן זיי אמאָל געהערט צו ייִדישע פּארטייען. און אלע האָבן זיי געשטרעבט צו פארווישן פאר דער אויסערלעכער וועלט זייער פארגאנגענהײַט. ווען זיי פלעגן דאָס טאָן, האָסטו אָבער ניט איין מאָל געפילט, אז זייער אינטערנאציִאָנאליזם איז א מוז־זאך. דאָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן מיכל לעוויטאן, וועגן

[1] זע, לעמאָשל, „ראטנבילדונג" נומ. 2, 1932, זײַטן 96 — 101. אָדער „דער עמעס" — וועגן פּלענום פון דער פּעדאגאָגישער סעקציע אין אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור, פאָרגעקומען אין דעקאבער 1931, און אנדערע.

פּיניע בורגאנסקי, וועגן ש. גולקאָ און ל. מישקאָווסקי, וועגן לייב אבראמען און אנדערע, אָבער ניט וועגן מאקאַגאָנען!

זיי פלעגן פון מאָל צו מאָל זיך אידייִש אויסגליטשן — און פאַרמולירט האָט מען עס אף פּארטיי־זיצונגען בעדערעך קלאל אלס „רעצידיוון פון זייער נאציִאָנאליסטישער פארגאנגענהײַט". זיי האָט מען דאָס פירגעוואָרפן, אָבער מאקאַגאָן? עפּעס געדענק איך ניט, אזא זאך זאָל האָבן פּאסירט מיט אים.

בייס איך בין געווען דער פארוואלטער פון דער ייִדסעקציע אין בילדונגס־אָפּטייל פונעם קיִעווער קרײַז, פלעגט מיר אויסקומען אָפט צו פאָרן קיין כארקאָוו אף באראטונגען אין דער ייִדסעקציע פון אוקראַינישן פאָלקס־קאָמיסאריִאט פאר בילדונג (כארקאָוו איז דעמלט נאָך געווען די הויפּט־שטאָט פון אוקראַינע). כ'פלעג אויך פאָרן אף זיצונגען פון דער רעדקאָלעגיע פון די פּעריִאָדישע לערנביכלעך „יונגער שלאָגלער", וואָס מיר האָבן קאָלעקטיוו רעדאגירט אין די יאָרן 1931 — 1932. אין די אלע באראטונגען האָט אָנטייל גענומען מאקאַגאָן. און מיר איז שווער געווען צוצוזען, ווי ער איז פון מאָל צו מאָל אלץ מער פארשמײַעט, אלץ מער אָפּגעלאָזן, און אלץ שוואכער און שוואכער ווערט זײַן געזונט.

זײַן בלינדע אײַנגעגלייבטקײַט אין דער פּארטיי און זײַן אסקעטישקײַט האָט פיל מענטשן פון אונדזער סוויווע דענערווירט. אנדערע האָבן געקוקט אף אים מיט ראכמאָנעס, אָבער אלע, און אויך די, וואָס האָבן אונטערגעשמייכלט פון זײַן דאָגמאטישקײַט און קאָרבאָנעספולן לעבן, האָבן ניט געוואגט, אַפילע אונטער די אויגן, אים צו באליידיקן און גרינגשעצן. וואָרעם אין זײַן ערלעכקײַט האָט קיינער פון אונדז ניט געצווייפלט.

איך און אויך פיל אנדערע פלעגן אים ניט איין מאָל מעקאנע זײַן: „גוואלד, ווו נעמט מען ארנס אינערלעכע גאנצקײַט!"

מאקאַגאָנס פרײַ זײַן פון יעדן וואַיִסרוי־צעצו[1], וואָס האָט אזוי אָפט געפּײַניקט פיל ייִדישע קולטור־טוער באם דורכפירן די פּארטיי־באשלוסן, איז בעעמעס געווען אן אויסערגעוויינלעכע דערשײַנונג. נאָך אזא פאנאטישן סאָוועטיש־ייִדישן קולטור־טוער האָב איך ניט געקענט. כ'האָב אָבער צווישן זיי אויך ניט געטראָפן אזא ערלעכן מענטשן, ווי ער.

געווען אזעלכע (ווי, לעמאָשל, גערשן גאָראָכאָוו, דער אומפּארטייִשער מאָטל קרוגליאק און אנדערע), וועלכע האָבן געפּרווט נאָכמאכן מאקאַגאָנען דעם מאסמיד: זייער

[1] וואתרוצצו — קריגערײַ.

קלוימערשטע אומקאָמפּראָמיסלעכקײַט, זייער שטארקע פארנומענקײַט האָבן באדארפט ווײַזן זייער געטרײַשאפט דער פּארטיי. אָבער בא זיי איז דאָס געווען געקינצלט, און מיט דער צײַט האָבן זיי די שפּיל אוועקגעוואָרפן.[1]

ווען די אגענטן פון ענקאווועדע זײַנען אין 1937 געקומען ארעסטירן מאקאָגאָנען, האָבן די ייִדסעקציעס שוין גאנצע זיבן יאָר ניט עקזיסטירט און אונטער פארשיידענע טערוצים האָט מען געהאלטן אין פארניכטן איין ייִדישע קולטור־אינסטיטוציע נאָך דער אנדערער. א טייל ארבעטלאָזע ייִדישע טוער האָט מען געשיקט אף רוסישער, אוקראיִנישער און ווײַסרוסישער ארבעט. ארן מאקאָגאָן האָט שוין געלעבט אין קיִעוו און דאָ פארנומען א פאראנטוואָרטלעכע אוקראיִנישע מלוכע־שטעלע: אויב מײַן זיקאָרן פארפירט מיך ניט, האָט ער אָנגעפירט מיטן שול־אָפּטייל אין פאָלקס־קאָמיסאריִאט פאר בילדונג פון דער אוקראיִנישער רעפּובליק.

בייס מ'האָט אים ארויסגעפירט פון דער דירע האָט ער זיך א ריס געטאָן צו זײַן אידען, געוואָלט צום לעצטן מאָל ארומנעמען די געראָטענע באסיעכידע, וואָס בלײַבט איצט א יעסוימע. אָבער דאָס מיידל האָט איר פאָטער א האסטיקן שטופּ אָפּגעגעבן: „ביסט מיר ניט קיין טאטע!.. ביסט א קאָנטער־רעוואָליוציאָנער!“ — מיט דעם איז ער ארויס פון שטוב.

דאָס האָט מיר דערציילט אין יאָרן ארום דער אוקראיִנישער הויז־וועכטער, וועלכן די אגענטן האָבן געהאט מיטגענומען אין מאקאָגאָנס דירע, ער זאָל זײַן דער „פּאָניאטאָי“ (איידעס) באם ארעסט.

מיר האָבן שוין דעמלט זייער גוט באנומען, אז, אייגנטלעך, האָט מאקאָגאָן קיין רעכט ניט געהאט פאריבל צו האָבן אף דעם מאָראלישן פּאטש אין פּאָנעם, וואָס זײַן אייגן קינד האָט אים דערלאנגט. ער אליין האָט דאָך אידען דערצויגן אין בלינדער אײַנגעגלייבטקײַט, אז אלץ, וואָס די פּארטיי טוט, איז הייליק, און אז זי קען בעשום־אויפן קיין טאָעס ניט האָבן. צי דען האָט דאָס מיידעלע געקענט האנדלען אנדערש? ס'איז געווען א פארשטענדלעכע דערשײַנונג, וואָס אידע איז ניט בעקויעך געווען זיך צו שיידן מיט דעם טיפן גלויבן, וועלכן דער פאָטער האָט אין איר אײַנגעפלאנצט.

ס'זײַנען פארבײַ א סאך שווערע און ביטערע יאָרן פארן גאנצן סאָוועטישן פאָלק, פארן סאָוועטישן ייִדנטום. אך, ווי גרויס איז געווען די פרייד בא דעם קליינינקן הײַפעלע לעבנגעבליבענע אמאָליקע ייִדישע קולטור־טוער, ווען מיר האָבן דערהערט, אז מאקאָגאָן איז צוריק געקומען פונעם לאגער! האגאם מיר איז אָפּט געווען אומדערטרעגלעך זײַן בלינדקײַט און טעמפּע געהאָרכזאמקײַט צו אלדאָס בייז, וואָס האָט געשטאמט פון זײַן אָפּגאָט, האָב איך דאָך יאָרנלאנג צו אים געטראָגן אין הארצן א באזונדערן ווארעמען געפיל, וועלכער איז פאר מיר אליין אָפּטמאָל געווען אומפארשטענדלעך. הײַנט טראכט איך, אז געשטאמט האָט די ווארעמקײַט פון ראכמאָנעס צו זײַן ביטערער דאָליע, און געוויס אויך פון באוווּנדערונג צו זײַן אינערלעכער גאנצקײַט, וועלכע האָט יאָרנלאנג מיר פערזענלעך אויסגעפעלט.

שווער צו באשרײַבן, ווי גרויס ס'איז געווען די איבערראשונג פון מיר און זײַנע איבעריקע פרײַנט, ווען מיר האָבן שוין בא דער ערשטער באגעגעניש מיט מאקאָגאָנען (אינדערהיים פון זײַן שוועסטער — דער דאָקטערן) דערזען, אז אויך איצט לאָזט ער ניט צו צו זיך קיין פרײַען געדאנק, וואָס שטימט ניט מיט דער פּארטיי־ליניע! ער וויל ניט? אָדער עפשער קען ער שוין ניט?

[1] גערשן גאָראָכאָוו — אן אמאָליקער בונדאָוועץ. אווטאָר פון ארבעטן וועגן פּעדאגאָגישע און געזעלשאפטלעכע פּראָבלעמען. רעדאקטאָר און מיט־רעדאקטאָר פון א ריי ייִדישע אויסגאבעס. געווען דער פארוואלטער פון דער ייִדסעקציע אין בילדונגס־אָפּטייל פון קיִעווער קרײַז (נאָך גאָראָכאָוון בין איך באשטימט געוואָרן אף דעם דאָזיקן פאָסטן), שפּעטער, אין יאָר 1936, ווען פּראָפ. יויסעף ליבערבערג איז געשיקט געוואָרן קיין ביראָבידזשאן, האָט גאָראָכאָוון פארנומען זײַן פאָסטן אלס דירעקטאָר פון וויסנשאפטלעך־פאָרשערישן אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור בא דער אלוקראיִנישער וויסנשאפט־אקאדעמיע. ער איז געווען דאָגמאטיש און אומקאָמפּראָמיסלעך אין זײַן קאמף קעגן ייִדישן נאציאָנאליזם. ארעסטירט אין 1936 און אומגעבראכט אין א לאגער. זײַן איינציקער הויכבאגאבטער זון, כאִים, איז געפאלן אפן פראָנט בייס דער צווייטער וועלט־מילכאָמע. גערשן גאָראָכאָווס פרוי ריווקע — א ביבליִאָטעקערן אין דער קיִעווער ייִדישער צענטראל־ביבליִאָטעק אפן נאָמען פון מאָריס ווינטשעווסקין, איז געשטאָרבן אין גרויסער אײַנזאמקײַט אין א קיִעווער שפּיטאָל. מאָטל קרוגליאק — א זון פון א ראָוו, אליין געהאט סמיכעס אף ראבאָנעס, זייער א פעיִקער. געהערט אמאָל צום „בונד“. געענדיקט די פּעדאגאָגישע אספּיראנטור און דעם אינסטיטוט פאר ייִדישער קולטור, שפּעטער דאָרט געארבעט אלס וויסנשאפטלער. מעכאבער פון פאָרשונגס־ארבעטן און לערנביכער (אייניקע צוזאמען מיטן אווטאָר פון די דאָזיקע שורעס). געדרוקט אינטערעסאנטע מײַמאָרים וועגן טעאָריע און געשיכטע פון פּעדאגאָגיק אף ייִדיש, רוסיש און אוקראיִניש. נאָך דעם, ווי מע האָט געשלאָסן די ייִדישע בילדונגס־אנשטאלטן, איז ער אָנגעקומען אלס פּראָפעסאָר אין אוקראיִנישן אינסטיטוט אין דער שטאָט ניעזשין און דאָרט שטארק זיך אויסגעהיט מיט זײַן ייִדישער פארגאנגענהײַט.

אַרן איז אויך איצט געווען איבערצײַגט, אַז אַלץ, וואָס קומט פֿאָר אין ראַטנפֿאַרבאַנד, איז „היסטאָריש באַרעכטיקט": אַזוי מוז די פּאַרטיי האַנדלען, אויב זי וויל אויסבויען דעם קאָמוניזם. ער זעט אַפֿילו נישט קיין „פּעלערן"... צוויִיעס?.. אַכזאָריִעס?.. ער זעט אין דעם בלויז אַ מוז־זאַך, ווי אַ „היסטאָרישע נויטווענדיקײַט". „דאָרט, וווּ מ'האַקט האָלץ, פֿאַלן שפּענער!" — האַקט ער אָפּ, ווי מיט אַ שאַרפֿן מעסער דעם אויפֿגערעגטן ווידקועך.

מיט דעם איז ער צוריקגעקומען פֿון לאַגער.

נאָר זאָל מיר דער לייענער גלייבן: אַרן מאַקאַגאָן איז אויך איצט געווען ערלעך און אויפֿריכטיק. דאָס איז געווען אונדזער אַלעמענס טיפֿע איבערצײַגונג.

אָבער מאַקאַגאָן, מיט די צוויי טריבע רויט־אַרומגעזוימטע פֿינטלענדיקע אויגן, דער זעלבער פֿרומער פֿאַנאַטיקער, וואָס פֿריִער, דער געטרײַער קאָמוניסט אָן אַ פּאַרטיי־בילעט, איז אין קיִעוו איצט אַ פֿרעמדער, אַ ניט־געוווּנטשענער עלעמענט.

פֿילט ער אין קיִעוו זײַן שוידערלעכע איינזאַמקײַט נאָך שטאַרקער ווי דאָרט, פֿונוואַנען ער קומט. ער איז דאָ קיינעם ניט נייטיק. ער לויפֿט צוריק — נעענטער צו דער טײַגע, צו די ערטער, וווּ ער איז יאָרנלאַנג געווען אַ געפֿאַנגענער. דאָרט פֿילט ער זיך פֿעסטער, רויִקער, — פֿאַרזיכערט ער זײַן הײַפּעלע ייִדישע פֿרײַנט, וואָס זײַנען אומבאַהאָלפֿן כאָטש מיט עפּעס־וואָס צו פֿאַרלײַכטערן זײַן גורל.

זײַן לעצטן מאָקעם־מיקלעט געפֿינט ער אין מײַרעוודיקן סיביר, אין העט־ווײַטן באַרגיקן אַלטײַער לאַנד. דאָרט, וווּ די ראַטנמאַכט האָט אין די יאָרן פֿון דער צווייטער וועלט־מילכאָמע אויסגעבויט נײַע אינדוסטריע־צענטערס. און אָ, גוטער שיקזאַל! מע „טרויט" אים דאָ! אויף דעם טראַקטאָר־זאַוואָד פֿון דער ניט־לאַנג געבוירענער שטאָט רובצאָווסק, וואָס ליגט אויף אַ צופֿלוס פֿון מעכטיקן אײַז־קאַלטן טײַך אָב, האָט אַרן מאַקאַגאָן די זכיִע צו זײַן פֿאַרוואַלטער פֿון דעם לערנטייל מיט קורסן פֿאַר טעכנישער אויסבילדונג פֿון זאַוואָד־אַרבעטער. דאָ טאָגט ער און נעכטיקט בײַ דער אַרבעט — פּונקט אַזוי פֿאַנאַטיש־געטרײַ, ווי אַמאָל, ווען ער האָט אָנגעפֿירט מיטן ייִדישן שול־וועזן אין אוקראַיִנע. ער „וואוואַנסירט" דאָ אַפֿילע אין דער אַרבעט: מע דערלויבט אים צו לייענען לעקציעס!..

און דאָ אין רובצאָווסק איז אַרן מאַקאַגאָן דעם 15־טן מאַרט 1963 אין טיפֿער איינזאַמקײַט געשטאָרבן. קיין פֿולע 65 יאָר נאָך ניט אַלט געווען.

די ידיִעה האָט מיך שטאַרק דערשיטערט. ביז הײַנט הערט מיך ניט אויף צו מאַטערן די פֿראַגע: צי דען איז ער אויך דאָרט פֿאַרבליבן דער זעלבער? צי דען האָט ער אויך דאָרט אין פֿאַרוואָרפֿענעם רובצאָווסק גאָרניט געלערנט פֿון דער ביטערער דערפֿאַרונג? צי דען איז ער געשטאָרבן אַ בלינדער און אַ טויבער צום הימלשרײַענדיקן ווילקיר, וועמענס קאָרבן אויך ער אַליין איז געווען?..

טײַערער לייענער! קוקט ניט אויף מאַקאַגאָנען מיט ביטל אָדער, כאָלילע, מיט פֿאַראַכטונג. גיכער פֿון אַלץ פֿאַרדינט ער אײַער מיטלײַד.

# שרײַ איך ביז ווײטיק

* * *

מע זאָגט, אַז מײַן היים ערגעץ בליט שוין אין פרייד,
נאָר ס׳איז די נעשאָמע פון גוף אָפּגעשיידט.
האָסט, מאמע, א זײַדענע העמד מיר גענייט,
איצט בין איך אין קאטאָרזשנע קייטן געקליידט!
מײַן הארץ אויסגעריסן, צעטראָטן מײַן פרייד —
דאָס ייִדישע לאָשן, מײַן ווונד און מײַן קווייט,
דאָס פאָלק אויסגעשאָכטן און קוואָרים פארזייט
און ווער ס׳איז געבליבן סיביר אים באגלייט.
האָסט, מאמע, א זײַדענע העמד מיר גענייט,
איז עס רויט ווי די שווערד פון דער טײַוולשער שייד.
די ערד אין א בעכער פון טרערן זיך דרייט,
מײַן פאָלק אָנגעפּאָיעט מיט צאָרעס און לייד.
דאָס פאָלק, וואָס געוועזן איז צעזייט און צעשפּרייט,
צערײַסן די קייטן פון קנעכטשאפט איז גרייט,
איין גאָט נאָר אין הימל דאָס הארץ מײַנס פארשטייט,
אונדז וועלן נאָך לויכטן די טרערן פון פרייד.
האָסט, מאמע, א זײַדענע העמד מיר גענייט!..

סיביר, 1952

* * *

פאר מײַן פארשווײַגן,
אַז די לעוואָנע
כ׳האָב געזען אין די צווײַגן,
פאר מײַן זאָגן,
אַז די זון גייט אויף,
ווען סע נעמט טאָגן,
האָט מען מיך ארײַנגעשפּארט
אין שווארצן וואָגן
און מע האָט געטאנצט
אף מײַן גוף...

דערנאָך מיר געעפנט
אַן אײַזערנע טיר,
מיר אין קאמער געבראכט
א בויגן פּאפּיר,
דערנאָך ווי א פאס
מיך געקאטשעט
ביז סיביר,
די צונג מיט טשוועקעלעך
מיר צוגעשלאָגן,
וועל איך שוין קיינמאָל
גאָרניט זאָגן...

1955

# דער שפיגל

דאַן, ווען דו צווינגסט מיך שווײַגן —
שרײַ איך ביז ווייטיק,
און מײַנע ווייגעשרייען
צום הימל שטײַגן...
דאַן, ווען דו צווינגסט מיך ריידן,
וויל איך פארשטיינערט זאָלן ווערן
מײַנע ליידן,
און ניט הערן

זאָל קיין פויגל
מײַנע ווייגעשרייען.
איך קען מיטן פּאָנעם
צו דער טפיסע־וואַנט שטיין,
אפן דיל א צעמיימעסטער
אין בלוט ליגן.
ער איז פון מײַן יאָרהונדערט
דער גרויזאמער שפּיגל...

* * *

וואָלט איך געווען א טערק,
גיט מען מיר אף באָרג —
פערדן־פליייש אף אלע מערק.
וואָלט איך געווען א טאָטער,
וואָלט מיר מײַן מאמע־לאָשן
ניט זײַן פארבאָטן.
וואָלט איך געווען א ציגײַנער,

בין איך א מענטש א פײַנער.
בין איך אָבער א ייִד,
בייס, מײַן ווײַב, די ליד,
און הײַנט צי מאָרגן,
וועט מען אלציינס דײַן מאן
נעמען פארן גאָרגל
טאקע פאר דער דאָזיקער ליד.

1953, מיעזשדורי

* * *

די פרוי בא דער זײַט שמייכלט ווי א קינד,
דער מאן א פינגער ווײַזט איר צו דער ליפּ...
זי זאָל קיין וואָרט ניט זאָגן.
— דו זעסט די טשערעדע אצינד —
דאָס פאָלק, וואָס מע צווינגט
דעם געץ איבערן קאָפּ טראָגן;
און דאָס טראָגן דאָך די יענע, וואָס געשלאָגן
מיט שאָמפּאָל שטאָלענעם

האָט אליין דער געץ,
אָנרופנדיק עס פאָלקס־געזעץ.
די, וועמען ער האָט אף טשוקאָטקע
געטריבן, אין קאָלימא געשטיקט...
די פרוי שמייכלט און פלוצעם איר בליק
ווערט מיט א וואָלקן פארצויגן,
און א בראָך טוט א רעגן,
א מאבל פון די אויגן.

מײַ, 1953

* * *

איך וואָלט ניט געקלאָגט זיך, געשוויגן,
וואָס מיך האָט דער גורל פארוואָרפן
אין א ליכטיקן פּאלאץ מיט שפּיגל
מיט מײַן זייער צעבראָכן הארץ,
ווען איך וואָלט די וואָלקנס צעטרײַבן געקענט,
דעם ייִדישן פאָלק אונטערלייגן די הענט,
זײַן גורל ניט זײַן זאָל אזוי שווארץ —
ארט מיך ניט, וואָס אַן א הארץ
דריי איך זיך ארום און ווער פארשווארצט
אין א ליכטיקן פּאלאץ מיט שפּיגל.

1956, סאנאטאָריע, טשקאלאָוו

# צו אונדזער קאַלענדאַר

## דאָוויד מאַץ

(? — 1902)



לעטערנדיק די ליטעראַרישע, פּעדאַגאָגישע, געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע ייִדישע אויסגאַבעס פאַר די צוואַנציקער — דרײַסיקער יאָרן, קאָן מען אָפט זיך אָנשטויסן אפן נאָמען — ד. מאַץ. זײַנע אַרטיקלען, אַרויסטרעטונגען, רעצענזיעס און אַנדערע מאַטעריאַלן, באַזונדערס אַף קולטור־אויפקלערערישע און פּעדאַגאָגישע טעמעס, האָבן זיך געדרוקט אין די מינסקער, כאַרקאָווער און מאָסקווער צײַטונגען, אין די זשורנאַלן „ראַטנבילדונג", „שטערן", „אפן שפּראַכפראָנט", „די רויטע וועלט". ער איז געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן פון די מינסקער אויסגאַבעס „פּיִאָנער־וועקער", „אַף די וועגן צו דער נײַער שול", פונעם כאַרקאָווער קינדער־זשורנאַל „פּרייד".

וועגן ד. מאַץ האָבן מיר הײַנטצוטאָג ניט קיין גענויע יעדיִעס. מיר ווייסן בלויז, אַז געבוירן איז ער אין מינסק אין אַן אַרבעטער־מישפּאָכע, פאַרענדיקט אַ פּעדאַגאָגישן טעכניקום, געווען אַן אַקטיווער טוער אין ווײַסרוסלענדישן קאָמיוג, אַ לערער אין העכערע בילדונגס־אַנשטאַלטן, געלעבט אויך אין מאָסקווע, כאַרקאָוו און קיִעוו. דעריקער איז ער געווען באַקאַנט אַלס איינער פון די אָנפירנדיקע טוער אין געביט פון ייִדישער פּעדאַגאָגיק. ער איז געשטאַנען בעראָש פון דער ייִדישער אָפּטיילונג באַם אוקראַיִנישן פאָלקס־קאָמיסאַריִאַט פאַר בילדונג.

ווען דעם 25־טן נאָיאַבער 1924 האָט אין מאָסקווע זיך געדאַרפט עפענען דער ערשטער אַלפאַרבאַנדישער ייִדישער בילדונגס־צוזאַמענפאָר, איז ער ערעוו דער דאָזיקער געשעעניש אַרויסגעטראָטן מיט אַ ריי קאָנקרעטע פאָרשלאָגן וועגן דעם, וויאַזוי צו בויען די בילדונגס־אַרבעט אין אַלפאַרבאַנדישן מאַסשטאַב. ער האָט געהאַלטן, אַז מע מוז אויסאַרבעטן אַן אַלגעמיינעם פּלאַן פון אַרויסגעבן ייִדישע ביכער אַף פאַרשיידענער טעמאַטיק, ברייטער אָרגאַניזירן די ספּעציִעלע וויסנשאַפטלעכע אַרבעט — פילאָלאָגיע, געשיכטע, עטנאָגראַפיע.

ער באַגרינדעט זײַנע פאָרשלאָגן דערמיט, וואָס צו יענער צײַט האָבן אַף אוקראַיִנע שוין פונקציאָנירט 268 ייִדישע שולן, 194 פאַרמאַכטע און 19 אָפענע קינדערהײַזער, 18 קינדער־גערטנער, 9 קינדער־קלובן, און אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם ווערט זייער שאַרף געשטעלט די שפּראַך־פראַגע. „אונדזער שול, — האָט ער געשריבן אין אַן אַרטיקל אין נום. 4 פונעם זשורנאַל „די רויטע וועלט" פאַרן יאָר 1924, — איז אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסער מאָס אַדאַנק דעם, וואָס מיר האָבן אין דער לעצטער צײַט אַ סאַך שולן מיט אַ באַדײַטנדיקער מערהײַט ייִדישע קינדער, וועמענס אומגאַנגס־שפּראַך איז ייִדיש, איבערגעפירט פון דער רוסישער אונטעריכט אַף ייִדיש. אין פּרינציפּ איז דאָס אינגאַנצן ריכטיק, אָבער מיר שטויסן זיך דאָ אָן זייער אָפט אין אַן אָרגאַניזירטער אָפּאָזיציע מיצאַד די עלטערן, וועלכע שרײַען: „ייִדיש ניע זשעלאַיעם" און דורך זייערע קינדער טראָגן זיי אַרײַן ניט קיין געוווּנטשענע שטימונג אין שול און דעזאָרגאַניזירן אָפט די אַרבעט".

דאָס איז געווען, ווי געזאָגט, אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָר 1924, עס זײַנען נאָך ניט געווען די ייִדישע סעקציעס באַ דער אוקראַיִנישער און ווײַסרוסלענדישער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיעס, קיין ייִדישע פאַקולטעטן אין די הויכשולן פון מאָסקווע, קיִעוו, מינסק, אָדעס. דאָס וועט פאַרווירקלעכט ווערן ערשט שפּעטער. נאָר שפּעטער איז שוין געווען אַ גאַנץ באַגרינדעטע סיבע צו באַשולדיקן דעם פאַרוואַלטער פון דער ייִדישער אָפּטיילונג באַם אוקראַיִנישן פאָלקס־קאָמיסאַריִאַט פאַר בילדונג אין „ייִדישן נאַציאָנאַליזם".

ד. מאַץ איז איבערגעפירט געוואָרן קיין מינסק, אָבער ער איז געקומען אַהין שוין מיט

אונטע־געשניטענע פליגל. איצטער האָט ער א מעגלעכקײַט אינגאנצן זיך אָפּגעבן דער פּובליציסטישער און רעדאקטאָרישער ארבעט. אונטער זײַן רעדאקציע דערשײַנט אין 1927 א ליטעראריש־געזעלשאפטלעכע כרעסטאָמאַ־טיע „יונגער ארבעטער", זײַנע ארטיקלען דרוקן זיך אין פּעדאגאָגישע זשורנאלן, און זיי זײַנען גאַנץ אויסגעהאלטן אין געביט פון די דעמלטיקע פּאָדערונגען פון דער „מארקסיס־טיש־לענינישער פּעדאגאָגיק", אין איינקלאנג מיטן ברויזנדיקן פּאָליטישן ארום, מיט אונד־זער „גרויסער סאָציאַליסטישער בויונג", ווי ער אליין דריקט זיך אויס אין איינער פון זײַנע רעצענזיעס אף די ערשטע 10 נומערן פונעם פּעדאגאָגישן כוידעש־זשורנאל „ראטנביל־דונג".

„אין געפענקעניש צו „שלוימע רעב כאַימס" און „שלוימע נאָגידס" וועלן מיר די קינדער פון דער ראטנשול ניט אָפּגעבן!" לויט מאַצן האָט זיך באקומען, אז די ליטעראַטור וועגן דער פארזיי־קאמפּאניע (אזוי האָט טאקע געהייסן זײַן רעצענזיע „ליטעראַטור אין ייִדיש וועגן דער פארזיי־קאמפּאניע און קאָלעקטיווי־זאציע", וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין זשור־נאל „די רויטע וועלט", נום. 4 פארן זעלבן יאָר) איז פארן ייִדישן לערער מער וויכטיק, איידער פּערעץ, שאָלעם אש און ביכלאל די גאנצע קלאסיק, וועלכע איז געשטאנען ניט אף קיין מארקסיסטיש־לענינישע פּאָזיציעס.

פארשטייט זיך, ד. מאַץ איז געווען ניט דער איינציקער, וועלכער האָט אין דער דעמל־טיקער ווולגאר־סאָציאָלאָגישער וואקכאנאליע, וואָס האָט פארפלייצט די גאנצע אידעאָלאָ־גישע סטרוקטור פון דער סאָוועטישער גע־זעלשאפט, פארלוירן די אָריענטאציע אין זײַנע אָפּשאצונגען. און ווען אין אָנהייב פון דער צווייטער העלפט פון די דרײַסיקער יאָרן האָט מען גענומען זוכן א „קלאסן־סוינע" אין יעדערן, ווער עס האָט אמאָל „דערלאָזט א פעלער", האָט דער גוירל אויך אים ניט אויס־געמיטן...



# אווראָם מערעזשין

(1880 — ?)

רגעץ לעבן נאָך מענטשן, בא וועמען אין פּאספּאָרט איז דאָס געבוירן־אָרט אָנגעוויזן: „מערע־זשינאָ". און עפּשער ווייסן זיי אפילע ניט, ווו עס געפינט זיך יענער ייִשעוו מיטן נאָמען „מע־רעזשינאָ", ווײַל אף קיין איין געאָגראפישער מאפּע איז ער ניט באצייכנט. אָבער א ייִשעוו מיט אזא נאָמען האָט עקזיסטירט, און אף די מאפּעס פון קרים איז ער געווען אָנגעצייכנט באנאנד מיט אנדערע: „פרילינג", „פרײַדאָרף", „פּערעצפעלד", „נײַדאָרף", „נײַברויט", „דאָ־ברושינאָ". עמעס, אָפּזוכן די דאָזיקע ייִשווים קאָן מען בלויז אף אלטע קרימער מאפּעס, וועלכע געפינען זיך נאָר אין די ארכיוון. און טאקע יענע ארכיוון קאָנען דערציילן ניט בלויז וועגן דעם ייִשעוו מערעזשינאָ, נאָר אויך וועגן דעם מענטשן, מיטן נאָמען פון וועלכן עס איז אָנגערופן געוואָרן דער ייִשעוו.

אווראָם מערעזשין איז געווען איינער פון די טיכטיקסטע טוער פונעם „קאָמערד", וועל־כער איז מיט לײַב און לעבן געווען ארײַנ־געטאָן אין דער ניט־לײַכטער ארבעט פון פּראָ־דוקטיוויזירן די געוועזענע ייִדישע קליין־הענדלער, באלמעלאָכעס, לופט־מענטשן, מאכן פון זיי ערדארבעטער.

פאר דער רעוואָליוציע האָט ער געלעבט אין אָדעס, געווען א לערער, זיך פארנומען מיט ארויסגעבן קינדער־ביכלעך, זיך געדרוקט אין די אָרטיקע רוסישע צײַטונגען. נאָך די פעווראל־טעג פון 1917 איז ער געוואָרן א מיטגליד פון דער אָדעסער „בונד"־אָרגאניזא־ציע, געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פון דעם לינקן פליגל פון דער פּארטיי „פארייניק־טע", וועלכע האָט געשאפן דעם קאָמפארבאנד (אינגיכן זיך אָנגעשלאָסן אין דער קאָמפּאר־טיי). ווען דעניקין האָט אָקופּירט אוקראַינע, איז מערעזשין געווען טעטיק אין דער אונ־טערערדישער קאָמוניסטישער באוועגונג. נאָך דער באפרײַונג פון אוקראַינע האָט ער פאר־נומען אָנפירנדיקע שטעלעס אין ראטן־אנ־שטאלטן, שפּעטער אריבערגעפאָרן קיין מאָס־קווע און געשפּילט א צענטראַלע ראָליע אין דער יעווסעקציע. צוזאמען מיט מ. ליטוואַ־קאָוון האָט ער רעדאקטירט דעם מאָסקווער „עמעס", ווו ער האָט געדרוקט פילצאָליקע אר־טיקלען אף פארשיידענע טעמעס. זײַנע רע־פּאָרטאזשן, ארטיקלען, פארצייכענונגען פלעגן אָפּט זיך באווײַזן אויך אין אנדערע ייִדישע אויסגאבעס.

„ענדע 1919. איך האָב זיך דאַן געפונען אין זשיטאָמיר. אינאיינעם מיט נאָך א גרופּע טוער זײַנען מיר אריבערגעשיקט געוואָרן קיין קיִעוו, וואָס איז נאָך ניט געווען גענומען דורך דער רויטער ארמיי. געפאָרן זײַנען מיר פון זשיטאָמיר קיין קאָראָסטען. דערפאָרן אָבער מיטן צוג ביז קיִעוו האָבן מיר ניט געקאָנט. א וויאָרסט צוואַנציק פאַר קיִעוו, באַם טײַך אירפּען, האָבן די דעניקינצעס אופגעריסן די בריק איבערן טײַך, און מיר האָבן זיך געלאָזט צופוס קיין קיִעוו, ארום וועלכן עס זײַנען געגאַנגען פאַרביטערטע שלאַכטן. אָנגעקומען זײַנען מיר אהין דעם צוואַנציקסטן דעקאַבער. מיר איז אויסגעקומען צו ארבעטן איינצײַטיק אין גוב-אויספירקאָם, אין פאַרוואַלטונגס-אַפּטייל און אין אנדערע ערטער...״

דאָס איז אַן אויסצוג פון א. מערעזשינס פאַרצייכענונג, וועלכע ער האָט פאַרעפנטלעכט אין זשורנאַל „יונגוואַלד״ (נומ. 2 פאַרן 1925), דאָס איינציקע מאָל, ווען ער דערציילט וועגן זיך. בלויז פון אנדערע קוואַלן קאָן מען באַקומען ידיִעס וועגן זײַן לעבן און טעטיקײַט אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער.

ער איז געווען איינער פון די פירנדיקע טוער אין דער צענטראַלער ביוראָ פון די ייִדישע סעקציעס און א קורצע צײַט אַפילע איר סעקרעטאַר. שפּעטער איז ער געוואָרן דער הויפּט-ספּעציאַליסט אין געביט פון סאָציאַל-עקאָנאָמישער טעטיקײַט צווישן דער ייִדישער באַפעלקערונג. וועגן דער לאַגע פון דער פאַראָרעמטער ייִדישער מאַסע נאָכן בירגער-קריג און אין דער ערשטער העלפט פון די צוואַנציקער יאָרן האָט ער געהאַט א פּאַרשטעלונג ניט בלויז פון די צוגעשטעלטע אין ייִדישן קאָמיסאַריאַט באַריכט פון די ערטער. זײַן פאָרשונגס-מעטאָד בײַסן קומען אין דער פּראָווינץ איז געווען — גיין אפן מאַרק און שמועסן מיט ייִדישע קליין-הענדלער, אין וואַרשטאַטן — מיט קוסטאַרן, קעדיי צו שאַפן פאַר זיך א בילד וועגן דער לאַגע. א ריי וויכטיקע מעלוכע-באַשלוסן אף צו פאַרלײַכטערן די שווערע לאַגע פון דער שטעטלדיקער ייִדישער באַפעלקערונג זײַנען אין די צוואַנציקער יאָרן אָנגענומען געוואָרן אַדאַנק זײַנע באַמיִונגען.

א וויכטיקע ראָליע האָט מערעזשין געשפּילט אין קאָמיטעט פון ייִדישער ערד-אײַנאָרדענונג („קאָמזעט״). ער איז געווען די רעכטע האַנט פון דעם פּאָרזיצער פונעם קאָמיטעט פּ. סמידאָוויטשן, און אָן אים פלעגט מען זיך ניט באַגיין בײַסן לייזן די קאָמפּליצירטע פראַגן אין דאָזיקן געביט. דאָס האָט ער אפן ערשטן אַלפאַרבאַנדישן צוזאַמענפאָר פון „געזערד״, וועלכער האָט זיך געעפנט דעם 15 נאָיאַבער 1926 אין קאָלאָנען-זאַל פונעם הויז פון די פאַראיינען אין מאָסקווע, געמאָלדן, אַז אין קרים איז אויסגעטיילט 60 טויזנט דעסיאַטין אף צו באַזעצן דאָרט א פערטל מיליאָן ייִדן, וועלכע וועלן זיך פאַרנעמען מיט לאַנדווירטשאַפט, און אַז דעם באַשלוס האָט אונטערגעשריבן אַליין דער אַלפאַרבאַנדישער סטאַראָסטע מ. אי. קאַלינין.

לויט דער איראָניע פונעם גורל, איז דער זעלבער אווראָם מערעזשין געווען באַופטראָגט צו מעלדן אף איינער פון די זיצונגען פון דער צענטראַל-ביוראָ פון די ייִדישע סעקציעס אין אָנהייב דעקאַבער 1926, אַז דער סעקרעטאַריאַט פונעם צק פון דער פּאַרטיי האָט אָנגענומען א באַשלוס ליקווידירן דעם קרימער פּראָיעקט און אַז דער פאָלקס-קאָמיסאַריאַט פאַר לאַנדווירטשאַפט לייגט פאָר דעם „קאָמערד״ ארויסצושיקן אַן עקספּעדיציע אפן ווײַטן מיזרעך, קעדיי זיך באַקאַנען מיט די באַדינגונגען און מעגלעכקײַטן פאַר קאָמפּאַקטער ייִדישער איבערוואַנדערונג. אין אַפּרעל 1928 איז מערעזשין צוזאַמען מיטן פּראָפ. ברוק ארויסגעפאָרן אהין, קעדיי שוין צוזאַמען מיטן ווײַטמיזרעכדיקן קאַנט-אויספירקאָם אָנמערקן די גרענעצן פון דעם נײַעם ראַיאָן פאַר ייִדישער קאָלאָניזאַציע — בירָאָבידזשאַן.

די כראָניק פון בירָאָבידזשאַן האָט פאַרצייכנט, אַז מערעזשין, וועלכער איז ערשט ניט לאַנג צוריק געווען א קעגנער פון אויסקערעווען די ייִדישע איבערוואַנדערונג אהין, „ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט״, איז נאָכן צוריקער פונעם ווײַטן מיזרעך געוואָרן א פאַרברענטער אָנהענגער פון בירָאָבידזשאַן. די סאָוועטישע פּרעסע האָט שפּעטער פאַרעפנטלעכט מערעזשינס צענדליקער און הונדערטער ארטיקלען וועגן בירָאָבידזשאַן, אין 1930 האָט ער ארויסגעלאָזט אף ייִדיש און אף רוסיש א בראָשור „וואָס איז אַזוינס בירָאָבידזשאַן״.

מיט וואָס עס האָט זיך פאַרענדיקט די טעטיקײַט פון דער צענטראַל-ביוראָ פון די ייִדישע סעקציעס, פון „קאָמערד״ און „געזערד״, איז באַוווּסט. טרויעריק איז געווען דער גורל פון די אָנפירער פון די דאָזיקע מעלוכישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס — אַלע זײַנען זיי אומגעקומען אין די סטאַלינישע טפיסעס און לאַגערן. און צווישן די ערשטע, ווען ס'איז אויסגעפאַלן אַזאַ טרויעריקער גורל, איז געווען אווראָם מערעזשין.

דעם אָפּטייל פירט כאַיִם בײדער

בער סלוצקי



# פֿאַר ערד, פֿאַר פֿרײַהײַט

(היסטאָרישער ראָמאַן)

ערשטער טייל

## ווי האָט עס זיך אָנגעהויבן

קאַפּיטל איינס

### קייסאַריע

געווען איז עס אין דער צײַט פֿונעם קייסער נעראָן, אינעם עלפֿטן יאָר פֿון זײַן קיניגן, דאָס 65-טע יאָר פֿון אונדזער איצטיקער צײַט-רעכענונג.

דאָס יאָר איז געווען פֿון גאָט א געבענטשט יאָר, רעגנס — די ערשטע, די צווייטע, די דריטע אין כוידעש כעשוון און אין כוידעש קיסלעוו, און די לעצטע שפּעטיקע רעגנס אין כוידעש ניסן זײַנען געגאַנגען א סאַך, צו דער צײַט און איבערן גאַנצן לאַנד. די ציס-טערנעס און ברונעמס האָבן זיך אָנגעפֿילט ביז אַריבער די שטיינערנע ראַנדן. די ערד האָט זיך זאַט אָנגעטרונקען, די פֿעלדער האָבן זיך געכוואַליעט און געגרוישט מיט געדיכטער טווּע. גרויסע סטאַדעס פֿי האָבן זיך געפּיטערט אויף די לאָנקעס, אויף די פּעטע באַרגיקע פּאַשע-פּלעצער, האָבן אָנגענומען אויף זיך לײַב, זייער פֿעל און האָר האָט פֿעט געגלאַנצט און די אײַטערס בא די פֿי האָבן געטריפֿט פֿון איבערפֿלוס מיט שוימען-שמעקנדיקער מילך. פֿאַרשפּעטיקטע שטורעם-וואָלקנס פֿלעגן פֿון צײַט צו צײַט אָנפֿליִען, אָנציִען איבערן הימל און ווי א געטרײַע מוטער אַן איבעריק מאָל א רעגן טאָן אויף דער ערד, צוגעבן די וואַקסנ-דיקע קינדער נאָך א ביסל זאַפֿט, נאָך א קאַפּ כּיעס.

און איבער דעם אַלעם דאָרט, אויבן און אומעטום, אין טיפֿער פֿאַרבאָרגעניש ער, דער פֿאָטער פֿון אַלץ, דער קיניג פֿון אַלע קיניגן, דער הייליקער און אייביקער, וואָס שיקט אַלץ און אַלעמען לעבן און כּיעס, געבענטשט זאָל זײַן דער נאָמען זײַנער. אונטן, די מוטער-ערד, א פֿולע מיט זאַפֿט און קראַפֿט, א יוירנדיקע און באַפֿרוכפּערט-ברוּיזנדיקע. איבעראַל איין וווּנדערלעכע פֿאַרפֿלייצנדיקע, שפּרודלענדיקע שעפֿע, איין דערפֿרייענדיקע בראָכע. און דאָך...

און דאָך איז אינעם לאַנד פֿון ייִסראָעל, אין דער רוימישער קייזערלעכער פּראָווינץ יעהודע, פֿריילעך ניט געווען.

אַלץ איז דאָרט געווען שרעקעוודיק שטיל, דראָענדיק פֿאַרטײַעט, ווי פֿאַר א גרויסן

שטורעם־אויסברוך. אַן אומקלאָרע אומרויִקייט און וואָרטעניש אויף עפּעס אויסטערלישס, דערהויבנס און פֿורכטערלעכס האָט אַנגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד און פֿיל געגנטן אַרום דעם — דעם צאָפֿן און דעם דאָרעם, דעם גאַליל און יעהודע, עדוים און פּערייע. באַזונדערס די צוויי הויפּט־שטעט — יערושאָלאַיִם און קייסאַריע, האָט געהאַלטן אַלץ און אַלעמען אין גליִענדיקן פֿיבער, אין הויכער געשפּאַנטקייט. מע האָט צוגעזען די גרויסע בראָכע, וואָס גיסט זיך פֿון הימל, זיך צוגעקוקט צו דער שפּרודלענדיקער שעפֿע, וואָס שלאָגט פֿון דער ערד, און מע האָט ניט געוווּסט, צי פֿרייען זיך מיט דעם צי ניט: ווער ווייסט, וואָס וועט זײַן, ווער וועט געניסן פֿון דעם אַלעם?

ווי געריפֿענע צום מײַלעכס רײַכן מאַלצײַט. די טישן ווערן מיט אַ קיניגלעכער גאָב רײַך געגרייט, די געריפֿענע געסט זײַנען יאָמטעוודיק אויפֿגעראַמט, אָבער ביזן העכסטן גראַד צערודערט אין אומרויִקער וואָרטעניש. עפּעס האָט פּאַסירט אומגעווײַנלעכס דאָרט, אין די פֿאַרבאָרגענע הייכן פֿונעם קיניגס פּאַלאַץ. עס שטייט אָן אַן אומגעריכטער גרויסער יום־האַדין פֿאַר אַלעמען. אַליין דער קיניג וועט באַלד אַראָפּקומען אין זײַן פֿולער רום און הערלעכער פּראַכט, וועט זיך אַוועקזעצן אויפֿן שטול פֿון געריכט. די געריפֿענע וועלן געשטעלט ווערן פֿאַרן קיניג ניט ווי געסט, נאָר ווי געמישפּטטע. יעדער וועט אַדורכגיין אונטער זײַן שטרענגער רום פֿונעם דין. ווער עס וועט מיט ביזיאָן און שאַנד אַרויסגעשלײַדערט און אַרויסגעטריבן ווערן פֿון דער סודע, ווער עס וועט דערנעענטערט, דערהויבן און אַוועקגעזעצט ווערן לעבן דעם הערשערס רעכטער האַנט... און, וואָרטנדיק, קוקט יעדערער מיט זאָרג אין זיך אַרײַן, פֿאַרשט אַדורך זײַנע מײַסים, שפּירט נאָך מיט כשאַד און אומצוטרוי נאָך זײַן כאַווער, ווי נאָך אַן אַנקלאָגער, אַ פֿאַרמאַסערנדיקן, און איינער דעם אַנדערן ניט פֿאַרגלייבנדיק, סוידעט מען זיך שטיל, און איינער דעם צווייטן גיט איבער בעסאָד גרויסע וויכטיקע נײַעס, כאָטש קיינער ווייסט אַליין ניט רעכט וואָס און ווען, און אַלע קוקן זיך מיט קלאַפּנדיקע הערצער אום אויף דער טיר, הערן זיך אומרויִק אײַן און וואַרטן אין אַנגסט און צעטראָגנקײַט: וואָס וועט זײַן?

אין דער ביז גאָר אומרויִקער קייסערלעכער פּראָווינץ יעהודע איז מיטאַמאָל געוואָרן אומגעווײנלעך שטיל און רויִק: דער רוימישער פּראָקוראַטאָר אַלבינוס, וואָס האָט פֿאַרגאָסן דאָס לאַנד מיט בלוט, האָט מיט זײַנע אומגעזעצלעכע שטײַערן, מיט זײַנע שטראָפֿן און בארויבונגען דערפֿירט דאָס פֿאָלק צו אַ פֿאַרצווייפֿלטער פֿאַרביטערונג און אַרויסגערופֿן צווישן דעם גרויסע מעהומעס. דער דאָזיקער פֿאַרהאַסטער אַלבינוס איז ענדלעך אָפּגערופֿן געוואָרן פֿון יעהודע.

דערויף איז באַזונדערס באַשטאַנען דער קייסערלעכער לעגאַט אין סיריע קעסטיִוס, קײַוס גאַלוס. קעסטיִוס, איינער פֿון די אַלטע רוימישע באַאַמטע, איז געווען קעגן די נײַע מעלוכע־פֿירעכצן אין רוים. ער האָט געשטרעבט פֿריִער פֿאַר אַלץ אָפּצוהיטן די רוימישע אָרדענונג און גערעכטיקײַט אַזוי, ווי ער האָט זיי פֿאַרשטאַנען, אָפּהיטן די גאַנצקײַט פֿון דער מעלוכע. ער איז געווען קעגן נײַע מילכאָמעס, דערהויפּט מיט דער גרויסער מיזרעכדיקער פּאַרפּיאַנישער מעלוכע. אים האָט זייער באַאומרויִקט די מילכאָמע, וואָס קײַוס דאָמיציִוס קאַבולאָן האָט אָנגעהויבן אין קאַפּאַדאָקיִע (אַרמעניע), איז דעם דאָזיקן טויער פֿון פּאַרפּיִע. נאָך מער האָט אים אויפֿגעבראַכט און געשראָקן דעם קייסערס נײַע אויפֿגעקומענע ליבלינגען, די אַלערליי באַפֿרײַטע קנעכט, וואָס האָבן אַרײַנגעכאַפּט די גאַנצע מעלוכע־אָנפֿירונג פֿון רוים אין זייערע הענט, פּלאַנעווען אַ פֿאַנטאַסטישע נײַע מיזרעכדיקע מעלוכע, ווילן אײַנשטעלן אַ נײַע אָרדענונג אויף מיזרעך, אין דעם דאָזיקן אומויסשעפּלעכן קוואַל פֿון קאָלאָסאַלע רײַכטימער, וועלכע זיי, די דאָזיקע געמיינע לײַט, האָבן שוין פֿאָרויס ווי אײַנגעטיילט צווישן זיך. ער האָט געפֿירט אַ פֿאַרביטערטן קאַמף קעגן די דאָזיקע ווילדע און געפֿערלעכע פּלענער און האָט געטאָן אַלץ, ניט צו דערלאָזן צו אַ נײַעם קריג מיט דער גרויסער מיזרעכדיקער מעלוכע. אים האָט סאָפּקאָלסאָף געראָטן צו שליסן אַ שאָלעם־אָפּמאַך מיט וואָלאָגעזן, דעם נײַעם פּאַרפּיאַנישן קיניג. דאָך אינגאַנצן רויִק איז קעסטיִוס אויך נאָך דעם ניט געווען. עס איז געווען נאָך אַ נעסט פֿון אַ גרויסער מילכאָמע־געפֿאַר — דאָס

איז געווען די קייסערלעכע פּראָווינץ יעהודע, דער צווייטער טויער קיין פּאַרפּיע. קעסטיוס האָט ניט אויפגעהערט צו וואָרענען דעם קייסער וועגן דער לאַגע אין דעם דאָזיקן לאַנד, האָט אָנגעוויזן אויף די אומגעזעצלעכע מעשׂים פון די פאַרוואַלטערס פון יעהודע, וואָס האַלטן ווי מיט אַ קיוון אין איין אויפרייצן דאָס ייִדישע פאָלק און עס דערפירן ענדלעך צו אַן אויפשטאַנד, צו אַ מלחמה מיט רוים, אַ מלחמה, וואָס קאָן, ווי ער האָט גערעכנט, אָנצינדן אַ פייער אינעם גאַנצן מיזרח און צונישט מאַכן זײַן ביזהעריקע מי אײַנצוהאַלטן דעם שלום דאָרט.

אין רוים אָבער האָט מען זיך אויסגעלאַכט פון קעסטיוסן, פון דעם דאָזיקן אַלטן אויווערבאָטל, ווי מע האָט אים גערופן אין קייסערס הויף. די ליבערטינער, נעראָנס פאַוואָריטן, פּאַליקלעטוס, געליוס, דער פּרעפעקט פון דער פּרעטאָריע סאָפאָניוס, טיגעלין און אַנדערע האָבן געכאַנפּעט זייער פּאַטראָן, געלויבט אין טאָג אַרײַן זײַנע אומגעלומפּערטע אײַנפאַלן, אַלע זײַנע לײַכטזיניקע ווילדע קאַפּריזן און מעשוגעדיקע באַגערן, האָבן אַליין אויך זיך באַטייליקט אין דעם קייסערס נאַכט־וואַנדלונגען, אין זײַנע אויסגעלאַסענע אָרגיעס און אין די בלוטיקע מאָרדן. זיי האָבן אויסגענוצט זײַנע אַקטיאָרישע נייגונגען און זיך באַמיט דורך דעם אינגאַנצן אים האַלטן פונדערווײַטנס פון דער מלוכה־אָנפירונג, וואָס זיי האָבן אַרײַנגענומען מיט זײַן צושטימונג אין זייערע הענט. זיי פלעגן אויסבאַהאַלטן פון קייסער אַלץ, וואָס האָט געקענט אים באַאומרויִקן און שטערן זײַן זאָרגלאָזע אַרטיסטישע טעטיקײַט. וועגן די אומרוען אין יעהודע פלעגט צו אים דערגיין זעלטן און אַלעמאָל אַזוי ווי דאָס וואָלט קיין שום באַדײַטונג ניט געהאַט. די ייִדישע מעקוראָווים זײַנע האָבן זיך אויך באַמיט פאַרצושטעלן פאַרן קייסער די אומרוען אין יעהודע ווי פּאַשעטע רויבערישע אָנפאַלן, וואָס האָבן קיין שום געפאַר ניט פאַר דער רוימישער הערשאַפט. נעראָן האָט גערן געגלייבט אין די דאָזיקע אַלע רייד און איז ביז גאָר ניט צופרידן געווען מיט קעסטיוס׳ וואָרענונגען וועגן די ייִדישע אומרוען און ער פלעגט טרײַבן פון זיך זײַנע נימעסדיקע ראַפּאָרטן, ווי אַן אײַנגעגעסענע פליג. און אויב ער האָט אים פאָרט געלאָזן אויף זײַן פּאָסטן אין סיריע און ניט אויסגעגאָסן זײַן צאָרן אויף אים, איז עס געווען נאָר דערפאַר, וואָס קעסטיוסן האָט געראָטן צו שאַפן אַ שלום אויף מיזרח און אויסמײַדן נײַע מלחמות, וואָס זײַנען בכלל געווען נעראָנען ניט צום האַרצן.

דעם קייסערס פאַוואָריטן האָבן מיט אַן עמעס ניט צו הויך געשאַצט דאָס ייִדישע פאָלק. מישטיינס־געזאָגט, וואָס פאַר אַ ווערט קאָן האָבן דאָס דאָזיקע קליינע פאָלק, וואָס אַ רוימישע אַרמיי קען אומגעשטערט דורכגיין זײַן לאַנד פון איין עק ביזן צווייטן אין וועלכע צוויי־דרײַ טעג!

קעסטיוס האָט אָבער אַנדערש געקוקט אויף דער דאָזיקער פּראָווינץ. אים איז גוט באַקאַנט געווען די פאַרצווייפלונג, דער קאַמפּספּעיקײַט פונעם דאָזיקן קליינעם פאָלק, וואָס אינעמעסן איז עס גאָרניט אַזוי קליין און איז ניט אַליין. אים איז געווען גוט באַקאַנט, וואָס דער ייִדישער קיניג הוראָדאָס אַגריפּאַס דער גרויסער[1] האָט אין זײַן צײַט געשריבן צום קייסער קאַליגולאַ, אַז ירושלים איז די הויפּט־שטאָט ניט נאָר פון די ייִדן אין יעהודע, נאָר אויך פון אַלע ייִדן אין דער גאָרער וועלט — אין באָוול, אין סיריע, אין עגיפּטן, אויף די אינדזלען פונעם יאַם, און אין דער גאַנצער רוימישער אימפּעריע און אויסער איר. קעסטיוסן איז אויך גוט באַקאַנט געווען די צוגעבונדנקײַט פון די ייִדן אין סיריע, אין באָוול און אין אַנדערע לענדער צו יעהודע און ירושלים. ער האָט אויך געוווּסט, אַז די קיניגן פון די פּאַרפּיאַנישע וואַסאַלע מדינות — עדעיע, אַדיאַבענע און אַנדערע זײַנען רעליגיעז און קרויווּיש פאַרבונדן מיט ירושלים און אירע פאַרנעמסטע לײַט און, זײַענדיק שטענדיק גרייט אַרויסצוטרעטן קעגן רוים, קענען זיי לײַכט קומען די ייִדן צו הילף אין זייער קאַמף קעגן די רוימער. האָט ער, ניט פילנדיק צו די ייִדן קיין באַזונדערע ליבע, דאָך געטאָן אַלץ צו באַרויִקן זיי און ניט צו דערלאָזן צו אַן אויפרײַס אין יעהודע.

---

[1] דער גרויסער האָט אויך דעם באַטײַט: דער עלטערער.

נעראָן האָט אָבער אפילו הערן ניט געוואָלט פון די מעלדונגען, וואָס זײַנען געגאַנגען פון קעסטיוסן וועגן דעם קייסערלעכן פארוואלטער אין דער פראָווינץ יעהודע, וועגן אלבינוסן. נעראָן אַליין האָט אויך ביכלאַל פון יענער פראָווינץ ניט איבעריק שטארק געהאַלטן, האָט גערעכנט די יידן פאר פראַים, פאר די סאַמע אָפּגעשטאַנענע באַרבאַרן, וואָס האָבן ניט קיין גוסט און קיין פארשטאַנד פאר קונסט און קענען ניט אָפּשאַצן זײַן הויכן קייזערלעכן ארטיסטישן טאַלאַנט. אויב ער האָט געדולדעט דאָס דאַזיקע פאָלק, איז עס געווען נאָר אַדאַנק די עטלעכע אופגעקלערטע יידן אין רוים און זײַנע פרײַנט פון דעם קיניג הורדוס־אגריפּאַס מישפּאָכע, און נאָך מער צוליב זײַן געליבטער דער קייסערן פּאָפּייע, וואָס האָט אייסאָקים מיט די יידן און מיט זייער גאָט. ער האָט זיך באַצויגן צו פּאָפּייעס נייגונגען צום יידישן גלויבן ווי צו א ווײַבערישן קאַפּריז, אָדער ווי צו א קינדערשער נארישקייט און אים האָט אמוזירט איר נאַיווע גלויבן אין דער מעכטיקייט פונעם יידישן גאָט. און בלויז זיך אָפּצוטשעפּען פונעם אײַנגעגעסענעם אלטן קעסטיוסן און צוליב טאָן דער ביטע פון פּאָפּייען איז ער אײַנגעגאַנגען אויף קעסטיוס׳ פאָדערונג און האָט ענדלעך באַפוילן, מע זאָל דערווײַטערן דעם פארדאָרבענעם אלבינוסן פון יעהודע.

פאר זײַן פארלאָזן אָבער דאָס לאַנד, איז אלבינוס באַגאַנגען א טאַט, וואָס האָט געזאָלט, ווי ער האָט געזאָגט זײַנע יידישע פרײַנט, לאָזן נאָך זיך א גוטן אָנדענק באַם פאָלק, וואָס ער האָט, ווי ער האָט געזאָגט, די גאַנצע צײַט געוואָלט נאָר זײַן טויווע און זיך באַמיט צו באַרויקן עס. ער האָט באַפוילן צו טייטן אָן שום געריכט די געפאַנגענע אָנפירער פון די פריערדיקע און לעצטע אומרוען — עלאַזערן און אלעקסאַנדערן (עליעזער בענדינײַס כאַווײַרים), אמראַמען און אנדערע. ער האָט אָבער אין דער זעלבער צײַט פאר אויסקויף־געלט ארויסגעלאָזט פון אלע טפיסעס אלע איבעריקע ארעסטירטע, וואָס זײַנען, ווי ער האָט זיך פארענטפערט פאר זײַנע יידישע פרײַנט, באַגאַנגען נישטיקע פארברעכנס, אָדער זײַנען פארכאַפּט געוואָרן בלויז אויס כשאַד, אז זיי קערן אָן צו די קאַנאָיִם און מיקאַרייער, צו די פאָלקס־נעקאָמענעמער, אָדער האָבן געהאַט א מאַגע אומאַסע מיט זיי. אינדערעמעסן אָבער האָט ער דערמיט נאָר געוואָלט מאַכן שווערוקייטן דעם פארוואלטער, וואָס וועט קומען נאָך אים, און קענען מיט דעם זיך ריינוואַשן אין רוים פאר זײַנע פארדאָרבענע מײַסים אין יעהודע.

דאָס אָרעמע פאָלק, די כאַכאָמים און אויך א טייל פון די מעסיקע פאַרנעמע לײַט זײַנען געווען צופרידן, וואָס די טפיסעס זײַנען אויסגעליידיקט געוואָרן. זיי האָבן געגלייבט, דאָס וועט באַרויקן דאָס לאַנד. זיי זײַנען אָבער שטארק אופגעבראַכט געווען פאר דער אומגעזעצלעכער הארוגע פון די באַשולדיקטע אין די אומרוען, האָבן אין דעם אײַנגעזען נאָך אָן איבעריקן באַווײַז אויף זייער פארשקלאַפּטער לאַגע און אז די רוימער האָבן אינגאַנצן אופגעהערט צו רעכענען זיך מיט די יידישע געזעצן און מינהאָגים, וואָס נאָך זיי נאָך טאָר קיין שום מענטש ניט געטייט ווערן אָן אן אורטייל פונעם געריכט. האָבן זיי באַדויערט דעם טויט פון די דאַזיקע נעקאָמענעמער און זיי צוגערעכנט צום גרויסן צעטל קדושים, מארטירער פאר דער זאַך פונעם פאָלק.

אקעגן זשע די רײַכע שיכטן און די גרויסע מעיוכאָסים פון לאַנד, ביכלאַל די אלערליי פרײַנט פון די רוימער, האָבן מיט גרויס צופרידנקײַט אופגענומען דעם טויט פון די מעהומעס־צינדער, פון די רויבער, ווי זיי האָבן זיי גערופן. זיי האָט אָבער שטארק פארדראָסן, וואָס אלבינוס האָט די איבעריקע אומרויִקע מענטשן פרײַ געלאָזן... „די טפיסעס, — האָבן זיי פארביטערט געטײַנעט, — זײַנען געוואָרן ליידיק, די בערג אָבער זײַנען ווידער געוואָרן פול...״

דאָך האָט די ערשטע צײַט דאָס גאַנצע לאַנד לייכט אָפּגעאָטעמט און זיך באַרויִקט, כאָטש די ווונדן, וואָס אלבינוס האָט דעם געמאַכט, האָבן זיך נאָך ניט פארצויגן און נאָך פריש געבלוטיקט. צו א געפײַניקטן, וואָס זײַנע טאַליאַנים האָבן אים אויף א ווײַלע אָפּגעלאָזן און פארלאָזט. דער געפײַניקטער איז ניט זיכער, צי איז דאָס אויף לאַנג, צי ווילן ווידער ניט קומען נײַע, נאָך ערגערע טאַליאַנים צו פּײַניקן אים. נאָר גוט איז כאָטש א כײַע שאָ.

גוט איז צו פֿילן די צעוווּנדעטע גלידער כאָטש אַף אַ רעגע לויז געמאַכטע פֿון דער אײַזערנער קלעם.

דאָס פֿאָלק האָט געהאָפֿט, דער הייליקער, געבענטשט זאָל זײַן דער נאָמען זײַנער, וועט זיך פֿאַרט ארומקוקן אַף זײַן פֿאָלק, זיך דערבאַרעמען אַף דעם און וועט אַרײַנגעבן דעם נײַעם מושל אַ ווייך האַרץ און אַ טראָפּן יושער. און ווער ווייסט — עפּשער! עפּשער וועט מיט אַן עמעס גאָר קומען ענדלעך די לאַנג דערוואַרטע ריכטיקע ישועה, די פֿולע אויסלייזונג פֿון רוים, פֿון דער דאָזיקער מאַלכוס עדוים האָרשאָאָ, ווי ער האָט זיי שוין איינמאָל אויסגעלייזט פֿון די סירישע גריכן, פֿון דער מאַלכוס יאָוואָן האָרשאָאָ. עפּעסריידן דאָך וועגן דעם אַלטע לײַט, הייליקע מענטשן. די הייליקע ספֿאָרים, זאָגט מען, דײַטן אויך קלאָר אָן אַף דעם... און ווי אַ פֿאַרוווּנדעטער הירש, וואָס לעקט אַרום זײַנע ווונדן, האָט דאָס פֿאָלק גענומען ביסלעכווײַז צוריק אופֿצושטעלן זײַן פֿאַרוויסטע באַלעבאַטישקײַט און ניט אופֿגעהערט צו האָפֿן אַף בעסערע צײַטן: ווער עס האָט אַרויסגעקוקט אַף אַ נײַעם „גוטן” פּראָקוראַטאָר, ווער עס האָט געהויבן די אויגן צום הימל און ווער עס האָט געקוקט צו די בערג, וווּהין עס זײַנען אַוועק די באַפֿרײַטע פֿאָלקס-נעקאָמענעמער, און יעדערער האָט מיט אַנגסט געפֿרעגט: מאַיִן יבוֹא עזרי? פֿונוואַנען וועט ענדלעך קומען די הילף?

ווי אַ גוטע בסורע איז אין לאַנד אַדורכגעגאַנגען אַ קלאַנג, אַז אַלס פֿאַרוואַלטער פֿון יעהודע איז באַשטימט געוואָרן איינער אַ געסיוס פֿלאָרוס, דער קייסערנס פּאָפּייעס אַמעקורעוו. ווי אַלעמאָל, ווען אַ לאַנד באַפֿרײַט זיך פֿון אַ טיראַן און וואַרט אַף אַ נײַעם הערשער, זײַנען אויך איצט געווען אין פֿאָלק מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט זען אין אים אַ פֿאָלקס-פֿרײַנט, אַ יוישערדיקן רעגירער, און האָבן אים צוגעגעבן אין זייער פֿאַנטאַזיע די בעסטע מײַלעס. לײַכטגלויביקע האָבן גערן זיך צוגעהערט צו די דאָזיקע טרייסט-קלאַנגען און זיך געפֿרייט מיט זיי. אָקעגן זשע אויסגעפּרוּווטע און פֿאַרביטערטע האָבן, אויסוואַרטנדיק, גרימיק געשוויגן. מיט אַן עמעס צופֿרידן זײַנען געווען נאָר די רוימישע פֿרײַנט אין לאַנד.

און מער פֿאַר אַלעמען איז געווען צופֿרידן מיט דער נײַער באַשטימונג דער רײַכער קייסאַרער סויכער און פּובליקאַנוס יוינאָסאָן, דער הויפּט-מויכעס פֿון די צינשן און שטײַערן און אויך פֿון די האַפֿנס-אָפּצאָלונגען אין קייסאַריע און אין אַנדערע האַפֿן-שטעט. יוינאָסאָן דער מויכעס האָט געלייגט גרויסע האָפֿענונגען אַפֿן נײַעם פּראָקוראַטאָר, אַף געסיוס פֿלאָרוסן פֿון קלאַזאָמעט און נאָך מער אַף זײַן ווײַב קלעאָפּאַטרע. ער אַליין האָט טאַקע ניט ווייניק מיטגעהאָלפֿן דער דאָזיקער באַשטימונג און האָט עס געהאַלטן פֿאַר זײַנעם אַ גרויסן פֿאַרדינסט פֿאַרן לאַנד.

באַם אויסקלײַבן פֿלאָרוסן פֿאַר אַ פּראָקוראַטאָר פֿון יעהודע האָבן יוינאָסאָן און זײַנע פֿרײַנט אין יערושאָלאַיִם און אין רוים געהאַט דערבײַ זייערע טײַמים. פֿלאָרוס איז געווען איינער פֿון די פֿיל רוימישע לײַכטזיניקע און צעלאָזענע פּוסטע פּראַנטן און לײדיקגייער, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט אין און אַרום דעם קייזערלעכן הויף. ער האָט קיינע שום באַשעפֿטיקונגען ניט געהאַט. און געלעבט האָט ער פֿון די כסאָדים פֿון קייסערס הויף, אָדער אַפֿן כעזשבן פֿון זײַנע רײַכע כאַוויירים און אַף דער גאָב פֿון די פֿרויען פֿון די רײַכע ליבערטינער. ער האָט זיך גאַנצענע טעג אַרומגעיאָגט איבער דער שטאָט, איז שטאַרק פֿאַרנומען געווען מיטן אונטערהערן און צונויפֿקלײַבן שטאָטישע סקאַנדאַליעזע נײַס און פּיקאַנטע רעכילעסן, איז אויך שטענדיק פֿאַרנומען געווען מיט זײַן פּוצן און קליידן זיך, האָט אַכטונג געגעבן, דער קאָפּ זאָל באַ אים זײַן אַלעמאָל פֿאַרקעמט מיט אַ גלײַכן שרונט, די האָר אַף די הענט זאָלן זײַן גלאַט אויסגעפּליקט. פֿון זײַנע קליידער האָט שטענדיק געשמעקט, כאָטש ניט אַלעמאָל מיט קיין טײַערע בסאָמים. טאָמיד האָט ער זיך אונטערגעזונגען צווישן די ציין עפּעס אַ נײַ לידל אָדער ניגנדל ווי אַ מענטש, וואָס איז פֿאַרכאַפּט פֿון אַ טיפֿן געדאַנק, כאָטש זײַן קאָפּ איז שטענדיק געווען ליידיק, ווי אַ צעשפּאָלטענער קאָס, וואָס דער ווײַן רינט אַרויס פֿון אים און אַף זײַן דעק בלײַבט אָבער נאָר דאָס ביסל הושטשע פֿונעם געטראַנק. ער איז געווען אַ היימישער מענטש אין אַלע גרויסאַרטיקע אַטריומס און גאַסטצימערן באַ די רײַכע פֿרײַגעלאָזענע קנעכט, דער קייסערנס מעקוראָווים.

ער פלעגט זיך ארומדרייען דאָרט ארום די שטולן פון די יונגע און נאָך מער פון די שוין ניט יונגע מאטראָנעס, וואָס פלעגן אים מעכאבעד זײַן מיט א ברייטער האנט, און ער האָט זיי דערפאר שטענדיק ארײַנגערוימט אין אויער עפּעס פון די נײַסטע שטאָטישע רעכילעסן און סקאנדאלן.

זײַן פרוי קלעאָפּאטרע, אָדער קלעאָ, ווי מע האָט זי גערופן אין די היימישע קרײַזן, איז געווען דער קייסערנס פּאָפּייעס גאָר א נאָענטע מעקוראָוועס, און ווי איר פּאטראָנעסע (אזוי האָט מען געשמועסט צווישן די יִדן אין רוים) איז זי אויך געווען גענייגט צום יִדישן גלויבן. פלאָרוס איז שטארק פארליבט געווען אין זײַן יונג שיין ווײַב און מער פאר אלץ פאר איר נאָענטקײַט צו דער קייסערן. צווישן די יונגע הויף־לײַט האָט מען זיך געוועטלט איבער פלאָרוסן, אז ער איז א געהאָרכזאמער שקלאַף בא זײַן ווײַב און אז קלעאָ שפּילט זיך מיט אים ווי מיט א בלום, און זיי האָבן אים געוואָרנט, ער זאָל זען ניט פארוועלקט ווערן, קעדיי זײַן קלעאָ זאָל אים ניט ארויסוווארפן, ווי מע ווארפט ארויס א פארוועלקטע רויז.

אָבער גראָד דאָס האָט מער פאר אלץ אויסגענומען בא יוינאָסאָנען און זײַנע פרײַנט. זיי האָבן אײַנגעפונען, אז טאקע איבער דעם וועט פלאָרוס זײַן דער פּאסנדיקער פארוואלטער פון יעהודע. און דאָס האָבן זיי טאקע אונטערגעזאָגט קלעאָפּאטרען בעטן בא דער קייסערן צו פּויעלן בא נעראָנען, מע זאָל באשטימען איר מאן פאר א פּראָקוראטאָר אין יעהודע און האָבן איר צוגעזאָגט זייער שטיצע. קלעאָפּאטרע האָט זיך מיט פרייד אָנגעכאפּט פאר דעם. זי האָט געהאָפּט: אין דער פּראָווינץ, ווײַט פון דער רוימישער סוויווע, אפן הויכן פּאָסטן וועט איר לײַכטזיניקער מאן ווערן געשטעלטער (אזוינס טרעפט אמאָל), וועט נעמען טראכטן וועגן א טאכלעס און זיך מאכן א רײַך פארמעגן. יוינאָסאָן און זײַנע פרײַנט ווידער זײַנען געווען זיכער, קלעאָפּאטרע וועט, ווי די קייסערן אליין, זײַן גוט צו יִדן, וועט ווירקן צו גוטן אַף איר מאן אויך (די פרויען פון די פּראָווינץ־פארוואלטערס מישן זיך דאָך אָפט אין די איניאָנים פון דער פּראָווינץ). פלאָרוס אליין וועט זיך פילן דאנקבאר די יִדן פארן הויכן פּאָסטן, וועט מוירע האָבן פאר דער קייסערן און וועט זיך באנוגענען מיטן קאָוועד, מיט געלט און מאטאָנעס און וועט לאָזן דעם סאנהעדרין פרײַ אָנצופירן מיטן פאָלק, ווי אין די גוטע יאָרן.

די ערשטע צײַט האָבן פלאָרוס און קלעאָפּאטרע טאקע ווי ניט אָפּגענארט יוינאָסאָנס האָפענונגען. יוינאָסאָן האָט ניט געקארגט קיין געלט און קיין מאטאָנעס אַף אײַנצוקויפן זיך בא דעם נײַעם פארוואלטער, בא זײַן ווײַב און זייער דינערשאפט. אים האָט זיך אפילע געווען געדוכט, אז דאָס האָט אים געראָטן, און ער האָט זיך שוין געפילט בא זיי היימיש, ווי אן אייגענער מענטש, דער איינציקער נאָענטער פרײַנט זייערער. דאָס האָט זיך געלאָזט פילן אויך אין דעם באגיין זיך פון דעם פּראָקוראטאָרס דינערשאפט מיט אים. דער הויפּט־אופזעער פון דעם פארוואלטערס הויף, דער סירייער ליסאניוס, אזוי אויך די איבעריקע קנעכט און דינער, האָבן געכאנפעט יוינאָסאָנען, פלעגן אים באגעגענען מיט קאָוועד, ווי א גרויסן קאָרעוו לעמאלכוס, האכנאָעדיק נעמען פון זײַן האנט די מאטאָנעס, וואָס ער האָט זיי געטיילט, און זײַנען שטענדיק גרייט געווען צו דינען אים, טאָן זײַנע שליכעסן, אים דערציילן, וואָס מע רעדט באם פּראָקוראטאָר אין שטוב, איבערגעבן אים אלע סוידעס, ווי דער שטייגער פון אונטערגעקויפטע קנעכט אין א רײַכן סראָרעס הויף.

יוינאָסאָן איז געווען פעסט און זיכער בא זיך, אז גאָט האָט אים ארופגעפירט אפן ריכטיקן וועג און אז ער וועט אים ווײַטער אויך ניט פארלאָזן און אים העלפן אָפּצוּווענדן דעם צאָרן פון זײַן פאָלק און לאנד.

נאָר איינמאָל האָט די דאָזיקע פעסטע זיכערקײַט זײַנע אומגעריכט פון אן אומבאַדײַטנדיקן, קליינעם פאל זיך א וואקל געטאָן.

געווען איז עס גאנצפרי, ווען יוינאָסאָן איז, ווי דער שטייגער פון די קייזערלעכע

באַמטע, געגאַנגען צום פּראָקוראַטאָר אָפּצוגעבן אים דעם גוט־מאָרגן. אַרײַנגעקומען אין אַטריום אַרײַן, האָט ער דאָרט צווישן דעם האַמוין מענטשן, דעם פּראָקוראַטאָרס פרײַנט, קלי͏ענטן און קנעכט געטראָפן אויך דאַראַסן, דעם ירושלאַימער רײַכן סויכער. יוינאַסאַן איז געווען אומאָנגענעם איבעראַשט צו באַגעגענען אים דאָ. ער האָט אַפילע ניט געוווּסט, צי דאַראַס איז הי. יעדעס מאָל, ווען דאַראַס פלעג קומען קיין קייסאַריע, פלעג ער געוויינלעך פריִער פאַר אַלץ אַרײַנגיין צו אים אין שטוב אַרײַן. פאַרוואָס זשע האָט ער דאָס מאָל אויסגעמיטן צו באַווײַזן זיך פאַר אים? פאַרוואָס האָט ער אים קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז ער האָט אייסאָקים באַם פּראָקוראַטאָר? איז וואָס פאַר אייסאָקים קען ער האָבן באַ אים? איז דאָס עפשער אַ סאָד? אים איז די מײַסע געוואָרן פאַרדעכטיק. נאָך מער פאַרכידעשט איז ער געוואָרן, באַמערקנדיק, ווי דאַראַס פילט זיך דאָ פרײַ און היימיש, ווי אַן אַלטער באַקאַנטער, איז מיט ליטאַניִוסן שטאַרק צונויפגעלייגט. ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז דאַראַס איז אַמאָל געווען, ווי מע פלעג ריידן, גאָר אַ נאָענטער פרײַנט באַם פּראָקוראַטאָר פעליקס... הייסט עס, ער האָט שוין לאַנג געהאַט אַן אַרײַנגאַנג באַ די פּראָקוראַטאָרן. אָבער ווי קומט ער צו פלאָרוסן? דאָס איז פאַר אים אַ נײַס. פאַרוואָס זשע האָט דאַראַס דאָס אויסגעבאַהאַלטן פון אים? דאָס האָט אים שוין באַאומרויִקט. איז ער דאָך געווען זיכער, אַז ער, יוינאַסאָן, איז דער איינציקער ייִד, וואָס איז אַזאַ גרויסער מעקורעוו באַם קייסערס פאַרוואַלטער! און פּלוצעם גאָר דאַראַס...

דער דאַזיקער לאַנגער, מאָגערער און כמורער מאַן מיט זײַן שמאָלן לענגעכיקן שלאַנגען־קאָפּ, מיטן פינצטערן בליק אין די קליינע אייגעלעך, מיט די הוילע, אָן איין האָר אײַנגעפאַלענע, פאַרמעט־געלע באַקן, מיט די שמאָלע, שטענדיק פאַרציפּעטע ליפּעלעך, מיט די קליינע וואָנצעלעך אַף זיי און מיט אַ קליין שיטער שפּיציק בערדל, — דער דאַזיקער מאַן האָט אַלעמאָל געוועקט באַ יוינאַסאָנען אַ שווער געפיל, אַן אומקלאָרן אומצוטרוי. אים איז שוין לאַנג קאָשע און פאַרדראָסיק געווען, וואָס דאַראַס האָט זיך אָנגעהויבן צו דערווײַטערן פון די פּרושים, אַפילע פון די פרומע צאַדיקים אויך, האָט אָנגעהויבן, ניט ווי דער שטייגער באַ ייִדן, צו פאָרן אַף אַלע הײדישע יארידים, וואָס פאַלן געוויינלעך צונויף מיט די גרויסע הײדישע באָגעס, האָט אופגעהערט זיך צו היטן פון אומרייך עסן, איז געוואָרן אַ גוטער־ברודער מיט די פּריסטער פון די הײדישע טעמפּלען און פירט געשעפט מיט זיי, האַנדלט דורכויס מיט ניט־ייִדישע סאָכרים... די לעצטע צײַט האָט מען אָנגעהויבן אונטערמורמלען אַף אים, אַז ער האָט אויך אַ מאַגע אומאַסע מיט די אַראַבישע רויבער־באַנדעס, קויפט אָפּ באַ זיי דאָס אָנגערויבטע און פאַרדינט באַ דעם אַ שלאַל מיט געלט. מע רעדט אַפילע, אַז זײַן גרויס אשרעס נעמט זיך באַ אים ניט אין אָרנטלעכן האַנדל, נאָר פון טונקעלע קוועלן און רויב. יוינאַסאָן האָט ניט געוואָלט גלייבן אין די דאָזיקע אַלע רייד, האָט ניט געוואָלט טראַכטן שלעכטס אַף אַ בען ייִסראָעל, אַף אַ כאָשעווון מענטשן, וואָס האָט אַן אַרײַנגאַנג באַ די קויהאַנים גדוילים און באַ די הוראַדמישע פּרינצן. אָבער דאָ ניט לאַנג איז דערגאַנגען צו יוינאַסאָנען אַ סוואָרע, אַז דאַראַס פּרוּווט זיך אָפּצודינגען דעם שטײַערן־אָפּצאָל אין אשקעלאָן. „דרייט ער זיך אַמאָל ניט אַרום צוליב דעם באַ פלאָרוסן?” — איז יוינאַסאָנען איבערגעגאַנגען אַ געדאַנק. דאָס האָט שוין אַ ביסל פאַרדראָסן. ער האָט אין דעם אײַנגעזען אַ פאַרמעסטן זיך אַף זײַן כאַזאָקע אַף די שטײַערן אין די ברעג־שטעט. ער האָט אָבער באַהאַלטן די דאָזיקע אַלע כשאָדים און פאַרדראָסן, איז צוגעגאַנגען צו דאַראַסן צו͏ן, ווי זײַן טעווע און געוווינהײַט, פרײַנטלעך און פרידלעך אים אָפּגעגעבן שאָלעם.

דאַראַס איז, ווײַזט אויס, פון אומדערוואַרטעניש צו באַגעגענען דאָ אַזוי פרי יוינאַסאָנען, געוואָרן אַ ביסל צעטומלט, האָט זיך אָבער באַלד געפאַסט, זיך ווי גאָר שטאַרק דערפרייט צו זען זײַן גוטן באַקאַנטן און אויסגעשריִען:

— אַך, זייער גוט, פרײַנט יוינאַסאָן, וואָס דו ביסט געקומען אַהער! איך וואַרט שוין אַ היפּשע ווײַלע דאָ אַף דיר. איך קום נאָרוואָס פון וועג, פון ירושאָלאַיִם, האָב נאָך אַפילע ניט אָפּגעטרייסלט דעם שטויב פון מײַנע פיס און בין גלײַך געלאָפן אַהער. איך בין ניט פאַרגאַנגען צו דיר אַהיים, ווײַל איך האָב גערעכנט, דו ביסט אוואַדע שוין דאָ. האָב איך ניט פאַרזאַמט און בין געגאַנגען אַהער. זייער גוט, וואָס דו ביסט געקומען. איך

האָב צו דיר אַ גרויסן איניען, דאַרף מיט דיר ריידן וועגן זייער אַ וויכטיקער זאַך. אויב דו ביסט פֿרײַ, איז קום אַרויס פֿונדאַנען, דאָ איז ניט באַקוועם צו פֿירן אַזאַ געשפּרעך.

ביידע האָבן פֿאַרלאָזט דעם אַטריום, זײַנען אַרויסגעגאַנגען פֿונעם פּראָקוראַטאָרס הויף און האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער בײס־האַקנעסעס, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ גרויסן פּלאַץ. ניט ווײַט פֿונעם ברעג פֿון ים באַם סאַבאַשטאַ־האַפֿן לעבן דעם נײַעם טייל פֿון שטאָט, וואָס האָט זיך די לעצטע צײַט שטאַרק צעוואַקסן קימאַט אין אַ זעלבשטענדיקן האַנדלס־צענטער.

יוינאָסאָן האָט פֿאַרזיכטיק אַ פֿרעג געטאָן:

— וועגן וואָס זשע, פֿרײַנט דאָראַס, האָסטו געוואָלט ריידן מיט מיר?

דאָראַס איז דאָס מאָל געווען, ניט ווי זײַן שטייגער, אָפּנהאַרציק און באַריידעוודיק.

— פֿאַר דיר, פֿרײַנט יוינאָסאָן, — האָט ער געזאָגט, — איז דאָך, ווי דו ווייסט, ניטאָ בײַ מיר קיין סודעס, קיין באַהעלטעניש. איך וועל דיר זאָגן דעם עמעס — מיר געפֿעלט ניט דער נײַער פּראָקוראַטאָר. די טעג קומט צו מיר אַ שאַליִעך פֿון אים און זאָגט מיר: דער האַר האָט געזאָגט, איך זאָל אים „לײַען" צוויי טאַלאַנטן זילבער. מיר איז דאָס ניט געפֿעלן געוואָרן. ער קען דאָך מיך ניט — און שוין פֿון דער העלער הויט, גיב געלט! איך פֿאַרשטיי גאָר ניט, ווער האָט עס געקענט אים אָנווײַזן אויף מיר. אַ ברירע האָב איך געהאַט? זאָג אַליין, כ'האָב געמוזט געבן. איך האָב אָבער געזאָגט צו זיך: דאָס איז קיין אַרבעט ניט. ס'איז אַ שלעכטער אָנהייב. ווען דער וואָלף זיך צוגעווינען קריכן אין דער טשערעדע, וועט קיין איין ציג אין איר ניט בלײַבן גאַנץ. אויך פֿלאָרוס וועט נעמען רײַסן פֿון טויט און פֿון לעבעדיק, באַנעמען אויך פֿרידלעכע לײַטישע מענטשן, איז מיט וואָס וועט ער בעסער זײַן פֿאַר די רויבער פֿון די בערג און פֿאַר די גאַזלאָנים פֿון די היילן, פֿון די ייִדישע מעסער־שטעכער און פֿון דעם אַראַבישן שייך עמיר? האָב איך צו זיך געזאָגט, מע דאַרף גלײַך מאַכן צו דעם אַ סאָף, פֿאַרלעשן דעם פֿונק־פֿײַער איידער ער האָט זיך צעפֿלאַקערט. מע דאַרף דעם וואָלף אַרופֿירן אויף אַן אַנדער וועג, אים אָפּגעווינען צו גיין אין אונדזער טשערעדע. מע דאַרף אויפֿזוכן פֿאַר פֿלאָרוסן אַ נײַעם קוואַל, פֿונוואַנען ער זאָל שעפּן טאַלאַנטן, אַ קוואַל אַ פֿרעמדן, ניט קיין ייִדישן.

יוינאָסאָן האָט אַ פֿאַרינטערעסירטער אויפֿמערקזאַם אים צוגעהערט און האָט אַ פֿאַרטשיקאַוועטער אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס זשע איז דאָס פֿאַר אַ קוואַל?

— אָט הער, נאָר מיט קאָפּ! — האָט דאָראַס געהיים אַ זאָג געטאָן שטילער און זיך אַרומגעקוקט, צי עמעץ הערט זיך ניט אונטער, וואָס זיי ריידן, — איך בין געפֿאַלן אויף אַ גוטער האַמצאָע. איך האָב אָבער געוואָלט פֿריִער זיך באַראַטן מיט דיר. נאָר דאָס, פֿאַרשטייט זיך, דאַרף בלײַבן צווישן אונדז, מיסטאָמע האָסטו אויך געהערט, וואָס אומווירדיקע מענטשן ריידן אויף מיר — אָפּנעמען זאָל די צונג די רעכילעסטרײַבער! — אַז איך האָב קלוימערשט אייסאָקים מיט די טראַבאַניטער, מיט די אַראַבישע רויבער. די מײַסע איז אַזאַ. גייענדיק מיט סכוירע קיין דאַמעסעק, איז מיר איינמאָל באַפֿאַלן דער שייך עמיר. איך האָב זיך געמוזט אָפּקויפֿן בײַ אים, ער זאָל מיך פֿרײַ דורכלאָזן. איין מאָל, צוויי מאָל, אַ דריטן מאָל, זע, ס'איז אַ מײַסע אָן אַן עק. האָב איך געמוזט שלאָגן מיט אים בלאַט, אים אונטערקויפֿן, באַפֿרײַנדעט ווערן מיט אים. אַ ברירע האָב איך געהאַט? בין איך געוואָרן דער בעסטער גוטער־ברודער מיטן עמיר. אַ גאַזלען, נאָר אַ וואָרט איז בײַ אים אַ וואָרט. ניט נאָר זײַנע באַנדיטן פֿאַלן ניט אָן אויף מײַנע מענטשן, נאָר אַפֿילע אַנדערע שייכן דערוועגן זיך ניט צו טאָן זיי קיין שלעכטס. פֿאַרן שייך עמיר ציטערט די גאַנצע געגנט, דער גאַנצער מידבער. איז וואָס מיינסטו, גייען טאַקע איצט מײַנע קאַראַוואַנען אומגעשטערט איבער אַלע וועגן פֿון קעלעסיריע און סיריע און קיינער דערוועגט זיך ניט אויפֿצוהייבן אויף זיי אַ האַנט. אָט פֿונוואַנען עס נעמט זיך מײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט די טראַבאַניטער גאַזלאָנים, מיטן שייך עמיר. איז מיר אַרײַנגעפֿאַלן אַ געדאַנק: צונויפֿירן דעם שייך עמיר מיט פֿלאָרוסן!.. די טראַבאַניטער באַפֿאַלן געוויינלעך די וועגן פֿון קעלעסיריע, פֿון סיריע, ניט זעלטן אויך די גרענעצן פֿונעם באַשאָן (פֿון באַטאַנייע), כאַפּן זיך אַמאָל אַרײַן אויך אינעם אייבערשטן גאַליל.

איז זאָל דער שייך עמיר זיך טיילן מיט פּלאַרוסן מיט זײַן רויב. דאָס וועט אַרײַנטראָגן דעם פּראָקוראַטאָר גרויסע האַכנאָסעס, וועט ער אונדז לאָזן צורו! ווי זאָגן מענטשן: אַי דעם וועט צוקומען, אַי יענעם וועט ניט פעלן...

— דעמלט אָבער, — האָט יוינאַסאָן באַמרויִקט דערוווּדערט, — וועלן די ווילדע אַראַבער ווערן דרייסטער און וועלן אָפּטער באַפאַלן דעם באַשאָן, דעם אײַבערשטן גאַליל, וועלן זיך אַראָפּלאָזן אויך ווײַטער... וועלן מיר פון דער פאַסטקע אַרײַן אין דער נעץ...

— הער אַ מאַיסע, אָט דאָס מיין איך טאַקע! — האָט דאַראַס סוידעסדיק מיט היץ אַ צישע געטאָן, — איך ציל דאָך אַ סאַך ווײַטער. איך וויל מיט איין קלאַפּ הארגענען צוויי כײַע־ראָעס! נאָר שאַ... זאָל עס בלײַבן צווישן אונדז...

ער האָט זיך צוגעבויגן צו יוינאַסאָנס אויער, זײַנע אויגן האָבן זיך פינצטער צעפינקלט, ער האָט גענומען מאַכן און דרייען מיט די לאַנגע דאַרע הענט, ווי ער וואָלט עפּעס מישן אינדערלופטן און שטיל געשעפּטשעט, געצישעט ווי אַ שלאַנג:

— דו שטויסט זיך שוין אָן, וואָס איך וויל? הער זשע אויס: די אַראַבער וועלן אָנהייבן באַפאַלן דעם גאַליל, מיר וועלן צעפּויקן איבערן גאַנצן לאַנד, אַז די רויבער זײַנען ייִדן, סיקאַריער און נעקאָמענעמער, און אַז זיי טיילן זיך מיטן אָנגערויבטן מיטן פּרָאָקוראַטאָר און דערום בלײַבן זיי אומבאַשטראָפט. דאָס פאָלק וועט ווערן אויסער זיך אָף די נעקאָמענעמער און וועט זיך אָפּקערעווען פון זיי. די ייִדישע רויבער ווידער וועלן האָבן פאַרדראָס אָף די אַראַבער, וואָס רײַסן זיך אַרײַן אין זייער גרענעץ, זיי וועלן אויך אופגעבראַכט זײַן איבערן בילבל, און קעדיי זיך ריינוואַשן פון אים, וועלן זיי פאַרפירן מילכאָמעס מיט די טראַבאָניטער און אַזוי וועלן זיי זיך קוילענען איינס דאָס אַנדערע און וועלן פאַרגעסן אָן אונדז. דו שטעלסט זיך פאָר, וואָס פאַר אַ קאַשע מיר וועלן דאָ פאַרקאָכן? די מעהומעס אָף די הויפּט־טראַקטן וועלן אָף אַ קליינער צײַט ווערן אַזוי גרויס, אַז דער סירישער לעגאַט וועט געצווונגען זײַן אָנצונעמען עקסטרע מיטלען און אָפּראַמען די געגנטן פון די אַראַבישע און ייִדישע באַנדעס. דאַן וועלן מיר פּאָטער ווערן פון די אייגענע און פרעמדע גאַזלאָנים. די וועגן וועלן ווערן פרײַ, קיינער וועט מער ניט שטערן אונדזער האַנדל, קיינער וועט מער ניט באַפאַלן אונדזערע שטעט און דערפער. און דער פּראָקוראַטאָר אַליין, — האָט דאַראַס אַ פינצטערן פינטל געטאָן מיט די אייגעלעך צו יוינאַסאָנען, — דער פּראָקוראַטאָר אַליין וועט אויך ווערן אַ זײַדענער, וועט גערן זײַן, מיר זאָלן אים ניט טשעפּען... האַ, ווי געפעלט דיר מײַן פּלאַן?

דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אַ בייג געטאָן אָף צוריק, האָט זיך אויסגעגלײַכט, זיך אויסגעצויגן ווי אַ ריזן־שלאַנג, האָט פאַרוואָרפן אַהינטער דעם שמאָל־לאַנגן קאָפּ, צונויפגעציפּעט די ליפּן און טריומפירנדיק אַ פינצטערן שווערן גלאַנץ געטאָן מיט די אויגן אָף יוינאַסאָנען.

יוינאַסאָן האָט זיך אומווילּיק אַ נייג געטאָן אָף צוריק פון דאַראַסן, וואָס האָט אים טאַקע אויסגעזען ווי אַ מעשונעדיקע מענטשן־שלאַנג. פון אַלע דאַראַסעס רייד איז אים איינס קלאָר געוואָרן: דאַראַס האָט זיך שוין צונויפגערעדט מיט פּלאַרוסן. זײַן איצטיקע אָפּנהאַרציקײַט און אויסייצענען זיך וועגן דעם איז מער ניט ווי אַ שפּיל, קעדיי אַראָפּצומעמען פון זיך דעם כשאַד, אַז ער האָט צו טאָן מיט די אַראַבישע רויבער און עפּשער אויך קעדיי אַרײַנצוציִען אים, יוינאַסאָנען, אין זײַן פאַרברעכערישער אונטערנעמונג. איצט האָט יוינאַסאָן שוין ניט געצווייפלט אין דעם, וואָס מע רעדט וועגן אָט דעם מענטשן. אים איז אומהיימלעך געוואָרן אין זײַן נאָענטקײַט. ער האָט פאַרשטאַנען, דאַראַס קאָן ווערן זייער געפערלעך פאַר אים אַליין און פאַרן גאַנצן לאַנד אויך. מיט אַזאַ מענטשן מוז מען זײַן געהיט. נאָר קעדיי אָפּצוּווענדן די געפאַר, דאַרף ער אים ניט אָפּשטויסן פון זיך, ניט אַרויסווײַזן אים קיין אומצוטרוי, נאָר פאַרקערט, אים מעקאָרעוו זײַן, האַלטן אים נאָענט לעבן זיך, האָבן שטענדיק אָן אויג אָף אים און עפּשער אַ גוטע ווירקונג אויך. יוינאַסאָן האָט געגלייבט אין דער קראַפט פון דער גערעכטיקײַט, פון עמעס און שאָלעם. האָט ער גענומען ריידן רויִק, שטיל און פעסט, ווי זײַן שטייגער, ניט אַרויסווײַזנדיק קיין שום כשאָדים און צווייפל, און ער האָט געזאָגט:

— דאָראס, מײַן פרײַנט! ניין, דער פּלאַן געפעלט מיר ניט! איך וועל אף אזא וועג ניט גיין. און דיר ראָט איך אויך ניט זיך לאָזן אף אים. דײַן קאוואָנע איז געוויס א גוטע, אָבער די מיטלען זײַנען ניט קיין זיכערע. דער דאָזיקער וועג, וואָס דו ווילסט זיך אים אויסוויילן צו ראטעווען דאָס לאנד און זיך פון די רויבער, איז א גליטשיקער, פול מיט שטרויכלונגען און געפארן. זאָג מיר, דו האָסט נאָך ניט גערעדט מיט פלאָרוסן, אָדער מיט זײַנע נאָענטע פרײַנט וועגן דעם?

— גאָט באהיט! — האָט דאָראס א פינצטערן פלוטעווע געטאָן מיט די אויגן, — איך זאָג דאָך דיר, איך האָב צו זיך געזאָגט: דאָראס, איידער דו ווילסט מאכן אזא שריט, טאָ פרעג פריִער באם פרײַנט יוינאָסאָן, צי זאָלסטו אים טאָן.

— און רעכט אזוי, גוט האָסטו געטאָן! — האָט יוינאָסאָן געזאָגט גלײַך, ער גלייבט יעדן וואָרט זײַנעם, — מײַן אייצע איז — טו עס ניט אויך ווײַטער! ס'איז א געפערלעכע שפּיל, זי קען זיך אויסקערעווען קעגן אונדז אליין, קעגן דעם גאנצן לאנד. די ייִדישע רויבער קענען דאָך זייער לײַכט דורכקומען מיט די אראבישע באנדיטן. קאָל אוירעוו לייטינייהו! איין גאזלען ציט צום אנדערן. דו שטעלסט זיך פאָר, צו וואָס דאָס קאָן ברענגען? מיר וועלן דאן האָבן קעגן זיך ניט נאָר די ייִדישע רויבער, נאָר די אראבישע אויך. און וועגן פלאָרוסן זאָרג ניט. פלאָרוס איז ניט אלבינוס. קלעאָפּאטרע, זײַן ווײַב, וועט אים ניט לאָזן גיין אפן שלעכטן וועג. ער אליין וועט אויך מוירע האָבן פאר זײַן פּאטראָן, פארן קייסער און נאָך מער פאר דער קייסערן פּאָפּייע, וואָס איז באוווּסט פאר א גרויסן פרײַנט פון ייִדן. צו פלאָרוסן דארף מען האָבן אן אנדערן, איידעלערן צוגאנג, דאָס פארלאָז זיך שוין אף מיר.

דאָראס האָט ווידער א פינצטערן פלוטעווע געטאָן מיט די אויגן און האָט שוין מיט א פולער הויכער שטים געזאָגט:

— פרײַנט יוינאָסאָן! שאַ! כאטאָסי! איך האָב גאָרניט געזאָגט און האָב גאָרניט גערעדט. אז דו זאָגסט: „ניין", איז ניין! איך האָב געמיינט צו גוטן. איצט זע איך אָבער אליין, אז דאָס וואָלט געווען צו שלעכטן. דאָס וואָלט דאָך פּאָשעט געהייסן קריכן מיטן קאָפּ דעם לייב אין מויל ארײַן. צו וואָס דארף איך עס? שוין! אויס! מער מיש איך זיך ניט אין אזוינע זאכן. דו ביסט עפּעס אנדערש, דו ביסט א טאלמיד־כאָכעם, א הויכער קייסערלעכער באאמטער, פאָרזיצער פון קייסאריער ראט פון שטאָט; דו פאָרסט קיין אנטיאָכע, קיין רוים, פארקערסט מיט די גרעסטע הארן, טרעטסט ארויס פאר מעלאָכים, דו ביסט א מעלוכע־מענטש! אָבער איך? וואָס בין איך? און וואָס פארשטיי איך אין אזעלכע הויכע איניאָנים? טוירע האָב איך געלערנט ניט קיין סאך, מיך האָט דער טאטע געלערנט דעריקער, וויאזוי אײַנצוקויפן ביליק גוטע סכוירע און פארקויפן טײַער שלעכטע, כא־כא! וואָס נאָך האָט ער מיר געקאָנט לערנען, מײַן פאָטער דער פּי־סויכער? אדאנק אָבער די גוטע מענטשן, ווי דו און אנדערע, האָב איך עטוואָס געלערנט די וועגן פון גאָט און די געזעצן פון דער טוירע, און דו ווייסט דאָך, איך האנדל אָרנטלעך. אף מיר וועט קיינער ניט זאָגן: קענאאן מויזניי מירטאָ בעיאָדאָו.[1] עמעס, איך פארקער אָפט מיט פרעמדע, מיט די נאָכרים, אָבער דעם קאָוועד פונעם פאָלק ייִסראָעל האָב איך נאָך קיינמאָל ניט פארשוועכט און וועל אים ניט פארשוועכן. זײַ מיר מויכל מײַן איצטיקן טאָעס און פארגעס, וואָס איך האָב מיט דיר גערעדט, אויס! מיר רעדן מער ניט פון דעם. איך זאָג דיר צו, כ'וועל אפילע מער ניט אריבערטרעטן די שוועל פונעם פּראָקוראטאָרס הויז. לאָמיר זיך אפילע ניט אומקערן צוריק אהין. קום בעסער צו דיר, לאָמיך א קוק טאָן אף דײַן פּאלאץ, די וועלט קלינגט דאָך מיט אים. איך בין שוין לאנג ניט געווען בא דיר, ניט געזען דײַן ביניען א פארענדיקטן. מע זאָגט, ער איז פון די אנטיקן. שיר ניט קיין נײַער ביניען היראָדאָס. ווען וועלן מיר האָבן דעם כאנוקאס־האבאיִס?

יוינאָסאָנען איז גרינג געוואָרן אפן הארצן, זעענדיק ווי דאָראס האָט אראָפּגעוואָרפן פון זיך דאָס שלאנגען־געשטאלט, האָט אָנגענומען ווידער דעם אויסזען פון א מענטשן און

[1] דער סויכער נוצט א פאלשע וואָג.

רעדט מיט א מענטשישער שטים. זײַנע לעצטע רייד וועגן פּאַלאַץ האָבן אים געשמייכלט, און ער האָט שיר ניט אינגאנצן שאָלעם געמאכט מיט דאָראסן. ער האָט אפילע כאראַטע געהאט אף די שלעכטע געדאנקען, וואָס ער האָט געטראכט וועגן אים. האָט ער, ווי זײַן טעווע, פרידלעך און פרײַנטלעך געזאָגט צו אים:

— האָב קיין צאר ניט, פרײַנט דאָראס, פאר דײַן טאָעס. ביפראט נאָך, אז דו ביסט אים באגאנגען נאָר אין געדאנק און זיך גלײַך אָפּגעזאָגט פון אים. און דו ווייסט דאָך, דער סכאר פון פאריכטן א פעלער איז א סאך גרעסער, איידער די שטראָף, וואָס קומט פאר מאכן אים. ביסט גערעכט, לאָמיר פארגעסן די רייד, וואָס דו האָסט גערעדט, און קום טאקע צו מיר. איך האָב סײַווי גערעכנט דיך ניט אָפּלאָזן, ביז דו וועסט ניט קומען אונ־טערן באַלקן־שאָטן פון מײַן הויז. דו וועסט בא מיר זײַן אן אָנגעלייגטער גאסט. מיך פרייט זייער צו ווײַזן דיר מײַן ביניען א פארענדיקטן. דער פּאַלאַץ איז, געבענטשט זאָל זײַן דער אייבערשטער, פארענדיקט געוואָרן בעכי טיווו, הײַנטיקן דריטן טאָג. מיט גאָטס הילף וועלן מיר אינגיכן מאכן דעם כאנוקאַס־האבאיִס אויך. איך וויל די סימכע צופּאסן צום ארויס־באגלייטן מײַן זון יעהודע, וואָס גייט די טעג אוועק מיטן ערשטן גרויסן ייִדישן קאראוואן אין א ווײַטן וועג, קיין באָוול.

— איך האָב וועגן דעם דאָזיקן קאראוואן אײַערן געהערט, — האָט דאָראס געזאָגט, און ביידע האָבן פארקערעוועט צו יוינאָסאַנס הויף, — אין יערושאָלאַיִם רעדט מען א סאך וועגן אים, ווי וועגן עפּעס א נײַער דרייסטער אונטערנעמונג. מיך אינטערעסירט ער זייער.

יוינאָסאַנס פּאַלאַץ איז געשטאנען אף א ברייטער פלאכער הויכעניש בא ניט קיין גרויסן אײַנגוס, צאפּנדיק פונעם טאָפּלטן האפן און פון דער גרויסער דאמבע, וואָס היראָדאָס דער גרויסער האָט זי אויסגעבויט. די דאמבע איז געווען ווײַט ארויסגערוקט אין יאם ארויס. היראָדאָס האָט זי פארפלאנצט מיט ביימער, געמאכט אף איר א גרויסן גאָרטן צום שפּאַ־צירן, האָט אויסגעבויט אף דער דאמבע הײַזער פאר די שיף־לײַט. ס'איז געווען איינע פון יענע פיל וואונדערלעכע בויונגען, וואָס היראָדאָס האָט זיך מיט זיי געמאכט א שעם אף דער וועלט. יוינאָסאַנס פּאַלאַץ איז געשטאנען אין סאמע עק ברעג־שטאָט ווײַט פונעם אווגוסטוס־יופּיטער־טעמפּל, דאָרט לעבן די גרויסע ווילשמעקנדיקע מאָן־פּלאנטאציעס און די גרויסע סעדער פון עפּל, מאראנצן, עסרויגים און לימענעס, וואָס האָבן זיך אוועקגעצויגן לענגויס דעם הויכן יאם־ברעג, זיך ארופגעהויבן ארויף, האָבן ארומגענומען ווי אין א האלבער ראָד די דאָזיקע זײַט האפן־שטאָט און זיך ווײַט אָפּגערוקט פון יאם.

דער פּאַלאַץ האָט זיך הויך געהויבן איבערן גאנצן ברעג. סײַ פון שטאָט, סײַ פון יאָם האָט מען אים ווײַט געזען, א בלענדנדיקן מיט זײַנע דורכזיכטיק ווײַסע מירמלשטיינער, ווי א בערגל שניי באטאָג און ווי א שווערע שווארצע גרויסע אָנהויפעניש אין דער טונקלקײַט פון דער נאכט. און אוועקגעשטעלט איז דער פּאַלאַץ געווען אזוי, אז מע האָט פון אים ניט געזען דעם רוימישן טעמפּל דאָרט אף דער הויכעניש אין דער אלטער שטאָט אף איר הויפּט־גאס.

א מאסיווער, ראכוועסדיקער טויער פון צעדער־האָלץ האָט געפירט אין גרויסן הויף ארײַן, וואָס איז ארומגענומען געווען מיט א הויכער פעסטער שטיינערנער וואנט. די צוויי טויער־פליגלען זײַנען באשלאָגן געווען מיט אָפּגעפּאָלירטע אײַזערנע טאָוולען, באלייגטע און באצירטע מיט בראָנזענע טימוירעס — שניץ־בילדער, ווי געפלאָכטענע טייטל־צווײַגן מיט גרויסע פרוכט־קנאָספּן און מיט צעעפנטע בליטבעכערס אף זיי. מיט דעם איז דער טויער עטוואָס ענלעך געווען צום ניקאנאָר־טויער אפן האר הארבאיִס, אפן בייס־האמיקדעש־בארג אין יערושאָלאיִם. דער דאָזיקער פּאָדערשטער גרעסערער הויף, א פארפלאנצטער מיט שורעס טייטלביימער און מיט האָדאָס־קוסטן, איז אויסגעפלאסטערט געווען מיט קליינע פאר־שיידנקאָלירטע מירמל־פליטקעס. אינמיטן הויף איז געווען ניט קיין גרויסער שטיינערנער באסיין מיט א וואסער־שפריצער אינדערמיט. א ברייטע סטעזשקע פון ווײַסן מירמלשטיין האָט זיך געצויגן פון מיטן באסיין צום צווייטן קלענערן אינערלעכן הויף און דורך אים ביז

דער גרויסער הויכער שיף־געדעקטער קאָלאָנאַדע, וואָס פֿאַר דעם פּאַלאַץ אױף דער ברייטער הויכעניש אין עק הויף. אויף די גרויסע קאַרניזן, וואָס האָבן זיך געצויגן אויבן פֿון פּאַרנט פֿון איין זײַל צום צווייטן, זײַנען געווען אויסגעקלעפּט, ווי לעבעדיקע, בילדער פֿון לייבן און הירשן, דעלפֿינען און לעמער, אָדלערס און טויבן, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי לויפֿנדיקע, פֿליִענדיקע און זיך־יאָגנדיקע איינע נאָך די אַנדערע אין ערגעץ א ווײַט. אין דעם איז געווען א סאַך פֿון די בילדער אויפֿן פּאַרנט, באַם אַלטן קיניגלעכן פּאַלאַץ פֿון די כאַשמונאִים אין דער הייליקער שטאָט. און ווי דאָרט זײַנען די גרויסע זײַלן־קרוינען אַרומגעהאַנגען געווען מיט בראָנזענע און זילבערנע בלומען־גלעקלעך, מיט מילגרוימען און הענגלעך ווײַנטרויבן. דאָס אַלץ איז געווען, ווי די מערהײַט יידישע פּאַלאַצן אין לאַנד, שווער, מאַסיוו, הויך און ברייט, ווי געבויט אויף טויזנטיאָריקן דויער. אינמיטן דער קאָלאָנאַדע זײַנען געמאַכט געוואָרן ציגוירעס — רערן אַזוינע אויף צו באַשפּריצן פֿון זיי די געסט, באַם אופֿנעמען זיי, מיט שמעקנדיקן בוימל, מיט ווײַן און טײַערע בסאָמים.

דורך א ברייטן שיין געמאָלטן פּאָדערצימער איז מען פֿון דער קאָלאָנאַדע אַרײַנגעקומען אינעם פּאַלאַץ, אין די אינערלעכע צימערן זײַנע. צוערשט איז מען אַרײַנגעקומען אינעם ווײַסן זאַל, מיט די צוויי גרויסע ווי טירן צווירישע פּענצטער. אין א שיינעם וועטער פֿלעגן זיי געעפֿנט ווערן און דאַן האָט זיך פֿון זיי אופֿגעדעקט א וווּנדערלעכער אויסזען: פֿון איין פּענצטער אויף די שיינע גערטנער און אויף דער אייבערשטער שטאָט, פֿון צווייטן — אויפֿן יאַם, וואָס זײַנע כוואַליעס האָבן אומופֿהערלעך געשלאָגן אין די מירמלשטיינער פֿון פּאַלאַץ. דער דאָזיקער זאַל האָט פֿאַרביטן דעם רוימישן אַטריום און האָט געדינט אַלס אופֿנאַם־ און וואַרטצימער פֿאַר די געסט. פֿונדאַנען האָבן ברייטע טירן געפֿירט — לינקס, צו די ווײַטערדיקע אינערלעכע כאַדאָרים: צום מיידל־צימער, צום שלאָפֿצימער, צו די שאַצקאַמערן, און רעכטס — צום גרויסן ראַכוועסדיקן טראַקלין, צום האַרס צימער, צו די קיכן און צו די כאַדאָרים פֿון דער דינערשאַפֿט. צוויי גרויסע שורעס מירמל־זײַלן, אַרומגעוויקלטע מיט אויסגעקלעפּטע קרענץ פֿון רויזן און ליליִעס, האָבן צעטיילט דעם טראַקלין אויף צוויי טיילן — אויף א גרעסערן, אין אים איז געווען דער גרויסער עס־זאַל, — און אויף א קלענערן, זײַן דיל איז געווען אויף א טרעפּ העכער פֿון דער גרעסערער העלפֿט. אין דער דאָזיקער העכערער העלפֿט זאַל צווישן לײַכטע, דינע זײַלעכלעך זײַנען צעשטעלט געווען קליינע טײַערע טישלעך אויף גילדענע פֿיסלעך און אויף זיי — פֿילערליי שיינע קיילים און ציר־זאַכן, צו באַווײַזן פֿאַר די געסט די גרויסקייט און רײַכקייט פֿונעם האַר פֿון דעם הויז. די ווענט אין ביידע טיילן טראַקלין זײַנען געווען רײַך באַפֿאַרבט און באַמאָלט מיט יידישע עמבלעמען־געמעלן, באַפּוצט מיט פּרעכטיקע טעפּיכער, פֿאַרוועבטע מיט בילדער פֿון יאַם־מושלען און פֿון כײַעס — די קינסטלערישע אַרבעט פֿון די באַרימטע אַלעקסאַנדריִער יידישע וועבער־מײַסטערס. קיין סטאַטועס און מענטשן־בילדער איז ניט געווען צו זען אינעם גאַנצן פּאַלאַץ, ניט אויסווייניק און ניט אינווייניק. מיט דעם האָט ער זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פֿון די הירואָדיאַנישע פּאַלאַצן אין קייסאַריע, טווערייע און אין אַנדערע שטעט.

אינמיטן דעם עס־זאַל איז געשטאַנען א לאַנגער טיש אויף פֿײַן געשניצטע און מיט גאָלד באַדעקטע שווערע לייבן־פֿיס און מיט א שיינער מירמלנער בלאַט, פֿאַרשפּרייט מיט גאָלדענע און זילבערנע פֿעדעם געשטריקטן טישטעך מיט פּורפּורנע פֿראַנדזן בײַ די זוימען. אַרום דעם טיש זײַנען געשטעלט געווען גאָלדענע שטולן־העסעבעטן פֿון טײַערן האָלץ, מיט געשניצטע, ווי באַם טיש, פֿון העלפֿאַנדביין פֿיס, נאָך לײַכטערע און דינערע, באַדעקטע מיט גאָלד־באַפּוצונגען. די העסעבעטן זײַנען באַדעקט געווען מיט טײַערע פּורפּורנע דעקעס, געהעפֿטע און געשטריקטע מיט גאָלד און זילבער, ווי באַם קיניג אַגריפּאַס און בײַ דער קיניגן בערעניקאָ אין זייערע פּאַלאַצן אין יערושאָלאַיִם. בײַ די ווענט זײַנען געשטאַנען אויף געשניצטע הירשנפֿיסלעך געמיינערע, דאָך אויך שיינע און טײַערע, קליינע טישלעך (פֿאַר די ווייניקערע כאָשעווע געסט) מיט צוויי געמיינערע העסעבעטלעך לעבן יעדן פֿון זיי. ווי באַם גרויסן טיש אַזוי אויך בײַ די קליינע זײַנען די העסעבעטן געווען עטוואָס העכער פֿון די טישן, עס זאָל גרינג זײַן, זיצנדיק אָנגעלענט אָן די קישנס אויף דער לינקער האַנט, צו דערלאַנגען מיט דער רעכטער צו דער שפּײַז און צום געטראַנק. צום אונטערשייד פֿון

די רוימער און העלֿעניזירטע ייִדן איז מען בא די רײַכע פּרושים ניט געלֿעגן, נאָר געזעסן אָנגעלֿענט אַף די הויכע קישנס פון די העסעבעטן.

איבערן גרויסן טיש אינמיטן זאַלֿ איז אַראָפּגעהאַנגען פון דער סטעלֿיע אַף גאָלֿדענע קייטעלֿעך א גרויסע גאָלֿדענע מענורע מיט זיבן רערן, באַפּוצטע מיט גילדענע מילגרוימען, געבראַכט פון אַלֿעקסאַנדריִע, א מענורע, וואָס אַזעלֿכע איז געווען נאָר אינעם בייס־האַמיקדעש אין יערושאָלֿאַיִם, אינעם עגיפּטישן מיקדעש־כּויניוי און אין דער גרויסער סינאַ־גאָגע אין אַלֿעקסאַנדריִע.

אין עק זאַלֿ, אין א ווינקלֿ לֿעבן דער טיר, וואָס האָט געפירט צו די קיכן און צו די דינערשאַפט־כאַדאָרים, איז געשטאַנען א צווייטער לֿאַנגער טיש, נאָר א קלֿענערער און פּאָ־שעטערער, אַף צוגרייטן אַף אים די מײַכאָלֿים און געטראַנקען, וואָס פונדאַנען האָט מען זיי דערלֿאַנגט די געסט באַם גרויסן טיש און בא די קלֿיינע טישלֿעך.

דאָראַס איז באַראַשט געווען פון דער פּראַכט, פון דער רײַכקײַט און שיינקײַט, וואָס האָט אים א בלֿענד געטאָן אין די אויגן און וואָס האָט איבערגעשטיגן אַפילֿע די רײַכקײַט אין די פּאַלֿאַצן פון די קויהאַנים גדוילים, פון די הערהאָדיאַנישע פּרינצן אין יערושאָלֿאַיִם. דאָס פינצטער פּײַערלֿ אין זײַנע אייגעלֿעך האָט א בלֿישטשע געטאָן מיט א גרינעם ניט־פאַרגינער. ער האָט אָבער באַלֿד צוגעלֿאָשן דאָס דאָזיקע פּײַערלֿ, זיך באַמיט ניט אַרויס־צוווײַזן זײַן קינע, האָט מיט געמאַכטער אַנציקונג און צופרידנקײַט ניט אופגעהערט צוריידן און צו לֿויבן דעם פּאַלֿאַץ און זײַן באַלֿעבאָס.

יויכאַנאָן האָט אוועקגעזעצט דאָראַסן באַם גרויסן טיש, א דינער האָט דערלֿאַנגט ווײַן און צובײַסעכץ. אום אונטערצוקויפן יויכאַנאַנס פרײַנטשאַפט האָט דאָראַס ווי פאַרוווּנדערט געפרעגט:

— מיר איז, פרײַנט יויכאַנאָן, דאַך א כידעש אַף דיר, דו ביסט א פּאָרעש, א טאַלֿ־מיד־כאָכעם, א רײַכער סויכער, איז ווי געשיקט זיך עס, דו זאָלֿסט ניט לֿאָזן דײַן זון, דײַן יוירעש, בעסער לֿערנען טוירע, ווערן א כאָכעם, א לֿערער פון פאָלֿק, ווי דער שטייגער איז בא די רײַכע פּרושים, איידער ער זאָלֿ זיך אַרומשלֿעפּן מיט אייזלען און קעמלֿען אַזש קיין באָוולֿ?

— איכלֿ דיר ענטפערן, פרײַנט דאָראַס, — האָט יויכאַנאָן געזאָגט, — איך גיי מיטן דערעך פון אונדזער גרויסן לֿערער יויכאַנאָן בען־זאַקאַי. יויכאַנאָן בען זאַקאַי לֿערנט, צום אַלֿעם ערשטן דאַרף א מענטש קענען לֿערנען דאָס לֿעבן, די וועלֿט און ערשט נאָך דעם זיך אָפּגעבן דער לֿערע פון דער טוירע. דאָס בעסטע מיטלֿ דערצו, זאָגט ער, איז דער מיסכער. מיסכער, זאָגט ער, דאָס איז א גרויסע און ערנסטע שולֿ, ער מאַכט קלֿוג דעם מענטשן, ער מאַכט ברייטער זײַן האָריץ, טיפער זײַן פאַרשטאַנד. ער אַלֿיין, אונדזער גרויסער לֿערער, האָט אין זײַנע ייִנגערע יאָרן זיך פאַרנומען מיט גרויסן האַנדלֿ. ערשט שפּעטער, זיך אָנגענומען מיט דער פּראַקטיק פונעם לֿעבן, האָט ער אין די רײַפערע יאָרן זיך אינ־גאַנצן אָפּגעגעבן דער טוירע. און איבער דעם טאַקע איז זײַן לֿערע פריש און קלֿוג, איז ניט קאַנאַניש, ווי בא די בייס־שאַמאַי, און געווינט די הערצער פון מענטשן. ווילֿ איך, אַז מײַן זון יעהודע זאָלֿ אויך גיין אַף דעם דאָזיקן וועג. א ביסלֿ טוירע האָט ער שוין געלֿערנט. איך האָב אים אַפילֿע גריכיש אויך געלֿאָזט לֿערנען א ביסלֿ. מיר פירן מיסכאָרים מיט די ברידער ניט נאָר אין באָוולֿ, נאָר אויך אין סיריע, אין מיצראַיִם, אין רוים, אַף די אינדזלֿען פון יאַם, די ייִדן ריידן דאָרט גריכיש. ווילֿ איך, יעהודע זאָלֿ קענען זיך צונויפריידן מיט די דאָזיקע ברידער ניט דורך א טאָלֿמאַטש, נאָר אַלֿיין מיפּע לֿעפּע, זאָלֿ קאָנען אויך דערלֿער־נען זייער פירעכץ, הערן און פאַרשטיין זייערע דראָשעס אין די סינאַגאָגעס.

— און וואָס פירט איר קיין באָוולֿ? — האָט דאָראַס ווידער געפרעגט.

— מיר פירן אַהין, — האָט יויכאַנאָן מיט שטאָלֿץ געענטפערט, — פון די פּרוכט פון לֿאַנד: בוימלֿ, איילֿבירטן, ווײַן טרוקענע פײַגן, יעריכער באַלֿזאַם, מילֿגרוימען, מיגדאַלֿער פאָרויכעסן, יערושאָלֿאַיִמער גלֿעזערנע קיילֿים, מענוירעס און נאָך אַזוינע זאַכן, וואָס אַף זיי איז איצט דאָרט א גרויסער נאָכפרעג. דער דאָזיקער מיסכער וועט פאַרשטאַרקן דעם בונד צווישן די ברידער אין כוץ לֿעאָרעץ מיט אונדז, אין הייליקן לֿאַנד. דורך דעם וועט אויך

פֿאַרבעסערט ווערן דער ווױלשטאַנד פֿון פֿאָלק דאָ, עס וועלן מער ניט זײַן אַזױפֿיל לײדיק־גײער און טומלער.

— ווײס איך, — האָט דאַראַס מיט ביטל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, — לײדיק־גײער, פּאָליאַקעס און טומלער וועלן סײַווי שטענדיק זײַן בײַ אונדז. בײַ אונדז האָט מען ליב רײדן אַ סך, זיך מישן וווּ מע דאַרף ניט, אָבער ניט אַרבעטן.

— זאָג עס ניט, פֿרײַנט דאַראַס, — האָט יווינאַסאָן דערווידערט, — ווען דאָס אָרעמע פֿאָלק האָט אַ טועכץ, האָט מיט וואָס זיך צו דערנערן, לעבט עס רויִק און שטיל, און קײנע מעשוגאָיִם אָדער שווינדלער־מעשׂיכים וועלן עס ניט אַרויסברענגען פֿון געדולד, פֿון זײַן רו. און דעריבער וויל איך טאַקע, אַז דער מיסכער זאָל פֿאַרברײטערט ווערן צווישן אונדזערע ברידער אין אַלע לענדער. דאָס וועט רײַך מאַכן אונדזער לאַנד, וועט געבן אַ טועכץ אויך דעם פֿאָלק און איך אײַצע דיר אויך טאָן דאָס זעלבע.

— איך טו עס סײַווי! — האָט דאַראַס אַ פֿלוטעווע געטאָן מיט די אויגן. — קאַרג פֿון אונדזערע אָרעמע ברידער שפּײַזן זיך אַרום מײַן מיסכער?

— מע דאַרף אָבער האַנדלען מיט ייִדן! — האָט יווינאַסאָן באַטאָנט.

דאַראַס האָט דורכגעלאָזט פֿאַרבײַ די אויערן די דאָזיקע ווערטער, וואָס זײַנען אים געווען ניט צום האַרצן. אים איז בכלל ניט געווען צום האַרצן די ריכטונג, וואָס יווינאַסאָן האָט געגעבן דעם שמועס, און ער האָט געזאָגט:

— פֿרײַנט יווינאַסאָן, אַלץ איז גוט, און דו ביסט אַוודאי גערעכט. נאָר אײן זאַך וווּנדערט מיך פֿאָרט. וויִאַזוי פֿויעלסטו בײַ זיך צו לאָזן אַזאַ יונגן מענטשן אין אַ ווײַטן וועג און וויִאַזוי טרויסטו אָן אַזאַ רײַכן גרויסן קאַראַוואַן ניט קײן דערפֿאַרענעם ייִנגל?

— עס מאַכט ניט, — האָט יווינאַסאָן געענטפֿערט. — מיט אים גײען אויך אויסגעפּרוּווטע, געניטע עלטערע מענטשן, אַפֿילו אַזאַ גיבער ווי שימען באַר גיורא. און דאָס, וואָס יעהודע איז נאָך יונג, שאַט אויך ניט. אַדרבא, זאָל ער פֿון דער יוגנט אָן זיך צוגעוווינען צו ווײַטע שווערע נסיעות, וועלן זײ אים גרינג זײַן, ווען ער וועט ווערן אַ דערוואַקסענער מענטש. אַ סוחר דאַרף זיך צוגעוווינען ניט אָפּצושרעקן זיך פֿאַר קײן געפֿאַרן. זאָל ער זיך קודעם באַקאַנען מיט נײַע לענדער, מיט נײַע מענטשן. אַ ייִדישער סוחר פֿירט אין ווײַטן לאַנד אַרײַן ניט נאָר די פּרוכט פֿונעם לאַנד, נאָר אויך גאָטס וואָרט. און דעריבער בין איך זיכער, אַז גאָט וועט שיקן זײַן מלאך אָפּצוהיטן מײַן קינד אין וועג. כּוץ דעם אַלעמען, — האָט יווינאַסאָן פֿאַרטרויליך צוגעגעבן, — האָב איך מיט יעהודעס נסיעה נאָך אַ מײן. אין לאַנד איז ביז גאָר ניט לאַנג געווען שטאַרק אומרויִק. איצט איז געוואָרן אַ ביסל שטיל. אָבער אויף ווי לאַנג? אַלבינוס האָט דאָך אונדז שוין אונטערגעפֿירט. ווער ווײסט, וואָס די נעקאָמענעמער טוען דאָרט אין די הײלן, אויף די בערג? איצט האָבן זײ זיך פֿאַרטײַעט. וואַרטן מיסטאָמע אויף אַ געלעגנהײַט, ווידער צו מאַכן מעהומעס אין לאַנד. דערווײַל האָט דאָס פֿאָלק פֿונדאָסנײַ אויפֿגעהערט פּינקטלעך צו צאָלן די קײסערלעכע שטײַערן. פֿאַראַן דערפֿער, וואָס אַגאַבײַ אַ צינס־מאָנער האָט מוירע אַפֿילו צו באַווײַזן זיך דאָרט. נאָר אַזוי קאָן דאָס דאָך לאַנג ניט דויערן, און מיר ווײסן ניט וואָס וועט זײַן, אַז דעם קײסערס פֿאַרוואַלטער וועט נעמען שטרענגער אויפֿצומאָנען די שטײַערן־כּיוועס. דערווײַל האַלט איך אים דערפֿון אָפּ. אָבער וויפֿל וועל איך עס קענען? האָב איך זיך געזאָגט: יעהודע איז נאָך יונג, ניט קײן געשטעלטער מענטש, איז בעסער אים האַלטן אַ ביסל פֿונדערווײַטנס ביז עס וועט זיך מיט אָן עמעס אײַנשטילן אין לאַנד. זאָל ער גײן אויף אַ יאָר קײן באַוול.

— דו מײנסט, אַז ס'איז גענוג דערויף אַ יאָר? — האָט דאַראַס מיט אַ באַהאַלטענער איראָניע געפֿרעגט.

— איך האָב צום הײליקן, געבענטשט זאָל זײַן דער נאָמען זײַנער, — האָט יווינאַסאָן פֿרום געענטפֿערט. — איך האָב אָבער נאָך אַ קאַוואָנע אינעם שיקן יעהודען קײן באָוול, — האָט ער אַ שמײכל געטאָן און פֿאַרטרויליך צוגעגעבן: — ווען יעהודע בען באַטיראָ פֿון נעציווין — דו האָסט דאָך געהערט וועגן אים — איז פֿאַרצווייאָרן דאָ געווען, האָבן מיר קימאַט ווי אָפּגערעדט צווישן זיך, ער זאָל אויסגעבן זײַן עלטערע טאָכטער פֿאַר מײַן זון. איך וויל, מײַן קינד זאָל נעמען אַ באַס טאַלמיד־כאָכעם און דאַפֿקע פֿון באָוול. דאָרט זײַנען

די ייִדישע טעכטער באשיידענער, צניִסעדיקער, איידער די טעכטער פון יערושאַלאיִם. איז זאָל יעהודע זיַין בא בען־באַטיראַן אין שטוב, זאָל ער זיך באקענען מיט דער מישפּאָכע, מיטן הויזגעזינד, מיט דער בסולע אַליין. זאָלן זיי אויך אים זען און קענען. ניט אזוי?

— אוואדע טוסטו זייער גוט, — האָט דאַראַס ערנסט געענטפערט, — וועגן די טעכטער פון יערושאַלאיִם, מיַין פריַינט יוינאַסאַן, ביסטו אוואדע גערעכט. יערושאַלאיִם איז געוואָרן זייער אויסגעלאַסן. אַלע ווילן זיך גליַיכן צו דער קיניגן בערעניקאַ, צום קיניג אגריפּאַס שוועסטער, טרוימען וועגן כאַסענע האָבן פאר רוימישע סראַרעס, ווי דרוזילאַ דעם קיניג אגריפּאַס ייִנגערע שוועסטער, אָדער כאָטש זיך ריַיך קליידן, ווי דעם קויען גאָדלס טאָכטער מארטא באַס ביַיטוס. דער לוקסוס אין יערושאַלאיִם וואקסט, שטעלט בעדאַלעס דאָס פאָלק. האָבן א טאָכטער אין יערושאַלאיִם איז אַן עמעסער אומגליק. איך האָב אויך טעכטער און פיל דעם טאַם פון נאָכטאנצן מארטען, בערעניקאַן. איך זע, מיַין פריַינט יוינאַסאַן, דו קוקסט וויַיט. קאָנסט אַלץ באַציַיטנס באוואָרענען. איך קען דאָס ניט. איך בין פארטאָן אין די געשעפטן, כ'האָב עפּעס קיין ציַיט ניט זיך אומקוקן אף די קינדער. און דעריבער ווער איך טאַקע צומאָל געשטרויכלט, שלאָג זיך אראָפּ פונעם רעכטפארטיקן וועג.

— גוט איז שוין אָבער דאָס, — האָט יוינאַסאַן מיטפילנדיק געזאָגט, — וואָס דו, פריַינט דאַראַס, אנערקענסט דאָס. דאָס איז שוין פאר זיך אַליין ווי אף האַלב טשוווע געטאָן.

— אדאנק דיר, פריַינט יוינאַסאַן, פאר א גוט וואָרט, פאר א טרייסטוואָרט, — האָט דאַראַס געזאָגט, איז אנשוויגן געוואָרן אף א וויַיל, האָט צונויפגעציפּעט די ליפּן, צוגעשלאָסן די אויגן, ווי זיך פארטראכט, זיי געעפנט, א שאַרפן קוק געטאָן אף יוינאַסאַנען און אומזיכער געזאָגט:

— דו ווייסט, פריַינט יוינאַסאַן, וואָס מיר איז ארופגעקומען אפן געדאנק? ווי זאָגן מענטשן, אינצווייען איז שטארקער, און א דריַי געדרייטער פאָדעם ווערט ניט צעריסן. בא אונדז, ייִדן, איז די שוטפעס אינעם האנדל זייער כאָשעווע. אָט דו אַליין האָסט דאָך אויך א שוטעף. איך, ווידער, האנדל שטענדיק איינער אַליין און פיל דעריבער גאנץ אָפט ווי מיר פעלט א שוטעף. נאָר איך קען זיך אַלץ ניט צוקליַיבן א פּאַסיקן מענטשן. איז עפשער וואָלט רעכטפארטיק געווען אין דיַינע אויגן מיך אריַינעמען אין איַיער שוטפעס. דאָס וואָלט לוינען פאר דיר, און פאר מיר וואָלט עס אויך געווען א גרויס געווינס. כאָטש מיַין גרויס פארמעגן, וואָלט איך אין דער שוטפעס געקענט אריַינטראָגן אויך מיַין דערפארונג, מיַין גרויסע באַקאַנטשאַפט מיט מענטשן, מיט מערק. אונדזער לאַנד פירט דאָך אריַין א סאַך מער זאכן ווי עס פירט ארויס. וואָלט איך געקענט מיטהעלפן דער שוטפעס מיטן איַינקויפן די דאָזיקע פרעמדע זאכן. איך וועל אויך באוואָרענען די קאַראוואַנען פון אַן אָנפאַל. דיַין קלוגע אָנפירונג וואָלט אוואדע און אוואדע געבראכט אונדז אַלעמען נוצן. גיב א טראכט?

יוינאַסאַן האָט א פאַרכידעשטער א פאַרשנדיקן קוק געטאָן אף דאַראַסן, וואָס איז געבליבן זיצן, אויסוואַרטנדיק מיט א פאַרוואָרפענעם קאָפּ אף צוריק, עגבערנדיק מיט זיַינע שפּיציקע אייגעלעך זיַין מיִטשפּרעכער. יוינאַסאַן האָט א ביסל געשוויגן. האָט א וועג געטאָן דאַראַסעס ווערטער און זיי האָבן אים אויסגעזען ניט גאָר ווילד. „בעסער צו האָבן, האָט ער זיך א טראכט געטאָן, אזא מענטשן פאר א שוטעף און פריַינט, איידער פאר א קעגנער און פיַינט”. און ער האָט געזאָגט:

— דיַינע רייד, פריַינט דאַראַס, זיַינען פאר מיר אומגעריכט, נאָר ניט קרום. דער איניען איז אָבער, ווי דו פארשטייסט אַליין, זייער אַן ערנסטער. מע דאַרף א טראכט טאָן וועגן אים, איבעריידן מיט מיַין שוטעף אויך, מיט אבאָ בען באטיעכן. ער וועט מאָרגן דאָ זיַין. אין א פּאָר טעג ארום וועט ער זיך אומקערן צוריק קיין יערושאַלאיִם וועט ער דיר ברענגען אַן ענטפער. איך מיין, ער וועט ניט זיַין קעגן דיַין פאַרשלאָג. אף כאַנוקאַס־האבאיִס וועסטו דאָך אומבאדינגט קומען, עפשער וועלן מיר דעמאָלט שוין זיַין ניט נאָר גוטע־ברידער, נאָר שוטפים אויך.

— אָמיין, האַלעוויַי! — האָט דאַראַס, א דערפרייטער, פרום א פלוטעווע געטאָן מיט די אויגן. — איך וועל זייער צופרידן זיַין האָבן אזעלכע פאַרנעמע שוטפים. ווי איר. אף כאַנוקאַס־האבאיִס וועל איך סיַווי זיַין. אדאנק פאר דער איַינלאַדונג. איצט וועל איך גיין.

איך גיי אוועק פֿון דיר עפּעס ווי א באַנײַטער מענטש, ווי א נײַ־געבוירענער. ווייס, איך בין טאָמיד געווען, בין אַלעמאָל דיר א גוטער פֿרײַנט. און זע ווי גאָט פֿירט. ער האָט מיך ווי אומיסטן א קערעווע געטאָן אַף א קרומען פֿאַלשן וועג, קעדיי ארופצוקומען דורך דעם אפן עמעסדיקן, רעכטפאַרכטיקן. איך גלייב, דאָס אַלץ איז פֿון דעם הייליקן, געבענטשט זאָל זײַן דער נאָמען זײַנער. דו מיין ניט, אז איך האָב, כאַלילע, זיך אָפּגעקערט פֿונעם לעבעדיקן גאָט, פֿון דעם גאָט פֿון יִסראָעל, ווי בייזע מענטשן ריידן אַף מיר — אָפּדאַרן זאָל די צונג בא די רעכילעסטרײַבער! — ניט מער, מע איז א זינדיקער מענטש, מע יאָגט זיך נאָך רײַכקײַט, נאָך האוולײ אוילאָם, נאָך נארישקײַטן, ברעגגען די געשעפטן אמאָל א ביסל דערצו, מע זאָל אָפּקערן, כאַלילע, ניט פֿון גאָט, נאָר פֿון אייניקע אַלטע מינהאָגים. דאָס איז אוודע ניט גוט, אָבער פֿארקערנדיק אָפּטער מיט אזעלכע מענטשן, ווי דו און דײַן שוטעף, וועט מיר דער הייליקער, געבענטשט זאָל זײַן נאָמען זײַן, צוריק ארופֿירן אפן גוטן אַלטן יִדישן וועג. זײַ זשע געזונט, און גאָט זאָל דיך באַגליקן, ווּהין דו וועסט זיך קערן און ווענדן!

— אָמיין! זאָל אויך דיך גאָט באַגליקן דײַנע וועגן! — האָט יוינאָסאָן געענטפֿערט, גערירט פֿון דאָראסעס רייד. ער האָט אים פֿרײַנטלעך ארויסגעבאַגלייט פֿון זײַן טויער. זיך אומגעקערט צוריק אין פּאַלאַץ ארײַן, האָט ער א קלער געטאָן:

— און עפּשער איז ער גאָרניט אזא פֿארדאָרבענער מענטש, ווי מע רעדט פֿון אים? מאַלע וואָס מענטשן ריידן. אמאָל רעדט מען אויס קינע, אמאָל איבער דעם, וואָס דער צווייטער איז ניט אזא צוגעלאָזענער, לײַטזעליקער מאַן. מענטשן האָבן ליב זוכן כעסרוינעס בא יענעם און פֿון די אייגענע מאַכט מען זיך דערפֿון. מענטשן דערזעען אין כאַווערס אויג א שפּענדל און בא זיך אינעם אייגענעם אויג באַמערקט מען אפילע ניט קיין באַלקן. ער אַליין, יוינאָסאָן, מוז דאָך אויך, לעמאַן האשאָלעם, אמאָל געצווּנגען זײַן אַלס קאָרעוו לעמאַלכוס זיך דערלויבן דאָ און דאָרט אָפּצוווײַכן אַף א הערעלע פֿון די שטרענגע אײַנגעשטעלטע פּרושים־פּירעכצן. פֿונדעסטוועגן וועט, געלויבט זײַ גאָט, קיינער ניט זאָגן אַף אים קיין שלעכט וואָרט. און דאָראס איז דאָך ניט קיין טאַלמיד־כאָכעם. פֿון אים מאָגען צופֿיל קען מען ניט. ער איז אָבער א טיכטיקער מענטש, א רײַכער מאַן. עמעס, ער האָט עפּעס א פֿינצטער פֿײַערל אין זײַנע שלאַנגען־אויגן. נאָר דאָס איז דאָך א שטראָף פֿון גאָט, ניט זײַן שולד. וועט ער, יוינאָסאָן, אים איצט אָפּשטויסן פֿון זיך, וועט ער דערמיט אויסלעשן אין אים דעם גוטן פֿונק, וואָס טליִעט נאָך אין זײַן נעשאָמע. דאַן וועט ער טאַקע ווערן אן עמעסער ראָשע. ער איז א נויקעם וועגויטער, א ניט־פֿארגינער, איז לאָהעט נאָך געלט. ער קאָן ווערן אויך אים א סוינע, אים שאָדן באַם פּראָקוראַטאָר, אַף די וועגן פֿון די קאַראוואַנען. ער איז א מענטש א פֿארביטערטער. מיט אים דאַרף מען זײַן געהיט, גיין מיט אים, ווי ביכלאַל מיט יעדן מענטשן, מיט גוטן, ווירקן אַף אים, צעבלאָזן אין אים דעם גוטן פֿונק, אָנווענדן זײַנע קויכעס אַף טאָן גוטס.

און ער האָט זיך שוין פֿאָרגעשטעלט, וויִאזוי ער וועט מיט זײַן פֿרידלעכן און פֿרײַנטלעכן באַגיין, ווי יוינאָסאָן בען זאַקאַי לערנט, ברענגען דאָראסן צו טשוּווע טאָן טאַקע מיטן גאַנצן הארצן, ווערן אן עמעסער פּאָרעש. דאָס וועט זײַן א געווינס פֿארן פֿאָלק און פֿארן לאַנד. און אַליין באַגײַסטערט פֿון זײַנע טרוימען, האָט יוינאָסאָן באַשטימט ארײַנצונעמען דאָראסן פֿאַר א שוטעף, גענומען אויסרעכענען, וויפֿל זײַנע געשעפֿטן וועלן געווינען פֿון דעם. „און א דרײַ געדרייטער פֿאָדעם וועט זיך ניט צערײַסן...” — איז אים ארופגעקומען דאָראסעס רייד. ער האָט א שמייכל געטאָן און, א באַרויִקטער און צופֿרידענער ווי פֿון זײַנע גוטע מײַסים, אזוי אויך פֿונעם גוטן שוטפֿעס, וואָס ער וועט מאַכן, איז ער געגאַנגען א קוק טאָן, וויִאזוי גייט די צוגרייטונג צום מאָלצײַט, וואָס ער האָט אים אָנגעמערקט אַף דעם קומענדיקען כוידעש.

די צוגרייטונג צום גרויסן מאָלצײַט איז געווען אין פֿולן ברען. פֿון בעריטוס און פֿון צידוין, פֿון בייסרימוין און פֿון יעריכאָ, פֿון נאָענט און פֿון ווײַט, מיט קעסלען, מיט מוילייזלען און מיט שיפֿן פֿון די אינדזלען פֿון יאַם זײַנען אין יוינאָסאָנס פּאַלאַץ ארײַנגעבראַכט געוואָרן אַלערליי קיילים, פֿארשיידענע טײַערע געטראַנקען און שפּײַזן, בסאָמים און געווירצן,

גרינוואַרג און טײַערע פּרוכטן, אַלערלײ זיסקײטן, געבראַכטע פֿון ווײַטע מדינעס. קעכנס און דינער זײַנען געווען באַשעפֿטיקט מיט צוגרייטן קאַלערלײ לײַכטע פֿאַרבײַסעכצן און צובײַסעכצו, געבעקסן, געזאַלצנס און געפּרעגלטס. יוינאָסאַן האָט זיך גערעכנט אַף גאָר הויכע געסט, וואָס וועלן קומען צו דער סודע, און ער האָט ניט געקאַרגט קײן מי און קײן געלט אַף איבערצוראַשן די געסט מיטן גלאַנץ פֿון זײַן הויז, מיט זײַן גרויס רײַכקײַט, מיט די ביז גאָר טײַערע שפּײַזן און געטראַנקען (נאַטירלעך קאָשערע, וואָס מעגן אַרויפֿגעבראַכט ווערן אַף אַ ייִדישן טיש), און דערמיט דערהויבן דעם קאָוועד פֿון ייִסראָעל אין די אויגן פֿון די גרויסע געסט.

באַנאַנד מיט דעם איז אויך געגאַנגען דאָס צוגרייטן צום אַרויסריכטן דעם קאַראַוואַן אין ווײַטן וועג. קעמלען, אייזלען, מוילײזלען און פֿערד זײַנען אָפּגעקליבן און אָפּגעקויפֿט געווען פֿון די בעסטע און שטאַרקסטע. זײ זײַנען אוועקגעשטעלט געוואָרן אַף שטאָף־פֿיטער אין די שטאַלן זיך אויסצורוען, זיך אָנצונעמען מיט לײַב און קויעך. אין די לאַגערן זײַנען געזאַמלט געוואָרן אַ סאַך פֿאַרשיידענע סכוירעס, וועלכע מע האָט אײַנגעפּאַקעוועט אין לעדערנע און פֿלאַקסענע זעק, אין לאַגלען, אין קערב און אין הויכע געפֿלאָכטענע פֿון לאָזע פּרוכט־קוישן. דאָס אַלץ איז געווען צונויפֿגעבונדן, פֿאַרשנורעוועט און פֿאַרזיגלט מיטן שטעמפּל פֿון די שותּפֿים. עס איז אויך צוגעקליבן געוואָרן די דינערשאַפֿט פֿאַרן קאַראַוואַן: מענטשן געניטע אײַנצופּאַקעווען די סכוירעס, טרעגערס, פֿיטערס, אָנטרײַבער פֿון קעמלען און מוילײזלען, אַלע מענטשן שטאַרקע, איינס און איינס, מענטשן אָרנטלעכע און אויסגעפּרוווטע. עס איז שוין געפֿונען געוואָרן אַ באַגלייטער און געהילף צו יעהודען אויך. דאָס איז געווען דער יונגער בראַווער וואַנדערער שימען באַר גיִורא, וואָס איז אויסגעווען אַ וועלט, האָט אויסגעשפּאַנט פֿיל געגנטן און לענדער, האָט עטלעכע מאָל דורכגעמאַכט דעם ווײַטן קאַראַוואַנען־טראַקט קײן עדעזע, אַדיאַבענע און אויך צו די ייִדישע שטעט אין באָוול — נעציווין און מעכויזאַ. מיט שימענס אָנקומען אַלס באַגלייטער פֿונעם קאַראַוואַן איז אין די לאַגערן פֿון די שותּפֿים און אין זייערע שטאַלן געוואָרן רירעוודיקער, לעבעדיקער, און דאָס גרייטן דעם קאַראַוואַן אין וועג אַרײַן איז אוועקגעגאַנגען בעסער און שנעלער.

די אומגעריכטע נײַס, אַז דער באַגלייטער פֿונעם קאַראַוואַן וועט זײַן איינער פֿון די דרייסטע און שטאַרקסטע קאַראַוואַן־באַגלייטער שימען באַר גיִורא, האָט זייער איבעראַשט און דערמוטיקט יעהודען. זיך באַגעגענענדיק מיט אים, האָט יעהודע, צו זײַן נאָך גרעסערער איבעראַשונג און פֿרייד, דערקענט אינעם באַגלייטער יענעם יונגן באָכער, „דעם גיבער מיט די שיינע אויגן", וואָס ער און עדנע האָבן אין זייערע קינדער־יאָרן עטלעכע מאָל זיך געטראָפֿן מיט אים אין גושכאַלאַוו. יעהודע איז אַ דערפֿרייטער אוועק אַהיים און דערציילט די איבעראַשנדיקע נײַס עדנען. עדנע איז אויך שטאַרק איבעראַשט און דערפֿרייט געוואָרן, גלײַך אַ גרויס גליק האָט זי געטראָפֿן. די ערשטע רגע איז זי געווען ווי צעמישט, די אויגן האָבן זיך איר צעברענט, דאָס פּאָנעם האָט זיך צעפֿלאַמט, און געקוויטשעט האָט זי פֿאַר פֿרייד, גערעדט און ניט געוווּסט וואָס...

פֿאַר אירע אויגן האָט געשוועבט דאָס וווּנדערלעכע געשטאַלט פֿון שימען באַר גיִורא, פֿון יענעם „גיבער מיט די שיינע אויגן", ווי זײ האָבן אים גערופֿן, דאָס געשטאַלט, וואָס האָט דעמלט, אין די קינדער־יאָרן, אין גושכאַלאַוו, זיך אַזוי טיף אײַנגעקריצט אין איר געדעכעניש און וואָס פֿאַרגעסן האָט זי עס ניט געקענט און ניט געוואָלט. זײ, זי און יעהודע, פֿלעגן אים אָפֿט דערמאָנען, גערעדט פֿון אים און געבענקט נאָך אים. עדנע האָט גערעכנט, זי וועט אים, „דעם גיבער מיט די שיינע אויגן", שוין קײנמאָל ניט זען, און דאָס האָט איר באַנג געטאָן, און אָט איז ער דאָ! ווי זײַן שטייגער דעמלט, איז ער אויך איצט פּלוצעם, ווי פֿון הימל אַראָפּגעפֿאַלן און זיך באַוויזן און גייט אַפֿילע באַגלייטן יעהודען קײן באָוול! דאָס איז דאָך ניט פּאָשעט, דאָס איז אַ צייכן פֿון גאָט! און די פֿרייד איז אין איר געוואַקסן, און זי האָט געשאַלט, און זי האָט געטאַנצט, און יעהודע האָט זיך אויך געפֿרייט מיט איר. ביידע זײַנען זײ געווען ווי שיקער און האָבן דעם גאַנצן טאָג ניט אויפֿגעהערט צו ריידן וועגן דעם „גיבער מיט די שיינע אויגן", זיך דערמאָנט זייערע טרעפֿעענישן מיט אים אין גוש־

כאַלֿאוו, זיך דערמאַנט, ווי ער האָט אויסגעבאָדן צום רײַכן פֿויער בענטווירטען אין דער פֿי־קאַרעטע, און זיי האָבן געלֿאַכט, גלײַך זיי וואָלֿטן דאָס זען איצט פֿאַר זייערע אויגן.

די לֿעצטע פֿאַר כאַדאָשים, באַם צוגרייטן אין וועג אַרײַן דעם קאַראוואַן, האָבן יעהודע און זײַן געהילֿף שימען באַר גיִורא זיך קימאַט ניט צעשיידט. שימען האָט אַרויסגעוויזן ביז גאָר פֿילֿ געניטקײַט אין אַלֿץ, באַזונדערס אין דעם, וואָס האָט געהאַט אַ שײַכעס צו ווײַטע רײַזעס. האָט אַרויסגעוויזן פֿלינקײַט, בעריעשקײַט, דערפֿינדערישקײַט, קלאָרן געדאַנק און פֿעסטן ווילֿן.

דאָס האָט באַוווּנדערט יעהודען און געוועקט אין אים אַנציקונג, גרויס אַכטונג און אָפֿשײַ צו זײַן באַגלייטער. שימענס לֿיבער, לֿיכטיקער שמייכלֿ, וואָס פֿלֿעגט אַרויסשטראַלֿן פֿון זײַנע העלֿע שיינע אויגן און זיך צעגיסן מיט אָן אַ שיר כיין איבער זײַן לֿענגלֿעכן מאָגערלֿעכן, פֿון זון און ווינט פֿאַרברוינטן פּאָנעם, אַ קרײַזלֿ טאָן זײַנע לֿיפּן, אופֿהייבן אַ ביסלֿ זײַנע קליינע שוואַרצע וואָנצעלֿעך און באַווײַזן אַ בלֿענדנדיק ווײַס פּאַסקעלֿע ציין, — דער דאָזיקער שמייכלֿ האָט באַצויבערט יעהודען, געוועקט אין זײַן האַרץ אַלֿץ אַ גרעסערע לֿיבשאַפֿט צו דעם „גיבער מיט די שיינע אויגן”.

אַ צוריקגעהאַלֿטענער, אײַנגעשלֿאָסענער, שווײַגנדיק שטרענגער צווישן מענטשן, וואָס זײַנען געווען פֿון העכערן גראַד און אים פֿרעמד; אַ ווייכער, האַרציקער און צאַרטער מיט קינדער, איז שימען געווען גאָר אַן אַנדערער צווישן מענטשן פֿון זײַן גראַד, פֿון זײַן גלֿײַכנס, צוויש מענטשן פּונעם אָרעמען פֿאָלק, אַ היימישער, צוגעלֿאָזטער, אייגענער און אָפֿענער, פֿריילֿעכער און אופֿגעלֿייגטער, אַ גלֿײַכער צווישן גלֿײַכע. אַזעלֿכער איז ער געווען צווישן די מענטשן, וואָס האָבן באַדינט דעם קאַראוואַן. און כאָטש יעהודע איז געווען אַ זון פּונעם באַלֿעבאָס פּונעם קאַראוואַן, אַליין שיר ניט שימענס באַלֿעבאָס, האָט שימען דאָך זיך באַצויגן צו אים ווי צו זײַנעם אַ גלֿײַכנס, ווי צו אַ ייִנגערן כאַווער, שיר ניט ווי צו אַ לֿיב קינד, זיך באַצויגן צו אים מיט צאַרטקײַט, צוטרויִלֿעכקײַט און נאָענטקײַט, געדענקענדיק אים טאַקע אַלֿס נאָך אַ קינד אין גושכאַלֿאוו, אים און זײַן וווּנדער־שיין שוועסטערלֿ. אַזעלֿכער איז ער אויך איצט געווען אין זײַנע אויגן. שימען האָט געהאַט אַ זעלֿטענעם זיקאָרן און אַלֿץ, וואָס האָט אַף אים געמאַכט אַן אײַנדרוק, האָט ער אַף יאָרנלֿאַנג פֿאַרגעדענקט. יעהודע האָט אויך איצט אויסגעזען אין שימענס אויגן גאָר ניט, ווי דער צוגעייגנטער זון פֿון דעם רײַכסטן מאַן אין קייסאַריע, נאָר ווי דער עמעסער געבוירן־זון פֿון יענעם אָרעמען פֿאָטער, פּונעם פּויער שימען פֿון איין־זייסים, וואָס שימען האָט אים געקענט און געאַכטעט, און וואָס איז אַזוי טרויעריק אומגעקומען איבער דעם שלֿעכטס פֿון די רוימער און רײַכע לֿײַט.

יעהודע האָט זיך אַזוי צוגעבונדן צו שימענען, אַז ער פֿלֿעג גערן פֿאַרבלֿײַבן אין די סכוירע־לֿאַגערן אַן איבעריקע שאָ צו פֿאַרברענגען מיט אים דאָ צווישן דעם קאַראוואַן דינערשאַפֿט — דאָ איז געווען פֿריילֿעכער, לֿײַכטער, לֿופֿטיקער, איידער אין דער שטרענגער אָרדענונג אין רײַכן הויז פּונעם פֿרומען פּאָרוש, זײַן פֿעטער און פֿאָטער.

געענדיקט די טאָג־אַרבעט, פֿלֿעגן די אָנטרײַבער, פּאַקערס, טרעגערס און היטערס זיך צונויפֿזאַמלֿען אַרום שימענען אַפֿן ברעג פֿאַרן גרויסן סכוירע־לֿאַגער. יעהודע פֿלֿעג געווײנלֿעך זיך אויך פֿאַרהאַלֿטן דאָ לֿעבן זיי.

די קאַראוואַן־מענטשן פֿלֿעגן לֿיגן, זיצן אַפֿן זאַמד, זיך אָפּרוען, דערציילֿט אויסטערלֿישע מײַסעס פֿון רײַזנדע און רײַזע־פּאַסירונגען, פֿון ניסים און וווּנדער, פֿון גאַזלֿאָנים אין דעם מידבער, פֿון מילכאָמעס מיט די רוימער, דערציילֿן וועגן די העלֿדישע קעמפֿער פֿון יעהודע דעם גאַלֿילֿייער און זײַנע זין, יאַנקעוו און שימען, דערציילֿן וועגן די פֿאָלֿקס־פֿירער פֿון אַלֿיעזער בענדינאַי, פֿון אַלֿעקסאַנדערן, פֿון אַמראָמען פֿון בענטריכע פּרישאָ און אַנדערע. זיי פֿלֿעגן אים אָפֿט זינגען און טאַנצן. יעהודע האָט אויך לֿיב געהאַט טאַנצן און זינגען, ווי אַמאָלֿ, אין גושכאַלֿאוו מיט די פּויערשע קינדער אין פֿעלֿד. שימען פֿלֿעג זיצן און קוקן. קוקן לֿאַנג ווי די יונגען טאַנצן. מיטאַמאָלֿ פֿלֿעג אים ווי אַ ברי טאָן, געבן אַ הייב אויף, און ער פֿלֿעג אופֿשפּרינגען מיט אַ שאַלֿנדיקן קריג־געשריי, אַרײַן אין קאָן אַרײַן און גענומען מיט פֿולֿן ברען טאַנצן. שימען איז געווען אַ זעלֿטענער טענצער. נאָר מער פֿאַר אַלֿץ האָט ער

אַרויסגעוויזן בעריעשקייט אין זײַן טאַנצן דעם אַלטן ייִדישן קריגס-טאַנץ, דאָווידס טאַנץ. דעמאָלט פֿלעגן די יונגען אָפּטרעטן אים דאָס אָרט, אַליין אופֿהערן טאַנצן, זיך אויסשטעלן אין אַ ברייטער ראָד, זינגען און פּאַטשן מיט די הענט, און פֿאַרכאַפּטע, באַצויבערטע און עקזאַלטירטע, ווי בײַ עפּעס אַ גרויסער הייליקער אַווידע אַרויסלאָזן אָפּטע יובל-געשרייען. און שימען האָט געטאַנצט, לײַכט און שוועבנדיק, זיך טראָגנדיק איבערן קרײַז און איבער קרײַזלעך, וויכערדיק זיך דרייענדיק און צושפּרינגענדיק אַלץ מיט ברייטערע, העכערע שפּרונגען, ריטמיש געמאָסטענע און אַלץ מיט גרעסערן עקסטאַז, ווי מע שפּרינגט איבער די שײַטערס אין אַ פֿײַער-טאַנץ אַרויסלאָזנדיק קריגס-געשרייען, און דרייענדיק זיך און שפּרינגענדיק מיטאַמאָל אַ שפּרונג טאָן גאָר הויך און אַזוי אין דער הייך און איבער דער ערד, קונציק און מיט גרויס בעריעשקײַט און גוורע זיך וויכערדיק אַ דריי געטאָן אינדערלופֿטן און מיט אַ זיג-געשריי זיך אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, בלײַבן שטיין מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט, מיט אַ צעפֿלאַמטן, צעשײַנטן, טריומפֿירנדיקן פּנים און אופֿגעהויבענעם קאָפּ צום הימל, ווי אַ זיגער און מילכאָמע-געווינער. אַרום די מענטשן האָבן אויך אַרויסגעלאָזט אַזאַ זיג-געשריי און אויך זיך אַוועקגעשטעלט מיט אויסגעשטרעקטע הענט מיט טריומפֿירנדיק-שײַנענדיקע פּנעמער און מיט פֿאַרהויבענע צום הימל קעפּ, ווי זיגער אין קאַמף.

די דאָזיקע טענץ און געזאַנגען, די פֿאַרווײַלונגען אין די אָוונטן נאָך דער טאָג-אַרבעט האָבן נאָך שטאַרקער צוגעבונדן יעהודען צו שימענען, אים אַלץ מער אָפּגעדערווײַטערט פֿון דער רײַכער היים, און ער האָט אַלץ אָפּטער און גערנער אָן קיין שום איבעריקער נויטווענדיקייט זיך פֿאַרהאַלטן דאָ. זיך פֿאַרשפּעטיקט, פֿלעגט ער שוין בלײַבן איבערנעכטיקן אינעם לאַגער.

ווען די נאַכט איז שוין צוגעפֿאַלן, פֿלעגן די קאַראַוואַן-באַדינער זיך פֿאַנאַנדערגיין יעדערער צו זײַן געלעגער. אַ צעהיצטער און באַרוישטער, פֿלעג אויך יעהודע מיטגיין מיט שימענען צו דעם געלעגער, וואָס זיי האָבן זיך געמאַכט אויפֿן דאַך פֿונעם גרויסן הויפּט-סכוירע-לאַגער, וואָס קעגן יאַם.

די סכוירע-לאַגערן און די פּי-שטאַלן פֿון די שוטפֿים זײַנען געווען אין עק שטאָט, סאַמע בײַם ברעג יאַם, אינעם נײַעם טייל פֿון שטאָט, וואָס איז די לעצטע פּאָר יאָר פֿון אַ קלײנער פֿאַרשטאָט אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסן האַנדלס-צענטער, קימאַט אין אַ נײַער זעלבשטענדיקער שטאָט. דאָ זײַנען געווען די גרעסטע קלייטן, די סכוירע-לאַגערן און מאַגאַזינען, דער הויפּט-מאַרק. דאָ האָט אויך געוווינט דער גרעסטער טייל פֿון דער פֿאַרמעגלעכער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

אַרופֿגעגאַנגען אויפֿן דאַך פֿון דעם סכוירע-לאַגער, פֿלעגן יעהודע און שימען אויסשפּרייטן אויף אים עטלעכע פֿרישע צינאָוועס, אויף זיי אַרופֿלייגן שמיסן און פֿעלן און זיך אַוועקלייגן אויף זיי. שלאָפֿן האָט זיך אָבער ניט געוואָלט און זיי פֿלעגן ליגן, קוקן אויפֿן יאַם, אויפֿן הימל, דערציילן מײַסעס. אייגנטלעך, פֿלעג ריידן דעריקער יעהודע. קוקנדיק אויף די שטערן, נאָכשפּירנדיק מיט געדולד, ווי זיי רוקן זיך איבער, פֿלעג יעהודע צומאָל אַ ווײַז טאָן שימענען אויף דעם אָדער יענעם געשטערן, וואָס האָט זיך ווײַט איבערגערוקט. ער פֿלעג זיך דערבײַ דערמאָנען אין זײַנע יונגע יאָרן אַמאָל אין אייזן-זייסים און אין גושכאַלאַוו, און נעמען דערציילן מײַסעס פֿון יענער צײַט, ווי ער מיט אַנדערע ייִנגלעך פֿלעגן אין אַזאַ שטילער און אויסגעשטערנטער נאַכט פּאַשען די פּי אין די בערג, אָדער בײַם ברעג פֿון דער גרויסער גאַלילייער אָזערע, אָדער העלפֿן די עלטערע מענטשן דורכצוטרײַבן דעם קויען-גאַדלס דינער, די צינש-מאָנער און זיך שלאָגן מיט די רוימישע סאָלדאַטן. שימען פֿלעג אים מיט אַ וואָרט אַרופֿירן אויף אַזאַ מין געשיכטע, אים איבערפֿרעגן און גענוי זיך צעפֿרעגן בײַ אים וועגן די געשלעגן מיט די צינש-מאָנער און רוימער. איינמאָל האָט יעהודע דערמאָנט שימענען יענעם טאָג, ווען און וויאַזוי ער, יעהודע, און זײַן שוועסטערל עדנע האָבן זיך צופֿעליק געטראָפֿן מיט אים, מיט שימענען (ער געדענקט? דאָרט, אויף די שטיינער, און וויאַזוי ער, שימען, האָט אַרופֿגעטראָגן עדנען אויף די הענט אַרויף באַרג?). עדנע געדענקט אים זייער גוט. זי וואָלט אַ באַלן געווען אים זען, נאָר ער, שימען, ווייסט דאָך, איצט איז עדנע שוין ניט קיין קליין מיידעלע, זי איז שוין אַ באָגרעס...

— איך האָב זי אנומלטן געזען, — האָט שימען שטיל געזאָגט, — זי איז געגאנגען מיט כאנען, איר דערציִערן. איך האָב זי גלײַך דערקענט. יאָ, זי האָט זיך שטארק געענדערט, אויסגעוואקסן, געוואָרן נאָך א סאך שענער, ווי זי איז געווען. זי איז זייער א שיינע, זייער א שיינע, און פול מיט כיין, דײַן שוועסטער, — האָט ער צוגעגעבן און זיך פארטראכט.

יעהודע איז געווען איבערגליקלעך פון שימענס רייד, איז שטאָלץ געווען בא זיך אף זײַן שיינער שוועסטער, און אן אנציקטער און צעהיצטער געגומען דערציילן שימענען פון זײַן קרוויוועשאפט מיט עדנען, האָט דערציילט פון זײַנע עלטערנס טויט, וויאזוי יוינאָסאָן, זײַן פעטער, עדנעס פאָטער, האָט אים צוגענומען צו זיך פאר א זון, האָט דערציילט וועגן דעם לעבנשטייגער אין יוינאָסאָנס הויז און וועגן די מענטשן אין דעם, באזונדערס האָט ער א סאך דערציילט וועגן עדנען, יוינאָסאָנס באסיעכידע, זײַן שוועסטער, און אויך פון יוינאָסאָנס שוטעף פון אבא בען באטיאך. ער האָט דערציילט, און די נאכט איז געגאנגען, און די יונגע מענטשן האָבן גאָרניט באמערקט איר גיכן גאנג.

שימען איז געווען א זעלטענער צוהערער. ער פלעג צוהערן מיט אינטערעס, שטארק אופמערקזאם, ניט דורכלאָזן קיין איין וואָרט, קיין איין באוועגונג פונעם דערציילער, דאָס האָט אונטערגעקויפט דעם דערציילער, באזונדערס האָט ער מיט דער גרעסטער אופמערקזאמקײַט צוגעהערט יעהודען, ווען ער האָט גערעדט וועגן עדנען און אבען, אים ניט איבערשלאָגן, נאָר ווען-ניט-ווען עפעס א פרעג טאָן און מיט דעם ארופירן יעהודען אף א נײַער דערינערונג, דערהויפט וועגן עדנען און אבא בען באטיאכן.

עס האָט אויסגעזען, ווי שימען וואָלט מיט די דאָזיקע צוויי, מיט עדנען און מיט אבען, זיך באזונדערס אינטערעסירט. יעהודע האָט דאָס ניט באמערקט, נאָר ער האָט סײַווי גערן גערעדט פון זיי, ווײַל ער האָט זיי שטארק ליב געהאט, זיי זײַנען געווען די נאָענטסטע אים צוויי מענטשן אף דער וועלט.

אן אנדערש מאָל פלעג שימען אליין איבער וואָס פלוצעם ארויסגעפירט ווערן פון זײַן שווײַגן און הערן, פלעג אופלאמען און נעמען ריידן אמאָל שטיל, אינטים, אמאָל לײַדנשאפטלעך, צאָרנדיק, און אלעמאָל זײַנען זײַנע רייד געווען אויסטערלישע און אומגעווײנלעכע פאר יעהודען.

ער פלעג דערציילן זאכן, וואָס האָבן אלעמאָל פארכאפט יעהודען, געפאנגען זײַן הארץ. יעהודע פלעג שווײַגנדיק פארנעמען שימענס רייד, זיך צוהערן צום קלאנג פון זײַן קלינגענדיקער שיינער שטים און אלץ גרעסער איז געוואקסן די ליבע און דער יִראַס האקאָוועד זײַנע צו אים.

צומאָל האָט אויסגעזען, ווי שימען וואָלט מיט זײַנע רייד און מיט זײַן דערציילן אויספרווון געוואָלט זײַן ייִנגערן צוהערער, יעהודע, ווי ווײַט אים אָנטרויען און אופדעקן פאר אים זײַן הארץ.

די ביידע כאוויירים פלעגן ליגן אזוי אף די פעלן און פארטרוילעך ריידן, ביז די פינצטערניש פון דער נאכט האָט אָנגעהויבן זיך אויסבלייכן און ווערן שיטערער, די לופט — קילער און געדיכטער. דאן פלעגן זיי זיך אײַנווויקלען אין די ווארעמע צודעקן און מיטאמאָל, ווי פארקישעפטע, אנשלאָפן ווערן מיט א יונגן און געזונטן שלאָף.

די דאָזיקע סוידעספּולע נאכטיקע שאָען האָבן אלץ שטארקער דערנעענטערט די הערצער פון די יונגע מענטשן. כאָטש שימען באר גיִורא איז געווען עלטער פון יעהודען, דאָך זײַנען זיי צוגעבונדן געוואָרן איינער צום אנדערן, ווי אלטע אויסגעפּרווטע ברידער און כאוויירים.

אף מאָרגן פלעג יעהודע יעדעס מאָל זיך אומקערן אהיים א בארוישטער און באלאָדעוונער מיט א סאך נײַע געפילן און געדאנקען, ווי איינער, וואָס פאר אים איז אנטפלעקט געוואָרן אומדערוווארטע סוידעס. עדנע האָט אויך יעדן פרימאָרגן מיט אומגעדולד געוואָרט אף יעהודעס קומען פונעם לאגער, פלעג אים אנטקעגנקומען א דערפרייטע, אופגערעגטע, פלאטערנדיקע, אים אוועקפירן אינעם ווײַסן זאל, זיך אוועקלייגן אפן בעטל לעבן אָפענעם פענצטער, אוועקזעצן יעהודען אף א שטול לעבן זיך און צושטיין אומגעדולדיק צו אים:

— נו, דערציי́ל שוין גיכער! ווי גייט עס דאָרט בא אײַך? איז שוין אַלץ צוגעגרייט? איר זײַט ווידער געשלאָפֿן אַפן דאַך? פֿון וואָס האָט איר גערעדט? דערציי́ל זשע!

יעהודע פֿלעג איר אויסדערציילן אַלץ, ווי אָפּגעבן א גענויעם באריכט פֿון אַלץ, וואָס ער און שימען האָבן דעם טאָג געטאָן און פֿון וואָס זיי האָבן גערעדט דאָרטן אַפן דאַך אנטקעגן די שטערן פֿונעם הימל. דערציילט האָט ער אָבער דעריקער און אַפילע אויסשליסלעך וועגן שימענען, זיך אַפּלויבן ניט געקענט פֿון אים, האָט מיט ליבשאַפט און באַגײַסטערונג איבערגעגעבן וואָרט אין וואָרט אַלץ, וואָס ער האָט גערעדט און אים אַנגעטרויט וועגן זיך. עס איז אויסגעקומען, גלײַך שימען האָט אומיסטן דאָס אַלץ אים דערציילט, אַף איבערצוגעבן איר, עדנען.

ווי יעהודע אַליין, איז נאָך מער זײַן צוהערערן, עדנע, פֿאַרכאַפּט געווען פֿון דעם, וואָס ער האָט דערציילט, זי פֿלעג ליגן אויסגעצויגן אַפן בעטל, דעם קאָפּ אַנגעשפּאַרט אַן די הענט, די ברייטע אופגעריסענע און צעשטראַלטע, פֿאַרבענקטע און פֿאַרטיפֿטע אויגן אַנגעשטעלט אַף יעהודען, דאָס מויל ווי א לעכצנדיקס א ביסל צעעפֿנט, דאָס אייבערשטע קיינעוודיקע ליפּעלע עטוואָס פֿאַרקאַטשעט און דערבײַ באַווײַזן אירע דריבנע בלענדנדיקע ווײַסע ציינדלעך, די אויערן אַנגעשפּיצט און געהערט, געהערט, געדוכט האָט זיך, ניט אַליין מיט די אויערן, נאָר מיט אַלע אירע כושים, אייוורים, איז אינגאַנצן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסן געהער, נאָר געאָטעמט האָט זי שווער און הייס, גלײַך אינווייניק אין איר האָט אַלץ געגליט, געברענט, זי פֿלעג הערן שווײַגנדיק, ניט אַרויסלאָזן פֿון איר מויל קיין שום קלאַנג, איר גרינבלעך־מאַטעווע געזיכט פֿלעג דערבײַ ווערן בלייך־בלייך, ווי עס זאָל איר אויסגיין דאָס כּיעס, דאָס הארץ פֿון עפּעס א בענקעניש און גלוסטעניש. און וואָס מער יעהודע האָט גערעדט וועגן שימענען, אַלץ מער האָט אויך זי געפֿילט זיך נאָענט און אייגן צו אים, צום שיינעם יונגן גיבער, כאָטש זינט ער איז געקומען קיין קייסאַריע, האָט זי אים נאָך קיין איין מאָל מיט אים ניט גערעדט, אים נאָר א פּאָר מאָל געזען פֿונדערווײַטנס. זי האָט זיך געשעמט און מוירע געהאַט צוגיין נעענטער.

זי האָט אָבער ניט אַנגעווווירן די האָפֿענונג צו טרעפֿן זיך ערגעץ מיט אים, זען, רעדן מיט אים, דערמאָנען אים, ווי ער האָט זיך געשפּילט מיט איר און מיט יעהודען דאָרט אין גושכאלאוו. און זי וועט אים זאָגן, ער זאָל שוין קיינמאָל ניט אוועקגיין פֿון קייסאַריע, זײַן דאָ שטענדיק מיט זיי. ווי יעהודע, האָט אויך זי, און עפּשער נאָך שטאַרקער, טיפֿער און אײַנגעשפּאַרטער, זיך אײַנגעלעבט מיטן געדאַנק, אַז שימען וועט באַגלייטן יעהודען, וועט זיך אומקערן צוריק בעשאָלעם מיט אים און וועט שוין קיינמאָל ניט פֿאַרשווונדן ווערן. זי האָט זיך אַזוי געלעבט מיטן דאָזיקן געדאַנק, אַז זי האָט זיך גאָר פֿאַרשטעלן ניט געקענט, ווי קאָן דאָס אַנדערש זײַן.

אַזוי זיינען פֿרידלעך געגאַנגען די טעג פֿונעם צוגרייטן דעם קאַראַוואַן אין וועג אַרײַן, ווען פּלוצעם איז די גאַנצע וועלט און נאָך מער דאָס לאַנד יעהודע אופגערודערט געוואָרן פֿון אַן אויסערגעווינלעכער פּלוצלעכער הימל־דערשײַנונג.

איינמאָל אין אָוונט, ווען שימען און יעהודע זײַנען אַרופֿגעגאַנגען אַפן דאַך פֿונעם סכוירע־לאַגער, האָט שימען מיט זײַן ווײַטזיכטיקן בליק באַמערקט אַפן הימל א מעשונעדיקן שמאָלן און לאַנגן טונקעלן און גרוי־רויכיקן פּאַס, וואָס איז ווי א ריזיקע שווערד אַרויסגעשווומען פֿון דער בלויער הימל־טונקלקײַט. באַלד האָבן נאָך מענטשן אַף די שכיינישע דעכער דערזען די דאָזיקע שווערד אַפן הימל. עס איז געוואָרן א שרעק־ און שטוין־איבערוף איבער די דעכער; אַפן ברעג יאַם איז געוואָרן א גרויסער אַנגעלאָף פֿון מענטשן. מע איז געשטאַנען מיט פֿאַריסענע קעפּ צום הימל, די אויגן צוגעשמידט צו דער גרוי־רויכיקער שווערד, וואָס איז געווען אויסגעשטרעקט מיט איר שפּיץ צום יאַם און האָט מיט איר קאָפּ בלינד־דראָענדיק געקוקט אַף דער ערד און אַנגעוואָרפֿן אַף איר א פֿײַנלעכע אַנגסט, אַן אומרו און שרעק. אַלטע ווײַבער האָבן געבראָכן די הענט און אופגעהויבן א קלאָג און געוויין. נאָר בא אייניקע יונגע ייִדישע באַכערים האָבן די פּנעמער זיך צעשײַנט און די אויגן האָבן זיך צעברענט בא זיי מיט פֿרייד און האָפֿענונג. אויך שימענס פּאָנעם האָט זיך צע־

לויכטן מיט א פרייד־שײַן און האָפענונג־גלאַנץ. ער איז געשטאַנען פאַרגאַפּט, פאַרכאַפּט פון דער זעונג.

יעהודע האָט געקוקט מיט אומרו אף דער שווערד, אף שימענען און האָט שטיל, א ביסל ווי דערשראָקן, געפרעגט, א כאַפּ טוענדיק שימענען פאַר דער האַנט:

— שימען, וואָס איז דאָס?..

— שרעק זיך ניט! — האָט שימען באַגײַסטערט געענטפערט, — דאָס איז א גוטער סימען, ס'איז א גרויסער הימל־צייכן! עפשער דער גרעסטער, און ווײַזט אף א נעס, וואָס דאַרף געשען!

— א נעס, א צייכן זאָגסטו? — האָט זיך יעהודע אָפּגערופן פאַרוווּנדערט, — האָסט דאָך מיר אמאָל געזאָגט, דו גלייבסט ניט אין קיין צייכנס און אין קיין ניסים. דער פאָטער יויִנאַסאָן זאָגט אויך, די כאַכאָמים זאָגן, די צײַט פון ניסים איז פאַריבער. דו האָסט אַנומלט אפילע געזאָגט, אז דער נאָווי טהאַדוס און יעשו דער מיצרישער נאָווי האָבן פאַרפירט דאָס פאָלק, וואָרעם זיי האָבן זיך פאַרלאָזט אף ניסים און ניט אפן אייגענעם קויעך, אף דער שווערד...

— ניין, האָסט מיך שלעכט פאַרשטאַנען, — האָט שימען געענטפערט, — איך האָב גערעדט פון פאַלשע, היידישע צייכנס, פון פאַלשע קישעפמאַכערישע ניסים. אָבער עמעסע, גאָטס צייכנס, עמעסע גאָטס ניסים האָבן זיך קיינמאָל ניט אויסגענומען און וועלן זיך קיינמאָל ניט אָפּטאָן פון אונדז. דער הייליקער באַאַנאַ זאָגט: „ניסים ווערן שטענדיק געטאָן, וועלן אייביק זײַן. יעדן טאָג, זאָגט ער, ווען די זון גייט אוף און ווען זי פאַרגייט — איז עס א געשעענער נעס”. און וועגן די צייכנס האָט ער מיר געזאָגט: „מײַן זון, דער נאָווי זאָגט: אומייויסויס האשאָמאַיִם אַל טייכאָטו — פאַר די צייכנס פון הימל זאָל איך זיך ניט שרעקן. זאָלסטו אָבער ניט לייענען, האָט ער געזאָגט, „מייויסויס האשאָמאַיִם”, — פון די הימל־צייכנס, — נאָר „מייויסייויס האשאָמאַיִם” — פון די הימל־בוכשטאַבן”, ווײַל די הימל־צייכנס, זאָגט דער הייליקער באַאַנאַ, דאָס זײַנען אויסיִעס, הימל־שריפט. דעריבער דאַרף מען ניט מוירע האָבן פאַר זיי, נאָר זיי פאַרשטיין. עמעס, „ניט יעדערן איז געגעבן געוואָרן, זאָגט ער, צו זען די הימל־שריפט און לייענען זי קענען. און ניט יעדער, וואָס לייענט זי איבער, איז זויכע צו פאַרשטיין זי”. אָט וואָס דער הייליקער באַאַנאַ האָט געזאָגט. דער הייליקער באַאַנאַ לייענט און פאַרשטייט די הימל־שריפט. מע וואָלט באַדאַרפט זיך דורכגיין צו אים, אים פרעגן, וואָס באַטײַט אָט דער צייכן. ער האָט מיך אויך געלערנט צו לייענען די הימל־שריפט, נאָר איך פאַרשטיי זי ניט...

— דו האָסט שוין אמאָל געזען גאָטס שריפט, זי געלייענט? — האָט יעהודע געפרעגט.

— אף מײַן לעבן האָב איך זי איין מאָל געזען, — האָט שימען געענטפערט, — נאָר איבערלייענען האָב איך זי ניט איבערגעלייענט. איך בין נאָך א קליין ייִנגל געווען. איך האָב זיך דעמלט אופגעהאַלטן באַם הייליקן באַאַנאַ און ער פלעג אומוואַנדערן איבער מיד־בערס, איבער הויכע בערג, איבער ווײַטע לענדער. איך פלעג אים באַגלייטן אין זײַנע וואַנדערונגען. איינמאָל זײַנען מיר געווען אין א ווײַטער גרויסער מעדינע אף זייער הויכע בערג. מיר זײַנען געגאַנגען און געגאַנגען איבער טאָלן, איבער בערג, דורכגעגאַנגען שטעט, אזעלכע מאָדנע און גרויסע, גאָר ניט ווי אונדזערע. באַאַנאַ האָט זיך דאָרטן געטראָפן מיט אַלטע לײַט, מיט גרויסע כאַכאָמים. ער האָט געפירט מיט זיי לאַנגע געשפּרעכן, איך האָב אין זיי ווייניק־וואָס פאַרשטאַנען. איך האָב נאָר באַשײַמפּערלעך געזען, ווי דער הייליקער מאַן גיסט זיך אָן מיט קלוגשאַפט, גלײַך ער וואָלט בא יעדן און אומעטום געקליבן קלוגע רייד, ווי מע קלײַבט זאַנגען און מע לייגט זיי צו זיך אין קאָרב ארײַן. דער קאָרב זײַנער איז געוואָרן אַלץ פולער, אַלץ שווערער. אין איינעם אַן אָוונט, — האָט שימען ווײַטער דער־ציילט, — זײַנען מיר געווען אף זייער א גרויסן און הויכן באַרג. אונטער אונדז איז געלעגן די גאַנצע וועלט. איך קאָן דיר ניט אויסמאָלן דאָס געפיל, ווען דו זעסט די וועלט א ליגנ־דיקע אונטער זיך און דו שטייסט אף א גרויסער הויך איבער איר. איך האָב דאָס אף מײַן קינדערשן אויפן ארויסגעזאָגט באַאַנאַ. ער האָט אף מיר א לאַנגן פאַרשנדיקן קוק געטאָן און אַנגעשריגן אף מיר:

— ווי קומסטו צו אזוינע געדאנקען, אזעלכע געפילן? ביסט נאָך צו יונג דערויף. צו פרי איז דיר נאָך צו קוקן אויף דער וועלט פון אויבן אַראָפּ.

איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט, נאָר איך בין פאַרשעמט און אנשוויגן געוואָרן, געפילט, מיסטאָמע האָב איך געזאָגט א גרויסע נאַרישקייט. דער גוטער הייליקער מאַן איז דאָך טאָמיד געווען צו מיר מילד און ליב און קיינמאָל זיך ניט געבייזערט אויף מיר. אָבער שיין איז סיַיווי געווען אַרום. ווינט און ברייט איז געווען אזא מוירעדיקע הויכקייט, אזא גוואַלדיקע ראַכוועס. מיך האָט אָנגעכאַפּט א ציטער און דאָס האַרץ האָט מיר אַזוי פאַרקלעמט, אַז איך האָב זיך שיר ניט צעוויינט. אָבער זאָגן א וואָרט האָב איך מוירע געהאַט, האָב איך זיך איַינגעהאַלטן און געבליבן ווי פאַרקישעפט פון דעם, וואָס איך האָב געזען און געפילט.

דער הימל איז געווען באַלייגט און פאַרצויגן מיט גרויסע און קליינע צעריסענע וואָלקנס, דאָ שווערע און טונקעלע, דאָ ליַיכטע און ליכטיקע, וואָס האָבן אויסגעזען ווי ווונדערלעכע פּאַלאַצן, טורעמס, מעשונעדיקע ברוים. זיי האָבן זיך פּאַוואָליע צעצויגן און זיך אויסגעצויגן, אריַין און אַרופגעקראָכן איינער אין דעם אַנדערן, איינער איבערן אַנדערן, געביטן זייער אויסזען און זייער מאַרע. די זון האָט זיך שוין אַראָפּגעלאָזט נידעריק, ווי א שיפל איבערן וואַסער זיך געגליטשט צווישן די כמאַרעס איבער די בלויע שטיקער הימל אַראָפּ־צו די שפּיצן בערג. דער הייליקער מאַן איז געשטאַנען א פאַרכושטער, דעם קאָפּ פאַרהויבן און מיטן פּאָנעם צו דער זון; און איך ווייס ניט, צי האָט ער געזאָגט א שטילע טפילע, צי ער האָט שטיל זיך אונטערגעזונגען א מיזמער, ווי זיַין שטייגער. זיַין פּאָנעם האָט געלויכטן און אַלייך האָט ער אויסגעזען אזא הויכער, אזא דערהויבענער. איך האָב מוירע געהאַט צו קוקן אים אין פּאָנעם אַריַין. האָב איך אָפּגעקערעוועט מיַין אויג פון אים און פון דער זון, כ'האָב א קוק געטאָן אויף די וואָלקנס, און בא מיר האָט זיך אַרויסגעריסן א געשריי פון פאַרוווּנדערונג און דערשרעק: פאַר מיַינע אויגן האָט פון דער ערד און איבערן גאַנצן הימל פּלוצעם דערשינען א מוירעדיק שאָטן־געשטאַלט פון א ריזיקן באַרגישן ציגן־באָק מיט שרעקלעך גרויסע צעצוויַיגטע הערנער. זיַין קאָפּ איז אַרומגענומען געווען ווי מיט עטלעכע רינגען מיט א ווּנדערלעכער שיַין, אַז עס איז געווען אַן איימע און א פּאַכעד צו־קוקן אויף דעם.

דער הייליקער מאַן האָט זיך אומגעקוקט אויף מיַין געשריי. איך האָב ריידן ניט געקענט, האָב נאָר א וויַיז געטאָן מיט דער האַנט אויף די וואָלקנס. דערזען דאָס ווונדערלעכע געשטאַלט, האָט דער הייליקער מאַן זיך א בייג געטאָן אויף צוריק, א ליַיכטן ציטער געטאָן, איז א וויַילע געשטאַנען פאַרגאַפט און פאַרטראַכט און שטיל געזאָגט:

— דאָס איז איילוי שעל אווראַהאָם! דער ציגן־באָק, וואָס אווראָם אָווינו האָט אים מאַקריוו געווען אָפן באַרג מוירייאָ. ווי קומט ער אַהער?

— דו שטעלסט זיך פאָר, — האָט שימען געזאָגט, זיך ווענדנדיק צו יעהודען, וואָס האָט אים צוגעהערט מיט צעעפנטע מויל און אויגן, — די גאַנצע וועלט איבער אונדז, אַרום און אונטער אונדז, און אין אָט דער דאָזיקער שטילער, סוידעספולער ראַכוועס נאָר דאָס אויסטערלישע געשטאַלט, דער הייליקער מאַן און איך. קיין ווונדער ניט, וואָס אויף מיר איז אָנגעפאַלן א מוירע און גרויסע שרעק...

די זון האָט זיך נאָך אויף א רעגע פאַרהאַלטן אין א שפּיץ באַרג, אין די וואָלקנס איבער אים, וואָס האָבן זיך אָנגעצונדן מיט פיל פיַיערן, גליַיך גרויסע שיַיטערס וואָלטן זיך צעפלאַקערט מיטאַמאָל איבערן הימל. און ווי אומגעריכט דאָס ווונדערלעכע געשטאַלט איז דערשינען, אַזוי איז עס אומגעריכט פאַרשוווּנדן פון אונדזערע אויגן. הינטער אונדז האָט זיך שנעל גערוקט די פינצטערניש און אַקעגן אונדז זיַינען די בערג און די וואָלקנס געווען אין פיַיער, וואָס האָט שנעל זיך געביטן און דאָ און דאָרט זיך אויסגעלאָשן. דער הייליקער מאַן איז געשטאַנען מיט א פאַריסענעם צום הימל קאָפּ, א באַלויכטענער, באַגאָסענער מיט דער לעצטער רויטער שיַין. אויף דער ערד איז צוגעפאַלן א פינצטערניש, א פּאַכעד.

דאַן האָט דער הייליקער מאַן זיך אויסגעקערעוועט צו מיר און האָט געזאָגט:

— שימען, מיַין זון! זיַי וויסן, דו האָסט זוכע געווען צו זען א גרויסע זעונג. גאָט

האָט דיר באַוויזן אײנעם אַ וווּנדערלעכן צייכן. דו האָסט געזען די נעשאָמע פונעם אַיִל, וואָס איז געבראַכט געוואָרן פאַר אַ קאָרבן, ווען ייִצכאָק איז געפירט געוואָרן צו דער אקיידע. דאָס איז אַ גרויסע שריפט פון גאָט. אײנע פון די גרעסטע. די שריפט איז אָנגעצייכנט פאַר דיר, מײַן זון. דו האָסט זי דער ערשטער דערזען. איך האָב די שריפט איבערגעלייענט. נאָר איך פאַרשטיי נאָך ניט איר באַטײַט, און ווען איך זאָל אַפילע שוין יאָ וויסן, וואָס דער צייכן באַטײַט, וואָלט איך אים דאָך פאָרט ניט געקאָנט זאָגן פאַר דיר. דו ביסט נאָך צו יונג. דו וואָלסט עס סײַווי ניט פאַרשטאַנען. גאָטס סוידעס זײַנען פאַרבאָרגן. זיי זײַנען אָבער קלאָר, ווי אַ געטראָפענע רעטעניש. איך האָב די רעטעניש נאָך ניט אינגאַנצן געטראָפן. נאָר אײנס איז מיר קלאָר און דו זאָלסט עס פאַרגעדענקען און עס טראָגן אין דײַן האַרצן אַלע דײַנע יאָרן: דער צייכן ווײַזט אַף אַן אופגיין און אַף אַ פאַרגיין, ער ווײַזט אויך אַף אַ גרויסן קאָרבן. אָבער וואָס איז דערמיט געמיינט, ווייס איך ניט. עפשער וועט גאָט מיט דער צײַט ווידער געבן אַ צייכן און עס וועט מיר אַנטפּלעקט ווערן דער סאָד, דעמלט וועל איך דיר עס זאָגן.

— און ער האָט דיר עס שוין געזאָגט? — האָט יעהודע אַ פאַרגאַפטער געפרעגט.

— ניין, — האָט שימען טרויעריק געענטפערט, — איך מיין, איצט איז געקומען די צײַט... גאָטס פינגער האָט ווידעראַמאָל אָנגעצייכנט זײַן הייליקע שריפט אין הימל־פּאַרמעט. דער הייליקער באַאַנאָ וועט זי געוויס איבערלייענען. עפשער איז דאָס די שריפט, וועגן וועלכער ער האָט מיר דעמלט, אין מײַנע קינדער־יאָרן, געזאָגט... מע וואָלט באַדאַרפט זיך דורכגיין צו אים...

אין אײנעם אַ פרימאָרגן זײַנען שימען און יעהודע, ווי יעדן טאָג, געגאַנגען אין שול אַרײַן צו דער פרימאָרגנדיקער טפילע. פאַרן אַרײַנגאַנג אין דער שול האָבן זיי געטראָפן אַן אוילעם מענטשן. די פאַרזאַמלטע זײַנען געווען אופגערודערט און ערנסט צוגעהערט, וואָס סאָרע, די פאַרקויפערן פון געטריקנטע פײַגן, האָט זיך אײַלנדיק און צעפלאַמט עפּעס דערציילט. שימען און יעהודע האָבן זיך דורכגעשטופּט אַהין, ווו סאָרע איז געשטאַנען. סאָרע האָט זיך געשוווירן און, קענטיק, שוין צום ווי‌פלטן מאָל איבערדערציילט די נײַס, וואָס זי האָט געבראַכט:

— זאָג איך דאָך אײַך, זאָל איך אַזוי דערלעבן צו זען נאַכעס אין מײַנע קינדער, ווי איך האָב אַליין מיט מײַנע אויערן געהערט, ווי יוסי דער פישער האָט זיך געשוווירן, אַז ער אַליין האָט געהערט זאַוודין פון דער שטאָט באַטורא דערציילן, אַז אין דער אַכסאַניע אין קפאַר נאַכום האָט אים יאַנקעוו פון מײַ... מײַרוים דערציילט, אַז אים האָט געזאָגט כעזקעיע דער סיקאַריער, אַז ער האָט אַליין מיט זײַנע אויגן געזען יענעם ייִדן דעם הויזירער אַרומגיין איבערן אײבערשטן גאַליל פון דאָרף צו דאָרף, פון שטוב צו שטוב און זיך אַלץ נאָכגעפרעגט: ווו איז דאָ מענאַכעם בען כעזקעיע? ווער איז דאָ מענאַכעם בען כעזקעיע?..

— ווער זשע איז ער אַליין, דער דאָזיקער ייִד? — האָט דער כאַזן פון שול געפרעגט.

— זאָג איך דאָך אײַך, — האָט סאָרע אַ צעפּאַליעטע געענטפערט, — קיינער ווייסט ניט, ווער ער איז, מע ווייסט נאָר, אַז ער איז אַ מויזירער און פאַרקויפט פּילץ־קליידער פאַר קינדער. אַליין איז ער אַ באַוואַקסענער, האָריקער מאַן, איז מעשונע פאַרקליידעט, אַפן קאָפּ אַ גרויסן טיורבאַן און אין האַנט אַ הויכן שטעקן. ווו ער טאָגט, נעכטיקט ער ניט, און ווו ער נעכטיקט, טאָגט ער ניט. דער ייִד אַליין דערציילט. די מײַסע איז אַזוי געווען: ער שטייט אײנמאָל אין פעלד און אַקערט. מיטאַמאָל האָט זיך די קו צעמעקעט. אין דעם איז פאַרבײַ אים דורכגעגאַנגען אַן אַראַבער, דערהערט די קו מעקען, האָט דער אַראַבער געפרעגט בײַ אים, בײַ דעם ייִדן: ווער ביסטו? האָט ער אים געענטפערט: איך בין אַ ייִד. — ס'ניט קיין צײַט איצט צו אַקערן. — וואָס איז? — פרעגט אים דער ייִד. ענטפערט דער אַראַבער: ווײַל אינגיכן וועט קומען דער אויסלייזער. — ווי־אַזוי רופט מען אים? — פרעגט ווײַטער דער ייִד. ענטפערט דער אַראַבער: מענאַכעם, רופט מען אים, מענאַכעם בען כעזקעיע. — און ווו געפינט ער זיך? — פרעגט דער ייִד. — אין די בערג, אינעם גאַליל, —

האָט דער אראבער געענטפערט און איז גלייך פארשווּנדן געוואָרן. האָט דער ייִד פארקויפט זײַן קו און אקער, געקויפט פּילץ־קליידער און אָט גייט ער ארום ווי א הויזירער און פרעגט זיך נאָך אף דעם מענאַכעמען.

— און ווו איז ער טאקע, דער מענאַכעם? — האָט איינער פונעם אוילעם געפרעגט.

— איך ווייס? — האָט סאָרע געענטפערט.

— ווייס איך וואָס! — האָט יויעזער דער פאָרעש, וואָס האָט געטראָגן מעשונע גרויסע טפילן און לאַנגע ציצעס ביז דער ערד, מיט ביטל זיך אָפּגערופן. — איר וועט זיך צוהערן, וואָס א נארישע ייִדענע וועט אײַך דערציילן. ס'גאָר קיין ייִד ניט געווען, און ס'גאָר קיין מענאַכעם ניטאָ! כ'ווייס, מײַסעס! ניטאָ וואָס צו הערן.

— פונוואַנען ווייסט איר, אז ס'קיין מענאַכעם ניטאָ? — האָט א באָכער, נאכמען דער טרעגער, געזאָגט, שארף א קוק געטאָן אפן פאָרעש, — ס'שוין דאפקע פאראן א מענאַכעם...

— דו זאָלסט שוין אזוי זײַן! — האָט דער פאָרעש בייז אָנגעשריגן אפן באָכער.

— איך בין דאָך אוואדע דאָ, און מענאַכעם וועט אויך אינגיכן זײַן דאָ! — האָט דער באָכער אים געענטפערט, און זײַנע יונגע כאַווײרים האָבן זיך צעלאַכט.

— וואָס שטייט איר דאָ? — האָט דער פאָרעש בייז א געשריי געטאָן צום אוילעם, — שוין צײַט טפילע צו טאָן, און איר הערט ווײַבערשע רייד!

דער אוילעם האָט זיך א לאָז געטאָן צו דער טיר, ארײַנצוגיין אין שול ארײַן. יעהודע מיט שימענען זײַנען אויך ארײַנגעגאנגען אינווייניק. שימען האָט זיך פארהאַלטן בא דער טיר, א ווונק געטאָן נאכמענען, איז ארויס מיט אים צוריק אין דרויסן ארויס. די טפילע האָט זיך שוין אָנגעהויבן, און יעהודע איז געבליבן אין שול. שפּעטער איז אויך ארײַנגע־גאנגען שימען און נאָך אים נאכמען. שימען האָט צעשטרייט געהערט די טפילע, עטלעכע אָמיינס ניט געענטפערט. ער איז געווען פארטראכט, געשוויגן. ארויסגייענדיק פון שול, האָט יעהודע אים א פרעג געטאָן:

— ווער איז דער מענאַכעם, וואָס נאכמען זאָגט, אז ער איז יאָ דאָ? דו האָסט אים געזען? דו קענסט אים?

— ניין, — האָט שימען קורץ אָפּגעענטפערט, געגאנגען, ווי פריִער, פארטראכט, ניט געהערט, וואָס יעהודע רעדט צו אים.

יעהודע איז אויך אנשוויגן געוואָרן. אפן הארצן איז אים געוואָרן שווער, אומעטיק, ער אליין האָט ניט געוווּסט איבער וואָס.

דער רויט־שטערן, וואָס האָט זיך יעדן אָוונט פון דעמלט אָן באוויזן אפן הימל, האָט אופגערודערט די הערצער און די מויכעס. פארשיידענע רייד און קלאַנגען האָבן זיך אָנ־געהויבן שפרייטן אין פאָלק. מע האָט דערציילט, אז די שטערנזעערס זאָגן, דער רויט־שטערן ווײַזט צו שלעכטן אפן רוימישן קייסער, אפן נעראָן־קייסער. די ייִדן האָבן צוגעגעבן: ער ווײַזט אף רוים אויך, אף דער גאנצער מאַלכוס־עדוים האַרשאַע, אף דער שלעכטער רוימי־שער מעלוכע. די קלאַנגען און רייד זײַנען געוואקסן יעדע רעגע, זיך גיך צעשפרייט פון מויל צו מויל, אלץ פארשיידענער און ווידערשפּרעכיקער און פארפּלאָנטערטער.

דאָס לעבן איז זיך געגאנגען, דוכט זיך, זײַן אויסגעטראָטענעם וועג. נאָר די געמיטער זײַנען געוואָרן אומרויִקע, צעטומלטע, מעשונע־מאָדנע נײַס האָבן זיך געשפרייט אין קיי־סאריע און פון דאָרט קיין יערושאָלאַיִם. די זעלבע קלאַנגען האָבן אין יערושאָלאַיִם באקומען אן אנדער פּאָנעם, האָבן זיך פון דאָרט אומגעקערט צוריק אין גאליל, קיין קייסאריע שוין גאָר אנדערע, באנײַטע, ניט צו דערקענען. אין קייסאריע האָט פּלוצעם ווידעראַמאָל זיך באוויזן דער אלטער באקאנטער נאָווי שימען פון די גריכישע אינדזלען, דער, וואָס האָט געוואָלט, ווי ער האָט געזאָגט, ארײַנברענגען דעם פּראָקוראטאָר אנטאָניוס פעליקסן אונ־טער די פליגל פון דער שיינער פונעם לעבעדיקן גאָט, און האָט צוליב דעם אים צונויפ־געשאדכנט מיט דער שיינער דרוזילע, דעם קיניג אגריפּאס ייִנגערע שוועסטער, און גע־האָלפן אים כאסענע האָבן מיט איר. אויסגעלאָזט האָט זיך אָבער מיט דעם, אז ניט פּע־

ליקס האָט זיך מעגאיער געווען, נאָר פּארקערט, זי, די ייִדישע פּרינצעסן, האָט געפּעלשט אין איר גאָט, אין איר פֿאָלק. אין יערושאָלאַיִם האָט מען דעם דאָזיקן שימענען גערופֿן פֿאַלשער נאָווי, מע האָט געזאָגט, ער האָט גענומען בא פֿעליקסן און בא דרוזילען א סאַך געלט צו ווירקן אין גאָטס נאָמען אף דעם קיניג אַגריפּאַס און מע האָט אים שטארק פֿײַנט געהאט און מוירע געהאט פֿאַר אים. אַז פֿעליקס איז אָפּגערופֿן געוואָרן פֿון יעהודע, האָט אויך דער פֿאַלשער נאָווי שימען געמוזט זיך אָפּטראָגן פֿון קייסאַריע. איז ער אַוועק אפֿן באַרג קאַרמעל, וואָס ווערט בא די היידן גערופֿן גאָטס באַרג, און געדינט דאָרט פֿאַר א נאָווי אין דעם גריכישן אָראַקול, וואָס געפֿינט זיך אף דעם באַרג. און אַט איז ער איצט ווידער געקומען קיין קייסאַריע. ער איז שטארק אַלט און פֿאַרווילדעוועט געוואָרן, איז אַרומ־געגאַנגען א פֿאַרוואַקסענער און באָרוועסער און ווי ערגעץ א מענטשן־צוזאַמענקום, איז ער דאָרט אויסגעוואַקסן און דערציילט: דער אָראַקול אף גאָטס באַרג האָט געהאט פֿון הימל א נעוויִעס, אַז אינגיכן וועט אין יעהודע געקרוינט ווערן א קיניג, אַן אויסלייזער, וואָס וועט איבערנעמען די הערשאַפֿט איבער דער גאָרער וועלט. כאָטש מע האָט דעם דאָזיקן נאָווי געהאַלטן פֿאַר א פֿאַלשן, דאָך האָבן זײַנע רייד אין קייסאַריע געהאט א גרויסע ווירקונג אף די געמיטער. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז דאָס וועט זײַן דער מיצרישער נאָווי יעשו, וואָס איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז געזאָגט גע־וואָרן אף דעם אויסלייזער מעשיכעס, וואָס ייִד דער הויזירער זוכט אים און וואָס שטאַמט, ווי מע זאָגט, פֿון קויהאַנים, פֿון יעכעזקייאַ בען גאָרוין דעם גאַלילייער. די פּרושים, ווידער, האָבן געזאָגט, אַז דאָס וועט זײַן איינער פֿון דאָוויד האַמעלעכס הויז, דער, וואָס דער נאָווי יעשייַע האָט אף אים געזאָגט, אַז ער וועט מישפּעטן דאָס אָרעמע פֿאָלק מיט גערעכטיקייַט און די רעשאָיִם וועט ער שלאָגן מיט דער רוט פֿון זײַן מויל. אַנדערע, פֿון די ראַכע־נעמער, האָבן צו דעם צוגעגעבן, אַז דער דאָזיקער ייִשײַס צווײַג וועט מאַכן א סאָף צו דער הער־שאַפֿט פֿון דער מאַלכוס עדוים האַרשאָע און וועט אף איר אָרט גרינדן א נײַע, רעכטפֿאַר־טיקע, ייִדישע מעלוכע, דאָס הימל־רײַך, דאָס מאַלכוס שאָמאַיִם, אין וועלכער עס וועט הערשן עמעס און שאָלעם, קיין פֿאָלק וועט שוין ניט אויפֿהייבן אף אַן אַנדער פֿאָלק קיין שווערד און מע וועט זיך שוין מער ניט לערנען מילכאָמע האַלטן און אַפֿילע א וואָלף מיט א שאָף וועלן וווינען צוזאַמען, און א לעמפּערט וועט פֿרידלעך ליגן לעבן א ציגעלע, און די ערד וועט פֿול ווערן מיטן וויסן דעם לעבעדיקן גאָט, ווי די וואַסער, וואָס פֿילט אָן דעם יאַם.

אין א קליינער צײַט אַרום נאָך דעם, ווי עס האָט זיך באַוויזן דער רוט־שטערן, האָבן אין קייסאַריע און אין דער אומגעגנט צוזאַמען מיט די קלאַנגען וועגן עפּעס אַן אויסלייזער מעשיכעס בען כעזקיע, וואָס דאַרף אינגיכן קומען, צוזאַמען מיט די קלאַנגען וועגן קיניג, וואָס וועט קומען פֿון יעהודע און וועט הערשן איבער דער גאָרער וועלט, צוזאַמען מיט די דאָזיקע קלאַנגען האָבן זיך אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן אויך קלאַנגען וועגן יעהודע האַגלילים דריטן זון, דעם קלענסטן, מעשיכעס, וואָס אַלע האָבן אים גערעכנט שוין לאַנג פֿאַר א געשטאָרבענעם אָדער דערהאַרגעטן, איז פּלוצעם ווי אויפֿגעשטאַנען טכיאַס־האַמייסים, זיך באַוויזן און גייט אַרום איבערן אייבערשטן גאַליל. מע האָט געזאָגט, מע האָט אים געזען בא דער אָזערע מיי־מיירום, אין די היילן פֿון אַרבעלאַ, אין דער שטאָט גאַמלאַ, אין גוש־כאַלאַוו, אפֿן באַרג טאָוויר, באַם יאַם קינערעט. קיינער פֿון די, וואָס האָבן איבערגעגעבן די נײַס, האָט מיט די אייגענע אויגן מעשיכעמען ניט געזען, נאָר דאָך איז דער קלאַנג געוואָרן אַלץ אײַנגעשפּאַרטער, צעוואַקסענער.

יעהודע האָט באַמערקט, אַז שימען איז געוואָרן עפּעס אומרויִק, א פּאָר מאָל איז גע־קומען צו אים נאָכמען דער טרעגער און זיך געסוידעט מיט אים.

עס איז געווען דער פֿינפֿטער טאָג אין וואָך. די אַרבעט האָט מען געענדיקט דאָס מאָל פֿריִער, די זון איז נאָך געשטאַנען הויך איבערן מײַרעוו, עס איז געווען שטיל, וואַרעם און שמעקנדיק. די מאַנשאַפֿט פֿונעם קאַראַוואַן האָט זיך צונויפֿגעזאַמלט אפֿן ברעג, ווי אַלעמאָל

נאָך דער אַרבעט. שימען איז געווען פֿאַרטראַכט און פֿאַרטיפֿט אין זיך. כאָטש קיין געזאַנגען און טענץ זײַנען דאָס מאָל ניט געווען, איז יעהודע דאָך ניט געגאַנגען אַהיים און איז געבליבן אין לאַגער. שימען איז אַרופֿגעגאַנגען אויפֿן דאַך. יעהודע איז שווײַגנדיק אים נאָכגעגאַנגען. שימען האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן ראַנד, בײַם געלענדער פֿון דאַך, און יעהודע לעבן אים. ביידע האָבן געשוויגן, זיך פֿאַרקוקט אויפֿן יאַם.

דער גאַנצער וואַסער־פֿליין האָט זיך שטיל געריגעט און געכוואַליעט, אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן מיט אַ דורכזיכטיקער בלויקײַט פֿונעם ריינעם הימל־געוועלב. דער יאַם האָט שטיל געברומט. די לופֿט איז געווען דורכזיכטיק און ווייך. פֿון יאַם האָט געטראָגן מיט אַ געזונטן יאַם־גערוך. כאָטש עס איז געווען אַ וואָכיקער טאָג, דאָך איז אויפֿן יאַם און אויפֿן ברעג געווען שטיל. די איינצלנע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך דורכגעטראָגן אין דער לופֿט: דאָס געשריי פֿון דער טשאַטשע מעוועס, וואָס האָט זיך געדרייט אין דער לופֿט איבערן וואַסער, דער פּליעסק פֿון אַ פֿיש, וואָס האָט אַ טאַנץ אַרויס געטאָן פֿונעם וואַסער, אַ גלאַנץ געטאָן און באַלד פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, דער שלאָג פֿון די כוואַליעס אינעם זאַמד פֿונעם ברעג, אַ ריטמישער דומפּער שלאָג, וואָס האָט אָפּגעהילכט ווי אַ שטילער אָטעם־זיפֿץ פֿון אַ ריזיקער כײַע, — די אַלע קלאַנגען האָבן ניט געשטערט די שטילקײַט, וואָס איז געהאַנגען איבערן אַרום, ווי אַ גרויסער סאָד.

איינצלנע זעגל־שיפֿן, וואָס האָבן שימערירנדיק געבלאַנקט מיט זייערע זעגלען, האָבן אויסגעזען גלײַך זיי שוועבן אומבאַוועגלעך אין דער בלויער דורכזיכטיקײַט פֿון דער לופֿט, ווערן אַלץ קלענער, קלענער — דער איינציקער סימען, אַז זיי דערווײַטערן זיך אַלץ מער פֿון ברעג.

שימען איז געזעסן שווײַגנדיק, אָנגעבויגן אַ ביסל פֿאָרויס, דעם האַלדז אויסגעשטרעקט, גלײַך ער וואָלט זיך שטאַרק אײַנגעהערט אין דער שטילקײַט און עפּעס דערהערן געוואָלט. זײַן פּאָנעם איז געווען, ניט ווי אַלעמאָל, מאָדנע בלייך, האַרט און אָנגעשטרענגט און די אויגן האָבן געברענט, געקוקט אויף אַרויף צו דער זון, וואָס האָט זיך אַלץ נידעריקער אַראָפּגעלאָזט צום הימל אויף מיזרעך און ווי מיט אַ ריזיקן פּענדזל גענומען פֿאַרבן און מאָלן איבערן וואַסער, שפּרייטן ברייטע לײַלעכער פּורפּור און רויז, און גאָלד, און זילבער־גלאַנץ. יעהודע האָט דאָס ערשטע מאָל געזען שימענען אַזעלכן. איז אויפֿגערודערט געוואָרן: וואָס איז מיט אים? שימענס אויסזען האָט אים געדריקט. ער האָט אָבער ניט געוואָלט, ניט דערוועגט זיך איבערצורײַסן שימענס געדאַנקען, און ער איז די גאַנצע צײַט געזעסן לעם אים און אויך געשוויגן.

— ווי שיין ביסטו, מײַן הייליק לאַנד! — האָט שימען שטיל, ווי אַ טפֿילע, איבערגעריסן דאָס שווײַגן און אַ זאָג געטאָן, — דאָס לאַנד, וואָס מײַנע עלטערן, מײַנע ברידער און שוועסטער, מײַן גאַנץ פֿאָלק, האָבן עס געהייליקט מיט זייער אַרבעט און שווייס, מיט זייערע טרערן און בלוט, מיט זייערע לײדן און פֿריידן, דאָס לאַנד, וואָס אין זײַן ערד רוט דאָס געביין פֿון מײַנע נאָענטע און ווײַטע, די ערד, וואָס איבער איר שוועבט זייער גײַסט, זייער נעשאָמע... ווי ליב איך האָב דיך, מײַן הייליק לאַנד.

יעהודע האָט זיך אומרויִק אומגעקוקט אויף שימענען, זיך פֿאַרוווּנדערט אויף דער שײַן, וואָס איז פֿון דער פֿאַרגייענדיקער זון געפֿאַלן אויף זײַן אומעטיק פֿאַרטרוימטן פּאָנעם. שימען איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן, געזעסן ווי פֿאַרכאַפּט פֿון דעם שפּאַל בלוט, פּורפּור, רויז און גרין־בלוי, וואָס האָט זיך געשפּרייט איבערן יאַם, איבער די שיטערע וואָלקנדלעך, וואָס זײַנען ווי אומיסטן צוליב דעם אַרויסגעשווומען אויפֿן הימל אָנצוקליידן זיך אין די ווונדערפֿאַרביקע הילעס. די אָוונטרויט איז געוואָרן אַלץ געדיכטער, פֿײַערלעכער, דערהויבנדיקער, און אַלץ אַרום האָט געברענט מיט דער שײַן, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט אויך שימענען און אים אָנגעקליידעט אין איר פּורפּור־קלייד. די זון האָט מען שוין ניט געזען, נאָר איר עק פּורפּור־קלייד האָט זיך נאָך נאָכגעשלעפּט נאָך איר דאָרט צווישן יאַם און הימל, און אַזוי אומרויִק שטיל, און פֿײַערלעך, און דראָענדיק דערהויבן איז געווען אַרום...

די נאַכט איז צוגעפֿאַלן, און אַלץ האָט זיך שנעל געביטן, זיך איבערגעקליידעט. אויפֿן הימל איז הויך געשטאַנען אַ גרוי־טונקעלער קײַלעך פֿון דער לעוואָנע און אַ שײַנענדיק

בלױ־זילבערדיק פּאַסיקל אַרום איר — דער מױלעד... דאָס נײַ־געבױרענע ליכט פֿון דער נאַכט! אַ לײַכט װינטל האָט אָנגעהױבן בלאָזן און געבראַכט, און צעשפּרײט, און אָנגעפּילט די טונקל־געװאָרענע לופֿט מיט אַ מעכטײַעדיקן רײעך, װי דער רײעך פֿון צעגאָסענעם רױזן־אײל. דער הימל האָט מיטאַמאָל אַ שײַן און אַ שימער געטאָן מיט אַלע זײַנע שטערן. און װי יעדן אָװנט, איז אַרױסגעשװוּמען פֿון דעם בלױען־טונקל אױפֿן הימל צװישן די שטערן די גרױזאַמע גרױ־טונקעלע שמאָלע און לאַנגע שװערד, װאָס איר קאָפּ, אַ בלײַענדער און דראָענדיקער, איז געװען געװענדט צו מיזרעך און איר עק איז אױסגעשטרעקט געװען, װי דער שפּיץ פֿון אַ שװערד, צו מײַרעװ, צום יאַם.

דערזען דעם רױט־שטערן, האָט שימען אַ צאַפּל געטאָן, האָט זיך אײַנגעגראָבן מיט די אױגן אין אים, איז אַזױ געזעסן אַ לענגערע צײַט אַ באַצױבערטער, פֿאַרטרױמטער. נאָכדעם האָט ער אָנגעהױבן פּאַמעלעכן זיך װיגן און שאָקלען מיטן אײבערשטן טײל גוף, װי אײנער אַ זינגער, װאָס פּרוּװט אױס די סטרונעס פֿון זײַן האַרפּע און קלײַדט זיך אָן מיט געזאַנג, און אַזױ, זיך שטיל װיגנדיק, האָט ער גענומען זינגעװודיק שעפּטשען צו עמעצן אַ װײַטן און נאָענטן:

— הײליקע מאַמע מײַנע, מאַמע־ערד, די מוטער פֿון אַלע לעבעדיקע! פֿון דײַן טראַכט איז מײַן מוטער געקומען, דו האָסט זי טרײַ און מיט ליבשאַפֿט דערנערט און דערצױגן! די מאַמע מײַנע האָט מיך געבױרן, נאָר מיך דערצײַען ניט דערלעבט. די ראַשעדיקע האַנט, װאָס טײט אַלץ און אַלעמען, האָט אױך דיך, מײַן מוטער, געטײט. אָט ליגט זי, מײַן מוטער, אין דײַן שױס, מאַמע־ערד, אַ געשענדעטע, פֿאַרומרײניקטע פֿון די פּרעמדע, װאָס האָבן מיך מיט רישעס און גװאַלד אָפּגעריסן פֿון אײַערע בײדנס בריסטן. װי פּײַנט איך האָב זײ, די רױמער! װי שרעקלעך האָב איך זײ פֿײַנט!..

און ער האָט, װי פֿריִער, גענומען שטיל, אומעטיק זיך אונטערצװזינגען, אַז עס האָט פֿאַרן האַרצן אָנגעכאַפּט.

יעהודען איז װײך געװאָרן דאָס האַרץ פֿון שימענס רײד און נאָך מער פֿון זײַן אומע־טיקן זינגען; עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ טיפֿער טרױער און טרערן האָבן אָנגעפּילט זײַנע אױגן. ער האָט שטיל אַ פֿרעג געטאָן:

— װאָס האָבן זײ, שימען, געטאָן, די רױמער, דײַן מוטער?

שימען האָט ניט געענטפֿערט, האָט זיך, װי פֿריִער, פּאַמעלעכן געשאָקלט, זיך אונטער־געזונגען דעם טרױעריקן ניגן, און, אַזױ זינגענדיק, אַלץ שטילער און שטילער, װי אין זיך, האָט ער פּאַמעלעכן אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אין די הענט אַרײַן, פֿאַרדעקט דאָס פּאָנעם מיט זײ און זינגעװודיק געשעפּטשעט:

— אָט זע איך זי פֿאַר מײַנע אױגן: אַ צענאַקעטע, פֿאַרבלוטיקטע, געשענדעטע, אַ צעװאָרפֿענע מיט הענט און פֿיס אױף דער פֿאַרבלוטיקטער און געשענדעטער ערד. אירע גרױסע אױגן, ברײט־צעעפֿנטע, קוקן מיט אַ מעשונעדיקן פֿאַרגליװערטן קוק, ניט אַפֿילע אַ פֿינטל צו טאָן, אין הױכן, בלױען, לױטערן הימל אַרײַן... האָב איך דאָס טאַקע אַלײן גע־זען און פֿאַרגעדענקט? צי איך האָב עס געהערט דערצײלן און מײַן קינדערשע פֿאַנטאַזיע האָט אָנגעמאָלט דאָס בילד, װאָס איך זע פֿאַר זיך, װאָס טרעט קײנמאָל ניט אָפּ פֿאַר מײַנע אױגן?..

...עס געדענקט זיך מיר, — עפּשער אױך מער געהערטס װי געזעענס: אונדזער שטעטעלע, דאָס פֿאַסטעכער־שטעטעלע, װאָס צופֿוסנס די בערג, דאָס שטילע, רוִיקע שטע־טעלע גערעזן. עפּעס איז עס אױפֿגערודערט, איך װײס ניט פֿון װאָס. די מענטשן — צעטראָ־גענע, לױפֿן אַרום פֿאַרדולט. דער טאַטע, די מאַמע, די ברידער און שװעסטער, אַלע שכײנים און פֿרײַנט לױפֿן אַרום, שרײַען, טרײַבן צונױף אײפֿגיך דאָס פֿי, דאָס קלײנע פֿי — די שאָף און די ציגן — און דאָס גרױסע פֿי, די קי און די אָקסן און די אײזלען. די פֿאַסטעכער שרײַען און טרײַבן זײ מיט יאָגעניש איבער די גאַסן צו די בערג. דאָס פֿי לױפֿט, הײבט אױף אַ שטױב ביז אונטערן הימל; די שאָף שטופּן זיך אײנע צו די אַנדערע; די ציגן, די באַראַנעס שלאָגן זיך צונױף אין אײן ריזיקן קנױל, װאָס באַװעגט זיך, טראָגט זיך, און פֿאַרױס זײ און אַרום זײ די קי, די קעלבער, די עקסלעך און אָקסן, די אײזלען און אײזלעך,

און דאָס אַלץ רעוועט, שרײַט, טויב צו ווערן!.. די מאַמע איז רויט-פאַרפּאַליעט, איר פּאָנעם פלאַמט, זי טרײַבט די ציגן און שעלט, שעלט מוירעדיק, איך ווייס ניט וועמען. איך זיץ בא איר אַף דער פּלייצע אין א טוך, אַן ארומגעבונדענע ארום אירע לענדן, און איך לאַך. מע יאגט דאָס פּי שנעל און שנעלער אין די בערג צעשראָקענע, בייזע, צעטומלטע, און מיר איז פריילער פון אַט דעם הו-הא, פון דעם געפּילדער, און איך לאַך, לאַך, פארגיס זיך אין געלעכטער.

...מע לויפט פון די בערג, מע לויפט מיט צאַרנדיקן געשריי, עס פליִען שטיינער, פּײַלן, עס בלאַנקען מעסערס, עס הייבן זיך בולאַוועס. מײַן שטעטעלע גערעז ברענט, שטייט אין פלאַמען. מיך פרייט עס און איך לאַך. דער הו-הא און דער שרעקלעכער געפּילדער רוקט זיך אוועק פונעם ברענענדיקן שטעטעלע. עס בלאַנקען קופּערנע הימלען, אײַזערנע פּאַנצערס, שווערדן, עס וויכערן פערד... און דאָס אַלץ טראָגט זיך אוועק צו די בערג, אהין ארויף. מיר ווערט לאַנגווײַליק, און איך דערפיל, עס הונגערט מיך.

— מאַמע, גיב זויגן! — שרײַ איך צו דער מאַמען פון הינטער דער פּלייצע.

די מאַמע זיצט אַף דער ערד, בינדט זיך איבער א פוס. זי שיט ערד אַף דער וווּנד, בינדט זי ארום מיט א שטיקל לײַוונט, וואָס זי האָט אָפּגעריסן פון איר העמד. איך ווער אַלץ אומגעדולדיקער, הונגעריקער, וויין, שרײַ: „איך וויל עסן!‟ די מאַמע צעבינדט דעם טוך, איך שפּרונג אריבער איבער איר אקסל, פאַל צו צו איר ברוסט און זויג הונגעריק, דורשטיק, דריגע פאר נאכעם מיט די פיס. „הער אוף! — זאָגט צו מיר די מאַמע, — זעסט דאָך דער פוס איז פארוווּנדעט און דו שלאָגסט מיך מיט דײַנע פיס אין דער וווּנד. שלאָגן זאָל גאָט די סאָנים, די רוימער! ער זאָל זיי יאָגן מיט גרימצאָרן און זאָל זיי אַלעמען פארלענדן און פארטיליקן, ווי זיי האָבן פארלענדט, פארטיליקט, פארברענט, געשענדט אונדזער היים, אונדזער שטוב, די מענטשן אויסגעהארגעט, דאָס פּי אוועקגערויבט!‟

— ווּ איז דער טאַטע? — פרעג איך, אַף איין ווײַליטשקע זיך אָפּרײַסנדיק פון דער ברוסט, און ווידער זשעדנע ארײַנכאַפּנדיק זי אין מויל.

— אַט ליגט ער, דער טאַטע דײַנער! — זאָגט די מאַמע מיט א קלאָגנדיקן ניגן און ברעכט די הענט, ווי מע באקלאָגט א טויטן, — אַט ליגט ער, אונדזער שפּײַזער און אונדזער באשיצער, אונדזער קרוין, ער ליגט און ער וועט שוין קיינמאָל ניט אופשטיין, וועט שוין קיינמאָל ניט טרײַבן דאָס פּי צום וואסער, וועט שוין קיינמאָל ניט שניצן די שטעקנס בא די קאַרעטעס, וועט שוין קיינמאָל ניט צונויפרופן די טשערעדע מיט זײַן וווּנדערלעך פּײַפּעלע... אַזאַ סאָף זאָל קומען אפן מעשוגענעם קייסער, אַף אַלע רוימער!.. — און זי שעלט און וויינט, און זי טײַנעט, און זי קלאָגט, און איך זויג, זויג דער מאַמעס מילך צוזאמען מיט אירע קלאָלעס, מיט איר סינע צו די רוימער, צו די רעשאָים, און דאָך פיל איך מער דאָס לעבעדיקע געטראנק, ווי די טויטע קלאָלעס, פיל, ווי עס צעגיסט זיך אין אַלע מײַנע אייווערים און דערקוויקט מיר די נעשאָמע. אזוי וויגנדיק, דערהערט זיך דער מאַמעס שרעקלעך געשריי און דערזע איבער זיך א גוואַלדיק הויכן מענטשן, אין קופּער און אין אײַזן, א פרעמדער, א רוימער! די מאַמע שרײַט, דריקט מיך שטארק צו זיך. דער ריז כאַפּט מיך אָן און רײַסט מיך פון דער מאַמעס ברוסט, וואָס איך וויל זי ניט ארויסלאָזן, האַלט זיך אָן מיט ביידע הענט פאר איר, דריגע מיט די פיס און שלאָג דעם רוימער. דער רוימער גיט א קלאַפּ דער מאַמען אין קאָפּ, זי פאַלט אנידער, און דאַן רײַסט דער רוימער מיך אָפּ פון איר ברוסט און גיט מיך א שלײַדער אַן א זײַט... אַף דער ערד, פאר מיר, לעבן טאַטן, וואָס ליגט און גיט זיך קיין ריר ניט, זע איך: די מאַמע און דער רוימער קײַקלען זיך איבער דער ערד. אין מיר זידט דאָס בלוט פון צאָרן, איך בין בייז אפן רוימער, וואָס ראַנגלט זיך מיט דער מאַמען און וואָס האָט מיך אָפּגעריסן פון איר ברוסט; נאָך ניט געשטילט מײַן הונגער, שרײַ איך צאָרנדיק און גוואַלדעווע, רוף דעם טאַטן, און פארשטיי ניט, פארוואָס שווײַגט ער, פארוואָס לאָזט ער שלאָגן די מאַמע, פארוואָס הייבן זיך ניט אוף אַלע די, וואָס ליגן ארום אונדז און שלאָפן עפּעס אזוי מעשונע מיט אָפענע אויגן און הערן ניט אונדזערע געשרייען. דער רוימער וואַקסט, ווערט אָנגעבלאָזן, איז צעקאָכט און צעפלאַמט און פארשטעלט מיט זיך פאר מיר אַלץ, — די מאַמע, די ערד אונטער איר, רײַסט אראָפּ דאָס קלייד

פון דער מאמען — און ווי צו מײַנע אויגן, דער הימל איז געפאלן אף מיר פון שרעק, פון ביזאָיען, פון צאָרן! — איך זע די מאמע אינגאנצן א צענאקעטע, א בלענדנדע מיט איר נאקעטקײַט, אין דרויסן אנטקעגן דער זון! און זי שרײַט, די מאמע, און מיר דוכט זיך, אז אויך די מאמע-ערד אונטער איר צאפלט, און ווארפט זיך, און שרײַט, גוואלדעוועט, און א רויטע סטענגע וויקלט ארום דער מאמען פון דער פלייצע איבער איר נאקעטקײַט ביז איר צעוואונדעטן פוס. די מאמע קוויטשעט, דראפעט דעם רוימער דאָס פּאָנעם מיט די נעגל, בײַסט אים די הענט, און דער רוימער, אזא גרויסער, א שרעק, ברומט, רעוועט, וואלגערט זיך אָן אף דער מאמען. ווער איך נאָך מער אין קאס, הייב זיך אוף, לויף צו אים צו, בײַס זיך אײַן מיט די ציינער אין זײַן נאקעטן פוס, בײַס אים שטארק, ביזן בלוט... דער רוימער האָט א רעווע געטאָן, און איך בײַס אלץ שטארקער, זויג זײַן בלוט פאר רעציכע. נאָר אָט האָט ער מיך אָפּגעריסן, מיך אָנגעכאפּט און מיך ארײַנגעשלײַדערט אין טיפער שלוכט ארײַן. איך האָב זיך אָנגעכאפּט פאר די גראָזן, פאר די צווײַגלעך, זיך צעריסן דאָס לײַב. אינגאנצן א צעבלוטיקטער און שרעקלעך צאָרנדיקער קלעטער איך אין בייזקײַט צוריק ארוף, זיך ווידער אײַנצובײַסן דעם רוימער מיט די ציין. איך וויל אים איבערבײַסן דעם ביין, דעם גאָרגל!.. איך הער פון שלוכט א כאָרכלען, א קרעכצן, א ברומען דאָרט אויבן. מיר קלאפּט דאָס הארץ, שפּרינגט מיר שיר ניט ארויס. איך שרײַ: מאמע! טאטע! און קלעטער, קלעטער... און מיטאמאָל שא, עס איז געוואָרן אויסערסט שטיל... דאָס שרעקט מיך נאָך מער. איך שטרענג אָן אלע מײַנע קויכעס, כאפּ זיך מיט די צעבלוטיקטע הענט, מיט די צעדראפּעטע פיס פאר די צווײַגלעך, פאר די שטיינער, און אָט בין איך שוין אויבן, און זיך דערפרייט — דער שלעכטער רוימער איז שוין ניטאָ!.. די מאמע ליגט און שלאָפט... איך בין נאָך אלץ געווען הונגעריק, האָב איך זי געוועקט, נאָר זי האָט מיר ניט געענטפערט. זי איז געלעגן עפּעס מעשונע א צענאקעטע, פארבלוטיקטע, צעפּאטלטע, צעוואָרפענע און געשלאָפן. איך האָב געוויינט, געשריגן, בין צוגעפאלן צו איר נאקעטער ברוסט און א צאָרנדיקער, בייזער, גענומען זויגן, זויגן...

אופגעכאפּט האָב איך זיך אף די הענט פון עפּעס א פאסטעך, וואָס איך האָב אים ניט געקענט. ער האָט מיך געגלעט, מיר עסן געגעבן, מיך ארומגעוואשן, פארבונדן די ווונדן. ארום איז שוין גאָרניט געווען. נאָר דאָס שטעטעלע גערעז האָט זיך גערויכערט צופוסנס דעם בארג.

— ווו איז די מאמע? דער טאטע און אלע? ווו זײַנען זיי? — האָב איך געפרעגט דעם גוטן אומבאקאנטן פאסטעך.

ער האָט מיר געזאָגט ווײַזנדיק אף דער ערד.

— אָט דאָ-אָ רוען זיי אלע... זיי זײַנען געפאלן, פרײַע מענטשן, בעניי כוירין! אזא זאָלסטו אויך זײַן דײַן גאנץ לעבן און אפילע ביז נאָכן טויט! און, מײַן קינד, — האָט ער מיר נאָך געזאָגט, — אז דו וועסט אויסוואקסן, זאָל מיט דיר אויסוואקסן אויך דער האס צו די רוימער, זאָלסט זיי קיינמאָל ניט מויכל זײַן! הערסט, וואָס איך זאָג דיר אָן, קיינמאָל זאָלסטו זיי ניט מויכל זײַן, און אז וועסט קענען, זאָלסטו נעקאָמע נעמען אין זיי! און איצט קום, איך קאָן דאָ מער ניט זײַן. איך וויל גיין אהין, ווּהין מײַנע ברידער זײַנען אוועק! — און ער האָט א ווײַז געטאָן אף די בערג. — דיך אָבער וועל איך ברענגען אין א רויִק אָרט...

און דאָס געזאָגט, האָט ער זיך אויסגעשפּרייט אף דער ערד און מיר אויך געהייסן אויסשפּרייטן זיך, האָט געפירט מיט דער האנט איבער דער ערד, ווי ער וואָלט זי גלעטן, און האָט זי א קוש געטאָן, און אויך מיר געהייסן טאָן אזוי.

און געווען איז דאן מיר דרײַ יאָר...

יעהודע איז געזעסן, האָט געהערט א דערקווּעטשטער, פארזונקען אין טיפן טרויער, האָט זיך דערמאָנט, ווי די רוימער האָבן אויך אים און זײַנע עלטערן ארויסגעטריבן פון דער ערד, זיך דערמאָנט, ווי דער פאָטער און די מוטער זײַנען פון הונגער געשטאָרבן און לעצט אָרעמע באגראָבן געוואָרן אין צינאָווקעס, און האָבן קיין רו ניט אין קייווער איבער דעם. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי דער רײַכער בען טוירטאָ האָט בא אים צוגענומען דאָס לעצטע

שטיקל ערד, וואָס האָט געהערט צו זײַן מוטער אין גושכאַלאָוו און איז אים ארויסגעטריבן פון פּאַטערס הײַזל, און אים האָט זיך געדוכט, אז די געשרייען פון די געהארגעטע אין אײַן־זייסים זײַנען די זעלבע געשרייען, וואָס אין גערעז, און ער האָט אפּסנײַ דערפילט יענע עלנט און יענעם צאַרן, און טרערן האָבן זיך אים שטיל געגאָסן פון די אויגן, און ער האָט ריידן ניט געקאָנט. אזוי זײַנען דיביידע יונגע מענטשן געבליבן זיצן פארטיפט אין זייערע טרויעריקע דערמאָנונגען און האָבן מער קיין וואָרט ניט גערעדט א לאַנגע צײַט.

די נאכט איז אין אומעטיקער פארטיפטקײַט און אין קלעמענדיקער פארטראכטקײַט אַפּגעשווומען פאר זיי.

אפן האָריזאָנט האָט דער הימל ביסלעכווײַז אָנגעהויבן זיך אויסצובליייכן, ווערן העלער. עס האָט געשמעקט מיטן איידעלן אראָמאט פון פּאָמעראַנץ־בליטן.

מיטאמאָל האָט שימען אראָפּגענומען די הענט פון פּאָנעם, האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, א וואָרף געטאָן מיט אים, גלײַך ער וואָלט אראָפּגעוואָרפן פון זיך א שווערע מאסע, און א זאָג געטאָן, ניט אזוי צו יעהודען, ווי צו זיך אליין:

— נו, גענוג!... איך ווייס ניט, וואָס איז הײַנט מיט מיר! זיך צופיל פארבענקט נאָך דעם, וואָס געווען.

אז איך פלעג קינדווײַז זיך שטארק פארבענקען נאָך דער כאַרעווער היים, נאָך דער פארשטאָרבענער מוטער, פלעג מיך דער הייליקער באָאַנאַ טרייסטן און לערנען: טרויער ניט צופיל! ניט גוט, אז א מענטש טרויערט גאָר ניט נאָך דעם פארלוירענעם, און ניט גוט, אז ער טרויערט צופיל וועגן דעם. ער האָט מיר איינמאָל דאָס אזוי געזאָגט:

— מײַן זון, שאנד צו דעם, וואָס פארגעסט דאָס, וואָס עס איז אמאָל געווען. ער איז געגליכן, — האָט ער געזאָגט, — צו דעם, וואָס גאזלאָנים האָבן בא אים אַפּגענומען און אוועקגעגאזלט זײַנע קליידער און געלאָזט אים ארומגיין א נאקעטן צווישן מענטשן, און נאָך מער גרויס איז זײַן שאנד, ווען ער אליין האָט דאָס זיך באגאזלט און נאקעט זיך אויסגעשטעלט. עס איז געגליכן צו אן אויסגעטריקנטן זוים, וואָס וועט קיין שום שפּראָצונג ניט ארויסלאָזן פון זיך. ווידער האָט ער געזאָגט: ווי צו דעם, וואָס פארגעסט זײַנע געשטאָרבענע פאָטער און מוטער און דערמאָנט זיי ניט, און נאָך מער ווי איז צו דעם, וואָס גייט אין שטענדיקן טרויער נאָך זײַנע פארשטאָרבענע און וויל ניט וויסן פונעם לעבן פון די לעבעדיקע.

— גענוג אויך אונדז, יעהודע, — האָט שימען זיך א קער געטאָן צו זײַן כאַווער, — גענוג אונדז צו טרויערן נאָך דעם געשטאָרבענעם, אף דעם, וואָס געווען. דאָס צופיל טרויערן קאָן אָפּשוואכן בא אונדז דעם ווילן צום לעבן, צום קעמפן, צו פארמעסטן זיך נאָך אמאָל מיט די רוימער!

— מיט די רוימער? — האָט יעהודע א פארכידעשטער א פרעג געטאָן, — דער פּאָטער יוינאָסאָן זאָגט, אז נאָר די רעשאָים, די העפקער־מענטשן, די אויסגעלאסענע און די, וואָס רויבן, רופן צו א קאמף קעגן די רוימער.

— נארעלע, דו מײַנס! — האָט שימען מיט א ליבלעכן שמייכל געענטפערט, — דײַן טאטע, דער עמעסער טאטע דײַנער יאָיר פון איין־זייסים, איז געווען א ראָשע? א העפקער־מענטש? אן אויסגעלאסענער? א רויבער? ער האָט דאָך געקעמפט ניט נאָר קעגן קויהען באר־כאמצאָן, נאָר אויך קעגן די רוימער.

יעהודע האָט, א פארכידעשטער, ווי זיך ארומגעקוקט און דערזוען: ער האָט ביז אהער וועגן דעם ניט א טראכט געטאָן! יאָ, דער טאטע זײַנער האָט געקעמפט קעגן די רוימער, און ער איז דאָך געווען דער אָרנטלעכסטער און רעכטפארטיקסטער מענטש, וואָס האָט קיינמאָל קיין שלעכטס ניט געטאָן, און ער האָט געזאָגט:

— יאָ, דער טאטע איז געווען אן אָרנטלעכער מענטש און א גיבער. איך האָב אים אזוי ליב געהאט. דער טאטע פלעג טרייסטן די מאמע, ווען זי האָט געקלאָגט און געוויינט, און ער האָט געזאָגט:

— וויין ניט, קלאָג ניט, גאָט וועט ניט פארלאָזן זײַן פאָלק ייִסראָעל!

— יאָ, — האָט שימען אויסגערופן, — גוט האָט ער געזאָגט, דײַן טאטע, דער בראַווער מאן יאָיר בען יאָיר. און גערעכט איז ער געווען! וואָרעם יאָ, אזוי וועט עס זײַן!

און ווייס, אזוי ווי דער שנײ פֿאַרלאָזט קיינמאָל ניט די שפּיצן פֿונעם באַרג לעוואַנעָן, אזוי וועט דער האָר פֿון דער וועלט אייביק ניט פֿאַרלאָזן זײַנע קינדער, וועט ניט אָפּטאָן זײַן גנאָד פֿון די באַדריקטע, באַאוולטע, געקרייוודעטע! קיינמאָל ניט!

זײַן קאָל האָט אַ קלונג געטאָן, און יעהודע האָט, אַ פֿאַרוווּנדערטער און דערמוטיק־טער, אַ קוק געטאָן מיט גרויס יִראת־הכּבֿוד און ליבשאַפֿט אויף זײַן עלטערן, שטאַרקן און ליבן כאַווער, און ווי די פֿינצטערניש אַרום, האָט זיך די שווערע טרויעריקייט אָפּגעטאָן פֿון אים.

— זע, סאַראַ שײנקייט! — האָט שימען אַ זאָג און אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט פֿאַר זיך.

אויף מיזרעך צווישן דעם הימל און דעם יאַם איז אויפֿגעשוווּמען דער ערשטער שײַניקער פּאַס פֿונעם גאָלדענעם באַגינען. די דערהויבענע שאַ פֿונעם ערעוו דעם זון־אויפֿגאַנג. די גרויז־רויכיקע שווערד איז פֿאַרשוווּנדן. די מאַרגנרויט האָט זיך אַנגעצונדן, און וואָס אַ רעגע אַלץ העלער, פֿילפֿאַרביקער זיך צעפֿלאַקערט איבערן יאַם, אויפֿן הימל. די קאַנטן פֿון דעם באַרג קאַרמעל האָבן גענומען אַלץ בולטער זיך אויסצושנײַדן פֿון דער טונקלקייט. און מיטאַמאָל האָט אויף זײַנע שפּיצן אַ שפּריץ געטאָן אַ צאַרטע ראָזקייט און אַלץ מיטאַנאַנדער איז געוואָרן אָפּגעדעקט, ליכטיק.

שימען איז פֿלינק אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט, האָט צעוואָרפֿן די הענט, זיך אַ ציי געטאָן, אויסגעגלײַכט זײַנע גלידער, און זײַן פּנים איז ווידער, ווי שטענדיק, געוואָרן הײַטער און ווײך־רויִק.

— קום, יעהודע, — האָט ער מונטער אַ זאָג געטאָן, — קום זיך אַ טויוול טאָן אין יאַם, אָפּוואַשן פֿון זיך, ווי דער הייליקער באַאַנאַ זאָגט, די פֿינצטערניש, די אומריינקייט און די טרויעריקייט פֿון דער נאַכט...

דער הייליקער באַנוס האָלט שטאַרק פֿונעם פֿרימאָרגנדיקן טויוולען זיך בײַ דעם זון־אויפֿגאַנג. ער זאָגט, דאָס דאָזיקע וואַשן זיך רייניקט אָפּ אויפֿן גאַנצן טאָג ניט נאָר דעם גוף, נאָר אויך די נעשאָמע, און דער געדאַנק, זאָגט ער, קאָן שוין ניט נאָך אַזאַ ריין אויס־וואַשן זיך זײַן אַ שלעכטער, אַ זינדיקער.

— ווער איז ער, דער דאָזיקער הייליקער באַאַנאַ, וואָס דו האָסט אים הײַנט און פֿיל מאָל דערמאָנט? — האָט יעהודע געפֿרעגט, אַראָפּגייענדיק מיט שימענען פֿונעם דאַך.

— באַאַנאַ? — האָט שימען איבערגעפֿרעגט און געענטפֿערט, — באַאַנאַ — דאָס איז אַ גרויסער מענטש, עפּשער דער גרעסטער אין אונדזער דאָר. ער האָט פֿיל געליטן, פֿיל איבערגעלעבט און פֿיל איבערגעטראַכט.

— ער איז אַ נאָזיר, אַן אָפּגעזונדערטער? — האָט יעהודע ווײַטער געפֿרעגט.

— יאָ, ער איז אַ נאָזיר, — האָט שימען געענטפֿערט, — אָבער גאָר אויף אַן אַנדער אויפֿן. ער איז ניט קיין אָפּגעזונדערטער, ער זאָגט, אַז, ווי אַמאָליקע נעוויִים, איז זײַן קראַפֿט נאָר צווישן מענטשן און פֿאַר מענטשן. אָן דעם פֿאָלק, זאָגט באַאַנאַ, איז דער נאָווי קיין נאָווי ניט. און אויך באַאַנאַ איז אַזאַ, כאָטש אַזוי אויסערלעך פֿירט ער זיך ווי אַלע נעזירים: טראָגט אַ האָרענעם מאַנטל, שערט ניט די האָר, טרינקט ניט קיין ווײַן און עסט ניט קיין פֿלייש, פֿאַרזוכט ניט אַפֿילע פֿונעם קאָרבן פּייסעך. ער באַגייט זיך קימאַט אָן שפּײַז, פֿאַסט ווי אַ שלאַנג. זײַן געמיט איז אָבער פֿעסט און זײַן גוף שטאַרק. איך האָב אים געפֿרעגט, צוליב וואָס זשע גייט ער אויף קיין יערושאָלאַיִם, אַז קיין קאָרבאָנעס ברענגט ער ניט? האָט ער מיר געענטפֿערט:

— אַן עמעסער נאָזיר איז אָפּגעשיידט נאָר פֿון די וועלט־נאַרישקייטן, פֿון זינדיקע טײַנוגים. דו מיין ניט, — האָט ער געזאָגט, — אַז דער, וואָס זאָגט זיך סטאַם אָפּ מיטן גוטן ווילן פֿון ווײַן, פֿון פֿלייש, פֿון ווױנען מיט אַ ווײַב, און אויב ער טוט עס נאָר, קעדיי צו פּײַניקן דעם גוף, טוט ער מיט דעם אַ נאָכעס רוּעך גאָט. אַזאַ נעזירעס נעמט גאָט ניט אָן, פֿאַרעכנט עס אַפֿילע פֿאַר אַ זינד. אַנדערש איז אָבער, ווען דער נאָזיר טוט עס, קעדיי צו לײַטערן זײַן נעשאָמע, קעדיי צו דערווײַטערן זיך פֿון דעם, וואָס קאָן ברענגען צו אַ זינד, וואָס קען אָפּווענדן זײַן געדאַנק פֿון גאָטס וועגן. פֿלייש און ווײַן, — זאָגט דער הייליקער

באאנאַ, — זײַנען ניט פאַר אַלע מענטשן א געזונט. פאַראַן אַזעלכע, אפילו גאַר ניט קיין פּאַשעטע, וואָס ווערן דורך זיי געשטרויכלט. דעמלט איז דערלויבט דעם מענטשן זיך אָפּ־זאָגן פון ווײַן און פון פלייש. דער נאַזיר האָט אויך ליב איינזאַמקייט, — האָט ער ווײַטער געזאָגט, — די איינזאַמקייט איז גוט פאַר אים, ווײַל זי לאָזט אים דענקען וועגן גאָט און וועגן זײַן פירן די וועלט. אַף אַזויפיל באַווייליקט גאָט אויך דאָס. אָבער זיך דערווײַטערן סטאַם פון מענטשן, זאָגט באאנאַ, און נאָך מער פונעם פאָלק טאָר מען אַוואַדע ניט. גאָט האָט ליב פרייד, און פרייד איז צווישן מענטשן, באַם פאָלק. דעריבער מאַכט גאָט רוען זײַן שכינע אַף די מענטשן אין אַ יאָמטעוו־טאָג, ווען דאָס פאָלק זאַמלט זיך צונויף. אומע־טום, וווּ עס קומט זיך צוזאַמען בא א סודע אָן איידע מענטשן, מעג עס זײַן פון צען, אפילו פון דרײַ, מאַכט גאָט רוען זײַן נאָמען צווישן זיי. היינט ביפּראַט נאָך, ווען עס קומט זיך צונויף דאָס גאַנצע פאָלק! דעריבער, אויב דער נאַזיר וויל זיך טרעפן מיט גאָט, דאַרף ער אים זוכן ניט אין דעם מידבער, נאָר צווישן פאָלק. פאַרמײַעסט דער נאַזיר דאָס פאָלק און דערווײַטערט זיך פון דעם, וועט אויך גאָט פאַרמײַעסן אַזאַ נאַזיר און וועט זיך דער־ווײַטערן פון אים.

— אָט אַזאַ איז דער הייליקער באַנוס, — האָט שימען ווײַטער געזאָגט, — ריידן רעדט ער ווייניק, און אַז ער רעדט, רעדט ער פּאַשעטע רייד. דאָך האָט יעדעס וואָרט זײַנס א גרויסן באַטײַט, א טיפן זינען. באאנאַ זאָגט, דאָס איז דערפאַר, וואָס די דאָזיקע רייד זײַנען ניט זײַנע, נאָר אויך דעם פאָלקס. די כאַכמע פון פאָלק, זאָגט ער, איז פּראָסט, אָבער טיף. ווען דער הייליקער באאנאַ רעדט, דוכט זיך, אַז אין יעדן פּאַשעטן וואָרט זײַנס ליגט באַ־האַלטן א גרויסער סאָד. ער אַליין זעט דעריבער אויס, ווי איין גרויסער סאָד. אַז מע זאָגט עס אַרויס, לאַכט ער דערפון. איך האָב איינמאָל אים געפרעגט, פאַרוואָס זײַנען זײַנע רייד, דוכט זיך, אַזוינע פּאַשעטע, פול מיט רעטענישן? האָט ער מיר דערוף געענטפערט: „ניטאָ קיין פּאַשעטערע זאַך, ווי א רעטעניש. אָבער א רעטעניש איז זי נאָר ביז מע טרעפט זי, שטוינען אַלע און וווּנדערן זיך: זע, ס'איז דאָך גאַר אַזוי פּאַשעט און קלאָר, פאַרוואָס זשע האָבן מיר עס ניט פאַרשטאַנען? הע, — האָט דער הייליקער מאַן צוגעגעבן, — ווען די מענטשן זאָלן שוין זײַן צוגעגרייט צו טרעפן, צו פאַרשטיין פּאַשעטע זאַכן, טרעפן די רעטע־ניש פונעם לעבן, וואָלט דאָך שוין לאַנג געוואָרן אויס מיט דעם שלעכטס און אַף דער וועלט וואָלט געווען שטענדיק עמעס און שאָלעם.

— דער עמעס, האָב איך געפרעגט דעם הייליקן מאַן, — האָט שימען ווײַטער גע־זאָגט, — איז דען אויך א רעטעניש?

— אַוואַדע! וואָס דען? — האָט דער הייליקער מאַן געענטפערט, — זי איז עפּשער גאָטס קלענסטע, אָבער פײַנלעכסטע רעטעניש. די מענטשן איז שווערער פאַר אַלץ צו טרעפן זי, ווײַל מע דאַרף שטאַרק טראַכטן וועגן איר, און א סאַך טראַכטן איז פײַנלעך, פיל טראַכטן איז שווער.

— שוין לאַנג איז ער א נאַזיר? — האָט יעהודע געפרעגט, — און וואָס האָט אים געבראַכט דערצו? דו ווייסט וועגן אים אַלץ?

— אַלץ ניט, — האָט שימען געענטפערט, — נאָר עפּעס ווייס איך יאָ. איך ווייס עפּשער מער ווי אַנדערע, אָבער ווייניקער, ווי איך וואָלט געוואָלט ווילן. ער רעדט זעלטן וועגן זיך, און דאָס אויב נאָר פאַר קינדער. ער האָט זייער ליב קינדער. ער רעדט מיט קינדער, ווי מיט דערוואַקסענע, און זיי פאַרשטייען אים. אַז איך בין נאָך א קינד געווען, האָט ער ליב געהאַט ריידן וועגן זיך מיט מיר. נײַן, ניט ריכטיק, וועגן זיך פלעג ער ריידן ניט מיט מיר, נאָר פאַר מיר. מיר האָט זיך שטענדיק געדוכט, אַז ער דערציילט וועגן זיך ניט מיר, נאָר זיך אַליין, און אַז ער דערציילט גאַר ניט וועגן זיך, נאָר וועגן אַן אַנדערן, ווײַל ער איז דאָך דעמלט שוין אויך געווען אַן אַנדערער.

— פונוואַנען שטאַמט ער? — האָט יעהודע געפרעגט.

— ער שטאַמט פון גרויסן ייִכעס, איז געווען א צדוקי, האָט געלערנט פיל שפּראַכן און אַלע כאָכמעס אין דער וועלט, האָט געלערנט אויך טוירע בא די כאַכאָמים אין אַלעק־סאַנדריִע און אין ירושאָלאַיִם.

— איז פאַרוואָס איז ער געוואָרן א נאָזיר?

— דאָס איז א ווײַטע געשיכטע. באַאנאַ איז געווען איינער פון אריסטובולס פעלד־הערן, ער איז נאָך דעמלט געווען א יונגער מענטש. ער איז געווען איינער פון די יונגע האַרן, וואָס דער קיניג אריסטובול איז מיט זיי געקומען קיין צויר זיך שטעלן צום מישפּט פאַר פּאָמפּייוסן. די יונגע לײַט זײַנען געווען געקליידעט, ווי גריכישע פּרינצן, שיין פּאַר־פּוצט, האָבן גערעדט גריכיש און זיך געהאַלטן האָפערדיק. זיי האָבן ניט געוווּסט, אז זיי זײַנען שוין סיבוּוי פאַרורטיילטע, אז רוים האָט געבראַכן איר בונד מיט יעהודע. זיי זײַנען געווען באַליידיקט און אופגעבראכט פון דעם אופנאַם, וואָס די רוימער האָבן זיי געמאכט, פון דעם כויזעקן, וואָס די רוימער און גריכן האָבן געכויזעקט איבער זיי. דער סאָף איז געווען זייער א טרויעריקער. דעם קיניג האָט פּאָמפּייוס געטייט, זײַן כאַיל צעקלאַפּט. יעהו־דע איז געוואָרן פאַרשקלאַפט בא די רוימער, וואָס האָבן ארופגעזעצט אף דער שטול פון די כאַשמונײַאים דעם נישטיקן, פּאַכדאַנישן, נאַרישן קויהען גאָדל, הורקנוסן, אים געמאכט אפילע ניט פאַר קיין קיניג, נאָר פאַר א טעטראַך, וואָס האָט רעגירט אין נאָמען פון רוים. דער קויהען כעזקעיע בען גאָרוין, פונעם גאַליל, איינער פונעם קיניג אריסטובולס פעלד־הערן, האָט צונויפגענומען דאָס רעשט צעקלאַפּטע יידישע כאַיל, האָט געקעמפט קעגן די רוימער און קעגן זייערע קנעכט הורקנוס און הורדוס. הורדוס האָט געפאַנגען כעזקעיען און האָט אים געטייט. די רוימער האָבן שפּעטער געמאכט הורדוסן פאַר א קיניג. הורדוס האָט פאַרטיליקט די גאַנצע מישפּאָכע פון די כאַשמונײַאים, אַלע אריסטובולס אָנהענגער. באַאנאַ האָט זיך געראַטעוועט פון אים, ער האָט א לאַנגע צײַט ארומגעוואַנדערט, איז נאָך דעם געקומען צוריק קיין יעהודע, איז צוגעשטאַנען צו די איסייער. אינגיכן איז ער אָבער אוועקגעגאַנגען אויך פון זיי, איז געוואָרן א נאָזיר, וואָס פּריידיקט דאָס מאַלכוס שאַכאַים, אָבער ניט ווי די איסייער און ניט ווי די פּרושים, נאָר עפּעס אַנדערש.

שימען און יעהודע זײַנען צוגעקומען צום וואַסער, האָבן זיך אוועקגעזעצט אפן זאַמד, יעהודע האָט געפרעגט:

— פאַרוואָס איז ער אוועקגעגאַנגען פון די צדוקים, פון די איסייער? פאַרוואָס איז ער ניט קיין פּאָרעש?

— פון די צדוקים האָט ער ניט ליב צו ריידן, — האָט שימען געענטפערט, — ער זאָגט, זיי גלייבן ניט אין פּאָלק, זיי זײַנען פײַנט פון פּאָלק. זיי האָבן ליב נאָר זיך און זײַ־נען, ווי יענע רעשאָים, וואָס זאָגן: פרעסן און זויפן, ווײַל מאָרגן וועלן מיר שטאַרבן. זיי גלייבן ניט דעם מאָרגן, זיי זאָרגן דעריבער נאָר פאַרן הײַנט און ניט פאַר די קומענדיקע דוירעס.

— זיי גלייבן ניט אין אוילעמהאַבע, זאָגט מײַן פּאָטער יוינאָסאָן, — האָט יעהודע באַמערקט.

— יאָ, זיי גלייבן ניט. די פּרושים גלייבן יאָ. די פּרושים, זאָגט באַאנאַ, זײַנען מיטן פּאָלק, זיי האָבן אָבער מער ליב, זאָגט ער, די טוירע, ווי דאָס פּאָלק און ווילן ניט וויסן, אז דער שאַבעס איז געגעבן געוואָרן פאַרן מענטשן, און ניט דער מענטש פאַרן שאַבעס. איך האָב איינמאָל געפרעגט דעם הייליקן מאַן, וואָס איז אוילעמהאַבע? האָט ער מיר געענט־פערט: די פּרושים זאָגן „יעדער בען יִסראָעל האָט א כיילעק אף יענער־וועלט". דערום דאַרף דער מענטש, זאָגן זיי, דאָ אף דער־וועלט זיך פירן שטיל און פרום, זײַן געהאָרכזאַם, טראָגן דעם יאָך פון די פרעמדע, און דערפאַר, זאָגן זיי, וועט ער באַקומען נאָך זײַן טויט סכאַר אף יענער־וועלט. דער עמעסער מיין איז אָבער גאָר אן אנדערער: יעדער בען יִסראָעל און אפילע ניט קיין בען יִסראָעל, וואָס טוט גוטע מײַסים, וואָס קעמפט קעגן שלעכטס, דערנעענטערט מיט דעם די לעצטע טעג פונעם בייז, ווען מע וועט שוין ניט פירן קיין מיל־כאָמעס, ווען דאָס בייז וועט שוין מער גאָרניט זײַן אף דער וועלט. דער מענטש, וואָס טוט איצט גוטס, וועט שוין דעמלט ניט זײַן, אָבער א כיילעק אין יענער קומענדיקער פרידלע־כער וועלט וועט ער האָבן. וואָס מיינסטו, האָט באַאנאַ צו מיר ווײַטער געזאָגט, דאָס איז א וויניקער סכאַר פאַרן מענטשן, א קליינער גליק צו וויסן, אז מיט זײַנע גוטע ווערק דערנעענטערט ער דאָס מאַלכוס שאָמאַים אף דער ערד?

— און די כסידים, די טויוולע שאכרים? — האָט יעהודע געפרעגט.

— די כסידים, — זאָגט באאנאַ, — האָבן אויך ליב נאָר זיך. זיי זײַנען אויך פרעמד דעם פאָלק, זיי גלייבן ניט אינעם מאָרגן, עפשער נאָך ווייניקער ווי די צדוקים. זיי נעמען ניט קיין ווײַבער, האָבן ניט קיין קינדער. זיי שנײַדן מיט זיך אָפּ דאָס ווײַטערדיקע לעבן. זייער וועג איז ניט גאָטס וועג. ער פירט ניט צום פאָלק, צום לעבן, נאָר פונעם פאָלק, צום טויט. פאַראַן כסידים, וואָס זאָגן: טו ניט קיין שלעכטס אפילו דעם שלעכטן. אנדערע זאָגן: שטעל זיך ניט אנטקעגן דעם שלעכטס מיט שלעכטס, און אז איינער גיט דיר א פּאטש אין איין באַק, שטעל אים אונטער די צווייטע. ניין, דאָס איז ניט פון די מײַסים טויווים, וואָס וועלן אַראָפּברענגען דאָס מאלכוס שאָמאַיִם.

דער הייליקער באאנאַ זאָגט, עס זײַנען פאַראַן מילכאָמעס, וואָס זײַנען הייליקע, מילכאָמעס כיויוע. דאָס איז די מילכאָמע קעגן די רוימער. עס שטייט געשריבן, זאָגט ער, „און אייביקע מילכאָמע איז צו יִסראָעל מיט אמאָלעק", דאָס מיינט מען, זאָגט ער, די רוימער! האָב איך אים געפרעגט: ווי זשע פּאַסט זיך דאָס מיטן געבאָט צו יאָגן זיך נאָך שאָלעם? האָט ער מיר געענטפערט: די מילכאָמע מיט אמאָלעק, מיט די רוימער, דאָס איז א מיצווע, וואָס די צײַט פאָדערט. קויהעלעס זאָגט, אַף אַלץ איז דאָ א צײַט: א צײַט אַף צו פירן מילכאָמע און א צײַט אַף צו מאכן שאָלעם. אָבער, זאָגט ער, ביז די רוימער וועלן ניט אוועקגיין פון אונדז, קאָן קיין שאָלעם ניט זײַן מיט זיי. דו, מײַן זון, האָט דער הייליקער מאַן צו מיר געזאָגט, דו גיי ניט אין די וועגן פון די דאָזיקע פּרושים און כסידים. דו גיי אין די וועגן פון דעם פאָדעש צאדויק, פון יעהודע האגאלילי, פון אלע די, וואָס מאכן ניט שאָלעם מיט די רוימער און מיט זייערע פרײַנט, מיט די קויהאַנים גדוילים, מיט די צדוקים, מיט אלע, וואָס באַדריקן דאָס אָרעמע פאָלק און באַרויבן עס. ווײַל וועט זײַן צו דיר, האָט ער מיר געזאָגט, אויב דיר וועט גליקן צו זײַן גאָטס א שלאכטמאַן, און אויב דו וועסט דאַרפן אָפּגעבן דײַן לעבן פאַרן פאָלק, איז שרעק זיך ניט, ווײַל דערמיט וועסטו זיך מיט אַן עמעסן קויפן דאָס אייביקע לעבן, ווי אייביק דאָס פאָלק איז!

— און באאנאַ אליין, — האָט יעהודע געפרעגט, — איז אויך א שלאכטמאַן?

— באאנאַ, — האָט שימען געענטפערט, — האָט פיל יאָרן געקעמפט קעגן די רוימער און קעגן הורדוס דעם עלטערן. איצט איז ער זייער אַלט און זײַן האַנט איז שוין ניט גענוג שטארק צו האַלטן א שווערד. זײַן וואָרט אָבער איז נאָך שאַרפער פון א שווערד. ער קעמפט איצט קעגן שלעכטס מיט זײַן וואָרט.

שימען האָט א קוק געטאָן אַף דער אופגייענדיקער זון, האָט זיך ראש אופגעהויבן פון אָרט און געזאָגט:

— מיר האָבן זיך הײַנט צופיל פאַרעדט. די זון גייט שוין אויף — די בעסטע צײַט צו באָדן זיך.

און ער האָט פלינק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך זײַן קלייד און די סאנדאלן, איז אַרײַנגעשפּרונגען ווי א פיש אין וואסער און איז אַף א לאנגער ווײַלע פאַרשוווּנדן געוואָרן פון יעהודעס אויג אונטער איר.

זיך אויסגעבאָדן, האָבן זיי זיך אוועקגעלייגט אַפן זאמד צו טריקענען אַף דער זון זייערע לײַבער. ווי פאַרזעצנדיק דעם פריִערדיקן איבערגעריסענעם שמועס, האָט יעהודע א פרעג געטאָן:

— איז וואָס זשע איז ווײַטער געווען מיט דיר נאָך דעם, ווי דער פאסטעך און דו האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט דער ערד פון דײַן היים?

פאַרלייגט די הענט אונטערן קאָפּ און די אויגן אָנגעהאנגען אין הימל, האָט שימען געענטפערט:

— וואָס ווײַטער איז געווען נאָך דעם, ווי דער פאסטעך האָט מיך צוגענומען פון דער מאַמעס טויטער ברוסט און איך האָב געמוזט אליין זיך אנטוויינען פונעם זויגן, געדענק איך ווייניק. און וואָס איך געדענק איז אויך געוויס מער פון דעם, וואָס דער הייליקער מאַן האָט מיר דערציילט. איך ווייס אפילו ניט, ווי קום איך צום הייליקן מאַן. איך געדענק נאָר, דער פאסטעך און איך זײַנען געגאנגען און געגאנגען און זײַנען געקומען אין א דאָרף

(שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען איין־געדי). דאָרט האָבן מיר געזען עפּעס מאָדנע מענטשן, אָנגעטאָנענע אין ווײַסן, זיצן באַם טיש און עסן שווײַגנדיק. אונדז האָט מען ניט אַרײַנגעלאָזט אין הויף, געהייסן זיך אויסבאָדן, אונדז אָנגעטאָן אין ריינע קליידער און געגעבן אונדז עסן באַזונדער. ווײַטער געדענק איך דעם קוואַל און דעם וואַסער־בעקן לעבן דאָרף, אין וועלכן איך פֿלעג זיך באָדן, געדענק די פֿעלדזן, אויף וועלכע איך פֿלעג קלעטערן. שפּרינגען איבער די שטיינער. די ערשטע צײַט בין איך געווען ווילד, פֿלעג בענקען אַהיים, נאָך דער מאַמען, נאָך די צאַפּעקלעך און ציגעלעך. באַנאַכט פֿלעג איך זיך אויפֿכאַפּן מיט אַ געוויין: „דעקט צו די מאַמע! זי ליגט אַ נאַקעטע!" אָדער: „טרײַבט אַוועק דעם ראָשע, דעם פֿרעמדן, דעם רוימער!.." און גאַנצפֿרי פֿלעג איך אַרומלויפֿן זוכן די מאַמע, שרײַען: „פֿירט מיך אַפּ אַהיים!", ניט וועלן זיך צורירן צום עסן. איינמאָל בין איך אַליין אַוועק זוכן די מאַמע, בין געלאָפֿן ווײַט־ווײַט, ביז איך האָב דערזען אַ גרויסן הימל אויף דער ערד. ער האָט אַזוי בלוי געשײַנט! איך בין שטאַרק איבערראַשט געוואָרן, בין צוגעגאַנגען נעענטער און זיך פֿאַרכידעשט, וואָס דער דאָזיקער הימל איז גאָר ניט קיין האַרטער, גאָר ניט אַזאַ בלויער, ווי פֿונווײַטנס. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און גענומען וואַרפֿן אין אים שטיינדלעך, און זיך נאָך מער געוווּנדערט, וואָס די שטיינדלעך בלײַבן ליגן אויף דעם דאָזיקן ווייכן הימל און קוים וואָס זיי רירן זיך. האָב איך גענומען וואַרפֿן גרעסערע שטיינער, וואַרפֿן זיי שטאַרקער, און אַז אַ שטיין איז אַרײַן אינעם הימל און מער זיך שוין ניט באַוויזן, בין איך געוואָרן אַנציקט פֿון דעם, הויך געלאַכט און געזונגען, ווי אַ זיגער. און דאָ טאַקע, באַ דעם געזאַלצענעם יאַם, ווי איך האָב זיך דערנאָך דערוווּסט, האָבן די מענטשן פֿון איין־געדי מיך געפֿונען און צוריק אַוועקגעפֿירט מיך צו זיי.

וואָס ווײַטער איז געווען, געדענק איך צעמישט און אומקלאָר. קלאָר געדענק איך נאָר פֿון יענעם טאָג, ווען איך האָב זיך דערזען באַם הייליקן באַנאָ אין זײַן געצעלט. איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ „גרויסער", אַלט געווען אַ יאָר פֿינף, און בין שוין ניט אָפּגעטראָטן פֿונעם הייליקן מאַן. דער הייליקער מאַן פֿלעג מערסטנס שווײַגן, עפּעס צייכענען אויף פּאַרמעט, אָדער טפֿילע טאָן, זינגען. אין אַ שאָ, ווען ער איז געווען פֿרײַ פֿון זײַנע געדאַנקען, צייכענונגען און געזאַנגען, פֿלעג ער מיר דערציילן מײַסעס. וועגן מיר אַליין האָט ער דערציילט:

— געקומען צו די איסייער קיין איין־געדי (באַנאָ איז נאָך דעמאָלט געווען מיט זיי), האָט דער פּאַסטעך מיך איבערגעגעבן צו זיי, דערציילט, וויאַזוי ער האָט מיך געראַטעוועט, וויאַזוי די רוימער האָבן כאָרעוו געמאַכט מײַן היים.

דאָס שטעטעלע גערעז, האָט ער דערציילט, איז געווען איינס פֿון די ווייניקע שטעטלעך, וואָס דאָרט איז ניט דורכגעפֿירט געוואָרן קווירינס צענז. די אײַנוווינער פֿונעם שטעטעלע, קימאַט אַלע פּאַסטעכער, זײַנען אַוועק אין די בערג, אין די הייל. די רוימער האָבן מוירע געהאַט צו קומען אַהין צו זיי. מיט דער צײַט האָבן די אײַנוווינער פֿון גערעז ביסלעכווײַז אָנגעהויבן אַראָפּצוגיין פֿון די בערג, זיך אומקערן אין זייער פֿאַרלאָזט שטעטעלע. זיי האָבן ווען־ניט־ווען אָפּגעצאָלט די רוימער אַ ביסל צינש, און די רוימער האָבן זיי געלאָזט צורו. צו קליין איז דאָס שטעטעלע געווען צו פֿאַרפֿירן אַ מילכאָמע מיט דעם, און געווען איז דאָס אַרומגערינגלט מיט בערג, מיט הייל און מיט גרויסע געפֿאַרן. האָבן די אײַנוווינער פֿון גערעז געלעבט זיך רויִק און שטיל, געפּיטערט זייערע פֿי, און די סאָכרים פֿון יערושאָלאַיִם פֿלעגן קומען און אָפּקויפֿן עס באַ זיי.

נאָר אַז קומאַנוס איז געוואָרן פּראָקוראַטאָר, האָט דאָס שטעטעלע פֿאַרלוירן זײַן רו. אָפּטער און אָפּטער פֿלעגן קומען צינש־מאָנער, געמאָנט שטײַערן ניט פֿאַר איין יאָר, נאָר פֿאַר צענדליקער, פֿון זינט קווירינס צענז. די אײַנוווינער פֿלעגן יאָגן פֿון זיך די צינש־מאָנער, די צינש־מאָנער, ווידער, פֿלעגן קומען מיט באַוואָפֿנטע רוימער. פֿלעגן פֿאָרקומען געשלעגן און מעהומעס, דאַן האָט קומאַנוס דערקלערט גערעז פֿאַר אַ רויבער־נעסט און באַשלאָסן עס כאָרעוו מאַכן. זיך דערוווּסט, אַז עס גייט אַ מאַכנע רוימער, רײַטער און פֿוסגייער, האָבן די אײַנוווינער פֿון גערעז אַוועקגעטריבן דאָס פֿי אין די בערג און אין די הייל, און אַליין האָבן זיי זיך געשלאָגן מיט די רוימער, ביז זיי זײַנען אַלע געפֿאַלן טויט. די רוי־

מער האָבן דאָס שטעטעלע פארברענט, אויסגעהארגעט אַלע פארווונדעטע, אַלע פרויען, קינדער און אַלטע לײַט, נאָר איך איינער בין געבליבן א לעבעדיקער.

ווער זײַנען געווען מײַנע עלטערן, האָט מען בא מיר דערגיין ניט געקענט. איך האָב געוווּסט נאָר מײַן נאָמען — שימען. קיין אנדערע נעמען האָב איך ניט געוווּסט. האָבן די איסייער באשטימט מיך רופן שימען באר גיורא, דאָס האָט געהייסן בא זיי „בען גערעז", אזוי האָבן זיי ארויסגערעדט דעם נאָמען פון מײַן שטעטעלע. און אזוי איז פארבליבן מײַן נאָמען שוין אף שטענדיק. די פארשאָלטענע רוימער האָבן ניט נאָר פארטיליקט מײַן שטאָט, בארויבט מײַן ערד און מײַנע פי, נאָר אויך מײַן פאָטערס נאָמען... אָבער זאָרג ניט! — האָט זיך שימען אופגעזעצט און א קלאפּ געטאָן מיטן פויסט אָן זײַן פוס, — עס וועט אויך אף די רוימער קומען א סאָף! עס איז שוין ניט ווײַט דער טאָג פון זייער בראָך אויך!

ער איז געוואָרן צאָרנדיק, זײַן פּאָנעם — הארט און שטרענג, ער האָט א קורצע ווײַלע געשוויגן און ווײַטער פארביטערט גזאָגט:

— פארשאָלטן זאָל ווערן אָט די דאָזיקע גרויזאמע פערטע כײַע, וואָס פרעסט און זויפט אַלץ אוף, נאָגט ארויס דאָס כײַעס בא די פעלקער, האָט די גאנצע וועלט געמאכט פאר שקלאפן, פאר שאָף צום שערן. זיי, די רוימער, רימען זיך מיט זייערע גוטע און רעכטפארטיקע געזעצן, מיט זייער שטרענגער אָרדענונג, מיט זייערע וועגן, וואסער-לײַטערס, מיט זייער רײַכקײַט און קלוגשאפט. אָבער דאָס אַלץ איז דאָך בא זיי אָנגעגאנוועטס, אָנגערויבטס. אפילע זייער שטאָט האָבן זיי דאָך אליין ניט געקענט אויסבויען, ביז עס איז ניט געקומען זיי צו הילף דער ייִדישער אָפּטריניקער אבאָ-קאָלוין, האָט זיי דערקלערט דעם סאָד און געהאָלפן זיי אויסצובויען רוים. אומעטום גאנווענען זיך די רוימער ארײַן קלוימערשט מיט א גוטער קאוואָנע, ווי גוטע-פרײַנט, קלוימערשט צו באשיצן עמעצן. קיינער בעט בא זיי ניט זייערע טויוועס און זיי בינדן אָן זייער גוטסקײַט מיט גוואלד, מיט פאַלשקײַט. אמאָל האָט יעהודע האמאכבי, דער כאשמוינאָער, געשלאָסן מיט דעם רוימער סענאט א פרײַנטלעכן בונד. דער ערשטער הורקנוס האָט דעם בונד באנײַט. אין לאנד איז געווען שטיל און רויִק. נאָר אָט איז געקומען פּאָמפּייוס, האָט מיט דער הילף פון אנמיפּאטין, הורדוסעס פּאָטער, און נאָכדעם מיט הורדוסעס הילף אָנגעמאכט קריג און מעהומעס אין לאנד, צעקריגט דעם קויהען גאָדל הורקנוס דעם זון פונעם ערשטן הורקנוס מיט זײַן ייִנגערן ברודער, דעם בראוון קיניג אריסטובול, געלאָזט צעפלאקערן צווישן זיי א מילכאָמע, און דאן איז ער, פּאָמפּייוס, געקומען קלוימערשט צו מאכן שאָלעם צווישן זיי, מאכן אָרדענונג. האָט ער מיט פאַלשקײַט אײַנגענומען יערושאָלאיִם, דעם בראוון קיניג געטייט, — און פון דעמלט אָן פארקנעכטעט יעהודע, זי געמאכט פאר א רוימישער פּראָווינץ און דאָס ייִדישע פאָלק פאר רוימישע קנעכט, האָט אָפּגענומען באם ייִדישן פאָלק די רו און דעם שאָלעם. און שוין וויפל יאָר האלטן די רוימער אין איין בארויִקן דאָס ייִדישע לאנד, אין איין אײַנשטעלן אין אים אָן אָרדענונג, און וואָס ווײַטער ווערט די אומרויִקײַט אַלץ גרעסער און די אָרדענונג אַלץ ערגער. זאָלן זיי, די פרעמדע, אוועקגיין פון אונדז, וועט ווידער ווערן רו און פרידן אין לאנד!

— ווער איז געווען דער דאָזיקער פּאָמפּייוס? א קייסער, א ראָשע? — האָט יעהודע געפרעגט.

— א קייסער? א ראָשע? ביידע זאכן! — האָט שימען צאָרנדיק געענטפערט, — און עפשער נאָך ערגער, ווי א ראָשע: ער איז געווען א וואָרטברעכער, א פאַלשער, וואָס מאכט קריג צווישן ברידער, פארטיליקט זיי ביידן און רויבט, און פרעסט, און זויפט, און טרײַבט אראָפּ דאָס פאָלק פון דער ערד, הארגעט אויס זײַנע זין און טעכטער, פארקויפט זיי פאר קנעכט, מאכט צו נישט אַלע אַלטע מינהאָגים און פירעכצן, און דאָס פאָלק צעלויפט זיך פון לאנד. וואָגלט ארום איבער פרעמדע לענדער, אין די בערג, אין די היילן, און עס איז פארפינצטערט געוואָרן דאָס לעבן, אַלץ איז פארשוועכט, און געשענדט, און צעטראָטן... א ראָשע, פרעגסטו? ניין, פּאָמפּייוס און אַלע רוימישע קייסאָרים זײַנען ערגער ווי סטאם רעשאָים, ווײַל דאָס זײַנען רוימישע רעשאָים! די ערגסטע און די מער פארהאסטע פון אַלע אנדערע הערשער אין דער וועלט. רוים — דאָס איז אבאָ-קאָלוין — דער פעלשער, דער

פֿאַרעטער, דאָס איז די ווילדע פֿערטע כײַע, וואָס דאניעל האָט זי געזען אין זײַן זעונג, דאָס איז דער רוימישער ווילדער כאַזער! אָט דאָס איז רוים! איך בין אויסגעווען פֿיל לענדער, דורכגעגאַנגען אַ סאַך מעדינעס. אומעטום, וווּהין רוים איז געקומען מאַכן אָרדענונג, — הערשט שקלאַפֿהײַט, דערנידעריקונג, אומרעכט און געוואַלט! אומעטום האָט רוים אָפּגענומען, אָדער וויל אָפּנעמען, די נעשאָמע באַם פֿאָלק, זײַן פּאָנעם און אומעטום העלפֿן די רײַכע און די פּריסטער, די האַרן און די פֿירשטן, אומעטום העלפֿן זיי דער מאַלכוס עדוים האַרשאַע צו צעברעכן דעם רוקנביין פֿון פֿאָלק, אים צעברעקלען, אָפּשוואַכן, אָפּטייטן זײַן געמיט, נאָר אַזוי וועט עס אייביק ניט זײַן! עס וועט קומען אַף זיי אויך אַ טאָג! — איז שימען אופֿגעשפּרונגען, אַ צעברענטער, און זײַן קאָל האָט אַ קלונג געטאָן ווי דער קלונג פֿון אײַזן אין אײַזן. דער צאָרן האָט אין אים געקאָכט און געזאָדן, די באַקן האָבן אים געציטערט, ער האָט אופֿגעהויבן אַ פֿויסט און אַ דראָע געטאָן צו מײַרעוו:

— רוים, פֿאַרשאָלטענע, פֿאַרהאַסטע רוים, דו מוזט כאָרעוו ווערן און דו וועסט כאָרעוו ווערן! ניטאָ און ניט זײַן וועט מער קיין הערשער איבער דער וועלט, איבער די מענטשן, אויסער גאָט! ניט זײַן וועט מער די הערשאַפֿט פֿון אַ מענטשן איבער אַ מענטשן אים צו שלעכטס! די אויסלייזונג מוז קומען און זי וועט קומען!

דער פּאָרעש יויעזער אין די גרויסע טפֿילין און לאַנגע ציצעס איז פֿאַרבײַ זיי אַדורכגעגאַנגען, האָט דערהערט שימענס לעצטע ווערטער, האָט אַ קוק געטאָן אומצופֿרידן אַף די יונגע מענטשן און זיך געווענדט צו יעהודען, ווי אַ שטראָפֿער, פֿירהאַלטער:

— יונגער מענטש, דער זון פֿון דעם געערטן מענטשן אין שטאָט, פֿון יוינאָסאָן, עס איז שוין די צײַט צו גיין אין שול צו דער פֿרימאָרגן־טפֿילע, דײַן פֿאָטער איז שוין געוויס דאָרט, און דו דרייסט זיך דאָ אַרום מיט פֿרעמדע יונגען אַפֿן ברעג פֿון יאַם.

די דאָזיקע רייד האָבן ווי קאַלט וואַסער אַ גאָס געטאָן אַף די צעהיצטע יונגע כאַווײרים. שימען האָט אַ פֿאַראַכטלעכן קוק געטאָן אַפֿן פּאָרעשס הויכע טפֿילין, אַף זײַנע לאַנגע ציצעס, אַף זײַן פֿאַלש און כיטרע גענגעלע און האָט אַ זאָג געטאָן צו יעהודען:

— דו ווילסט, גיי אין שול אַרײַן. דאַרפֿסט דאָך סײַווי גיין אַהיים. איך האָב שוין הײַנט אָפּגעזאָגט מײַן טפֿילע... איכל גיין צו די שטאַלן אַ קוק טאָן, וואָס טוען די יונגען, צי האָט מען געגעבן גענוג פֿיטער די פֿערד און קעמלען...

און ער האָט אַוועקגעשפּאַנט מיט זײַנע האַסטיקע, פֿעסטע טריט, אַ קרעפֿטיקער, אַ שטאָלצער, ווי אַ מענטש, וואָס ווייסט גוט זײַן וועג. יעהודע איז נאָך אַ ביסל געשטאַנען, האָט נאָכגעקוקט זײַן ליבן כאַווער מיט אַנציקונג און האָט זיך פּאַוואָליע אופֿגעהויבן פֿון ברעג צו דער שול, וואָס איז געשטאַנען אַפֿן ברייטן פֿלאַץ קעגן יאַם. דער פּאָרעש האָט אַ צאָרנדיקער און באַרויגעזער נאָכגעקוקט שימענען, האָט אויסגעשפּיגן און אַ וואָרטשע געטאָן: „אַמאָרעץ! קעמלטרײַבער, טפֿו, אַף דײַן קאָפּ!"

אַף מאָרגן, שאַבעס איז עס געווען, איז שיר ניט פֿאָרגעקומען אַן אָפּהאַלט, וואָס האָט געקענט צעדרייען יעהודען די גאַנצע רײַזע זײַנע, פֿאַרהאַלטן אים אַף אַ צײַט אין קייסאַריע, און דאָס האָט שטאַרק צערודערט די דרײַ שוטפֿים, און מער פֿאַר אַלעמען יעהודען און עדנען.

יעהודע האָט אָפּגערעדט מיט עדנען, מע זאָל פֿאַרבעטן שימענען קומען אַף דער סודע, וואָס זײַן פֿאָטער פּראַוועט די טעג. זיי זײַנען געווען זיכער, אַז דער פֿאָטער וועט גאָר ניט האָבן קעגן דעם. יעהודע און עדנע האָבן אַזוי געוואָלט זען שימענען צווישן זייערע געסט. עדנע איז געווען פֿעסט באַ זיך, אַז שימען וועט געוויס קומען און איר האַרץ האָט זיך צעכוואַליעט און צעברויזט פֿון אַנגעלאָפֿענע אומקלאָרע, איר אַפֿילע ניט פֿאַרשטענדלעכע דערוואַרטונגען און פֿריידן.

יעהודע איז גאַנצפֿרי אַוועקגעגאַנגען מיט יוינאָסאָנען אין שול אַרײַן. ניט געטראָפֿן דאָרטן שימענען, איז ער זייער פֿאַרווּנדערט געוואָרן. שימען האָט ליב געהאַט אַלעמאָל

אריינצוקומען אין שול אריין, און ניט אזוי צוליב דער טפילע, ווי צוליב זיין צווישן מענטשן, זיך באגעגענען מיט באקאנטע, הערן נייס.

נאָך דער טפילע און נאָך דער דראָשע, וואָס יוינאָסאָן האָט געהאלטן, איז יעהודע אוועקגעגאנגען אין די סכוירע־לאגערן אופצוזוכן שימענען. ער האָט אָבער, צו זיין שטוינען, אויך דאָרטן אים ניט געטראָפן. די מענטשן האָבן אים געזאָגט, אז ער האָט נאָך נעכטן גענומען זיין קלומעקל, האָט קיינעם גאָרניט געזאָגט און איז אוועקגעגאנגען אין דער אכסאניע איבערצונעכטיקן דאָרטן.

געקומען אין דער אכסאניע, וואָס איז געווען ניט ווייט פון דער שול, האָט יעהודע געטראָפן שימענען זיצן א פארטיפטן אין זיינע געדאנקען. דאָס הארץ האָט עפּעס יעהודען א טיאָך געטאָן, דערפילנדיק ניט קיין גוטס. ער איז א באומרואיקטער צוגעגאנגען צו אים און א פרעג געטאָן:

— שימען וואָס זיצסטו עפּעס אזוי פארטראכט דאָ אין דער אכסאניע!

שימען האָט אופגעהויבן די אויגן, האָט א לאנגן קוק געטאָן אויף יעהודען, א ווײַלע געשוויגן און ענדלעך געזאָגט:

— איך גיי אוועק...

— וווהין? — האָט יעהודע דערשראָקן א פרעג געטאָן.

— דערווייל צום הייליקן באאנאָ, — האָט שימען געענטפערט.

— אויף לאנג? — האָט יעהודע אלץ באומרואיקטער אים געפרעגט.

— איך ווייס ניט. נאָר מיט דיר קיין באָוול, ווייזט אויס, וועל איך שוין ניט גיין, — איז געווען זיין ענטפער.

יעהודען האָט זיך אָפּגעריסן אין הארצן. ער האָט א צעמישטער ארויסגעשריען:

— שימען, וואָס הייסט? פארוואָס? וואָס איז געשען?

שימען האָט שטיל, ווי ער זאָל אים אנטפּלעקן א גרויסן סאָד, געזאָגט:

— א קאָל רופט צו מיר...

— וואָס פאר א קאָל? — האָט יעהודע נאָך מער צעטומלט געפרעגט.

— דאָס קאָל פונעם פירער, פונעם אויסלייזער, — האָט שימען געהיימניספול און באגייסטערט געענטפערט, — עס שטייען אָן גרויסע טעג אין יעהודע און אין ירושאלאים. איז וויאזוי זשע קאָן איך אוועקגיין אין אזא צייט פונדאנען?

— וואָס פאר א גרויסע טעג שטייען דאָס אָן? — האָט יעהודע אלץ מער צערודערט געפרעגט, — טעג פון פרידן, צי פון קריג?

— די שווערד איז אויסגעשטרעקט מיט איר שארף צו מיזרעח! — האָט שימען סודעספול געענטפערט.

יעהודע האָט זיך געפילט ביז גאָר אומגליקלעך און פארלוירן. ער האָט מיט א ציטערנדיק קאָל געפרעגט:

— וואָס זשע רעכנסטו טאָן?

— איך ווייס נאָך אליין ניט, — האָט שימען געזאָגט. — דערווייל וויל איך גיין צום הייליקן באאנאָן, וועל הערן, וואָס וועט ער מיר זאָגן, ער האָט געוויס איבערגעלייענט גאָטס שריפט אָפּן הימל און איך וויל הערן זיין באשייד.

— איך וועל אויך גיין מיט דיר! — האָט יעהודע געזאָגט.

שימען האָט א טראכט געטאָן און געזאָגט:

— ניין! מיט מיר קענסטו ניט גיין. דער וועג איז ניט קיין לייכטער. און סיאוי וועט דיך דיין פאָטער ניט לאָזן גיין אהין.

באמערקט יעהודעס צעטראָגנקייט און דערשלאָגנקייט, האָט ער צוגעגעבן:

— ווייסט וואָס? איך וועל א גיי טאָן אויף א פאָר טעג צום הייליקן מאן, וועל קומען צוריק און דאן וועל איך דיר זאָגן, צי איך גיי מיט דיר קיין באָוול, צי ניט. עפּשער איז גאָר איצט מיין וועג גראָד קיין באָוול...

— ווו איז ער, דער הייליקער מאן? — האָט יעהודע געפרעגט, — ער איז ווייט פונדאנען?

7*

— ניט איבעריק ווײַט. אין דעם מידבער, — האָט שימען געענטפערט, — אפֿן וויסטן אזאָזעל־באַרג. מע רופֿט אים אויך דער ניסאַיען־ אָדער דער נעזירים־באַרג.

— פֿאַרוואָס? — האָט יעהודע געפֿרעגט.

— אזאָזעל־באַרג, — האָט שימען געענטפֿערט, — רופֿט מען אים דערפֿאַר, ווײַל דאָס איז מיט אַן עמעס די נעסט פֿונעם ניט־גוטן, פֿונעם סאָטן: א שטייניקער, אָפּריסיקער, וויסטער באַרג, פֿול מיט טיפֿע היילן, מיט הויכע שפּיציקע פֿעלדזן און מיט פֿינצטערע אָפּגרונטן. אהין פֿירט מען יעדן יאָמקיפּער דעם פֿאַרשיקטן ציגן־באָק, אים אראָפּצוּוואַרפֿן אין אַפּגרונט, א קאַפּאָרע פֿאַר די זינד פֿון פֿאָלק. מע רופֿט אים אָבער, דעם באַרג, אויך נעזירים־ אָדער ניסאַיען־באַרג, ווײַל אהין קומען יונגע נעזירים אויסצופּרוּוון זייער קויעך אײַנעם געראַנגל מיטן סאָטן, וואָס וויל זיי אראָפּפֿירן פֿון וועג. באַאַנאַ האָט א לאַנגע צײַט דאָרטן געלעבט אין א טיפֿער הייל. אז ער פֿלעג אוועקגיין אף א צײַט, האָט א וואָלף אָפּגעהיט דעם ארײַנגאַנג אהין, און ווען ער פֿלעג צוריק קומען, איז דער וואָלף אוועקגעלאָפֿן און אף זײַן אָרט איז געקומען א הונט. איצט איז דער הייליקער מאַן אלט און פֿאַרלאָזט שוין ניט אזוי אָפֿט דעם אויספּרוּוו־באַרג.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַן אויספּרוּוון, וואָס דער סאָטן פּרוּווט זיי? — האָט יעהודע געפֿרעגט, — און וויאַזוי קומט עס פֿאַר?

— אף יענעם באַרג, ניט ווײַט פֿון באַאַנאַס הייל, — האָט שימען ווײַטער דערציילט, — איז פֿאַראַן זייער א הויכער גרימיקער און אָפּריסיקער פֿעלדז, דער פֿעלדז פֿונעם פֿאַרשיקטן ציגן־באָק. ער הענגט איבער א טיפֿן אָפּגרונט. מע זאָגט, ווען מע וואַרפֿט אראָפּ אהין דעם ציגן־באָק, ווערט ער צעשמעטערט נאָך איידער ער פֿאַלט אראָפּ אף אונטן. דער יונגער נאָזיר זעצט זיך אוועק אפֿן שפּיץ פֿעלדז, פֿאַסט עטלעכע טעג און זעט ווּנדערלעכע זעונגען. אפֿן דריטן טאָג, געוויינלעך, קומט דער סאָטן און באַווײַזט זיך פֿאַרן נאָזיר אין פֿאַרשיידענע געשטאַלטן: דאָס אין דעם געשטאַלט פֿון א שיינער רײַכער קיניגן, דאָס אין דעם געשטאַלט פֿון א גרויסן אראַבישן סוחר, אָדער ווי א רוימישער גרויסער סראַרע. דער פֿאַרשטעלטער סאָטן פֿאַרפֿירט א שמועס מיטן נאָזיר, באַדויערט זײַן פֿאַרלוירענע יוגנט, רעדט אים אײַן מיטצוגיין מיט אים, זאָגט אים צו גליקן, רײַכקײַט, גווורע און כאָכמע, מאַכט און טײַנוגים. ער וויקלט פֿאַנאַנדער פֿאַר זײַנע אויגן צויבערלעכע בילדער: ווײַטע שיינע שטעט, פּרעכטיקע פּאַלאַצן, ווײַזט אים רײַכע מאַלצײַטן, יונגע שיינע פֿרויען, זינגערס און טענצערנס, רייצט זײַן באַגער, זאָגט אים צו, אז דאָס אלץ וועט געהערן צו אים, אויב ער וועט זיך אָפּזאָגן פֿון זײַן ניידער... דער גרעסטער טייל יונגע מענטשן קענען ניט בײַשטיין דעם דאָזיקן ניסאַיען. און ווי נאָר דער סאָטן באַמערקט, אז דער געפּרוּווטער גיט זיך א וואַקל, אזוי לאַכט ער אים בייז אויס, פֿאַרשווינדט פֿון זײַנע אויגן און לאָזט אים איבער אליין אפֿן שטיין. דער אָפּגענאַרטער דערזעט זיך א פֿאַרלאָזטן, עלנטן, אפֿן וויסטן פֿעלדז, פֿאַרן טיפֿן אָפּגרונט. עס כאַפּט אים אָן א פּאַכעד און א בענקעניש נאָך דער שטאָט, נאָך דער היים, וואָס ער האָט פֿאַרלאָזט, און ער קערט זיך אום אהין, אַן אנטוישטער, צעדרייטער און ניט געשטעלטער, מיט א גרויסער דורשט נאָך דעם אלעמען, וואָס דער סאָטן האָט אים באַוויזן און צוגעזאָגט. און זײַן גאַנץ לעבן גייט שוין דער דאָזיקער מענטש ארום א ניט קיין באַפֿרידיקטער, א גיריקער נאָך מאַכט, נאָך קאָוועד, נאָך טײַנוגים, און קאָן ניט שטילן זײַן דורשט צו דעם. ער האַלט זיך אין איין יאָגן נאָך רײַכקײַט, נאָך מאַכט און אומעטום ווערט ער אָפּגענאַרט, געשטרויכלט, צומאָל ביז צום באַגיין די גרעסטע זינד און פֿאַרברעכן. אזעלכע מענטשן, זאָגט דער הייליקער באַאַנאַ, זײַנען די אומגליקלעכסטע און גאַנץ אָפֿט אויך די פֿאַלשסטע און געפֿערלעכסטע אין דער וועלט. באַאַנאַ זאָגט, אז איינער אזא איז יויסעף בען מאַטיסיאָהו דער קויהען, וואָס מיט אים קלינגט איצט גאַנץ יערושאָלאַיִם. יויסעף האָט זיך אופֿגעהאַלטן באַם הייליקן מאַן דרײַ יאָר און איז דאָך ניט בײַגעשטאַנען דעם ניסאַיען. דער הייליקער מאַן האָט מיר אנומלט געזאָגט:

— שימען, מײַן זון, דו וועסט זיך אין דײַן לעבן עפּשער טרעפֿן מיט יויסעף בען מאַטיסיאָהו, געדענק, היט זיך פֿאַר אים, אין אים זיצט דער סאָטן. זאָלסט אים קיינמאָל ניט גלייבן און פֿאַרגלייבן. ער איז ניט בא זיך אין די הענט. זײַן וואָרט איז קיין וואָרט ניט, ניט

זײַנס. זאָלסט מיט אים קיינמאָל ניט גיין צוזאמען צו אן אָפּגרונט. ער וועט דיך א שטופּ טאָן און אראָפּוואַרפן אהין...

אזוי האָט מיר געוואָרנט באאנאַ. איך האָב אָבער קיין מוירע ניט, ניט פאר אים און ניט פארן סאָטן.

— דו האָסט דען געזען דעם סאָטן? — האָט יעהודע אן אופגערעגטער געפרעגט.

— ניין, — האָט שימען א שמייכל געטאָן און געזאָגט, — איך האָב אים ניט געזען. ווען איך בין געווען בא באאנאַ, פלעג איך ארומקלעטערן אפן וויסטן פעלדז, פלעג וואַרפן שטיינער אינעם אָפּגרונט, זיך צוהערן צום הוד און צום הילך, וואָס דער שטיין האָט דאָרט געמאכט, האָב קיין מוירע ניט געהאט און קיין סאָטן האָב איך ניט געזען. איך בין אויך קיינמאָל קיין נאָזיר ניט געווען. נאָר איינמאָל האָב איך געוואָלט א ניידער טאָן ניט צו שערן די האָר און ניט צו טרינקען קיין ווײַן, האָט באאנאַ זיך דערוווסט און ניט געלאָזט דאָס מיך טאָן. ער האָט געזאָגט:

— דו ביסט ניט אָנגעצייכנט צו זײַן א נאָזיר. דײַן קראַפט איז פון דער ערד און אף דער ערד. דו דארפסט זײַן א גיבער, א העלד. און דו מיין ניט, — האָט ער מיר געזאָגט, — אז א העלד אף דער ערד איז אזוי גרינג צו זײַן. צו דעם איז ווייניק צו זײַן א גיבער. דאָס פאָדערט א סאך גײַסטיקע גוווּרע אויך, עפשער נאָך א גרעסערע, ווי דאָס נעזירעס. דער גיבער, זאָלסטו וויסן זײַן, אויב ער איז נאָר ניט קיין ראָשע, ווענדט אָן זײַן גוווּרע ניט צום שלעכטן, נאָר צום גוטן, פארן עמעס, פארן פאָלק, דעמלט איז ער א העלד און איז אָפּט מאקריוו מיט זיך א סאך מער, ווי דער גרעסטער נאָזיר...

— זײַנע רייד זײַנען וווּנדערלעכע! — האָט יעהודע געזאָגט, — כ׳וואָלט אויך א באַלן געווען זען דעם דאָזיקן מאן, איז ווען גייסטו צו אים?

— הײַנט, דו וואַרט אף מיר.

— און אפן מאָלצײַט וועסטו קומען? איך און עדנע ווילן אזוי, דו זאָלסט זײַן אף אונדזער סימכע.

— עדנע, זאָגסטו? — האָט שימען א פארוווּנדערטער א פרעג געטאָן.

— יאָ, — האָט יעהודע געזאָגט.

שימענס אויגן האָבן א פינקל געטאָן, ער האָט א ווײַלע געטראכט און פעסט געזאָגט:

— ניין, מײַן טײַערער ברודער! דו ווייסט, ווי איך האָב דיך ליב. איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט צו זײַן בא דיר אף א סימכע, די סימכע איצט איז אָבער ניט דײַנע. אין גרויסן רײַכן פאלאץ וועט קיין אָרעמער ברודער ניט זײַן. אין דעם מעגסטו זײַן זיכער. מײַן פוס וועט ניט אריבערטרעטן מיט פרידן די שוועל פון אזא פאלאץ. ניין, יעהודע, איך וועל צו דער סודע ניט קומען, ווען איך וועל אפילע יאָ גיין מיט דיר קיין באָוול.

די צוויי יונגע מענטשן האָבן זיך הייס און הארציק געזעגנט. שימען האָט ארופגעוואָרפן אפן אקסל זײַן טאָרבעלע און האסטיק אוועקגעשפּאנט ארוף ברעג צו דער אייבערשטער שטאָט. יעהודע איז געבליבן שטיין א ווײַלע א באטריבטער און טרויעריקער און האָט מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט לאנגזאמע טריט זיך געלאָזט גיין אהיים, נאָכדענקענדיק וועגן דעם, וואָס שימען האָט אים דערציילט און געזאָגט.

(פאָרזעצונג קומט)

# זיכרוינעס וועגן בער סלוצקין

איך פיל זיך לעכאטכילע שולדיק אין דעם, וואָס איך האָב אזוי ווייניק דערמאָנט בער סלוצקין, מײַן שטיף־פאָטער, דעם סאמע נאָענטסטן מענטשן, זינט מײַן מאמע איז געשטאָרבן.

דעם פאָטער מײַנעם געדענק איך ניט, ער האָט מיט אונדז צוזאמען ניט געלעבט, געהאט א געזינד אין כארקאָוו. אף אלע מײַנע פראגעס וועגן אים האָט די מאמע געענטפערט: „וועסט אונטערוואקסן, וועסטו זיך דערוויסן...” די מאמע אָבער איז געשטאָרבן פריִער, איידער איך בין אונטערגעוואקסן. פיל שפעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אז מײַן טאטן, גולקאָ סאמויל באָריסאָוויטשן, האָט מען דערשאָסן אין 1937 ווי א „דײַטשישן שפּיאָן”. געארבעט האָט ער אין פאָלקאָמבילד פון אוקראַינע, פארוואלטעט מיטן סעקטאָר פון קינדער־ביכער פאר ייִדישע שולן.

בער סלוצקין געדענק איך זינט דאַן, ווי איך געדענק זיך. מיר האָבן געוווינט אף איין גאס, ער פלעג וועגן עפּעס רעדן מיט דער מאמען, געשפּאסט, מיך מעכאבעד געווען מיט קאָנפעקטן און קעסיידער צוגעזאָגט, אז ער וועט מיר שענקען א מיל. פארוואָס עפּעס גראָד א מיל, פארשטיי איך נאָך אדהײַעם ניט.

ווען איך בין אלט געווען 9 יאָר (1939), האָט מיך די מאמע איינמאָל געפרעגט: „מינאָטשקע, וואָס וועסטו זאָגן, אויב בא דיר וועט זײַן א טאטע?” זיי האָבן כאסענע געהאט. בער איז דעמלט אלט געווען 62 יאָר. איך מיט דער מאמען האָבן געוווינט אף סאקסאגאנסקי־גאס, 30, און ער — אף סאקסאגאנסקי־גאס, 33. ער האָט פארמאָגט א גרויסן צימער אין א גרויסער קאָמונאלער קווארטיר. און עפשער האָט עס זיך מיר אויסגעוויזן, ווײַל די מאסשטאבן פון קינדערשע פאָרשטעלונגען זײַנען לאכלוטן אנדערע, איידער בא דערוואקסענע. אלע ווענט פון בערס צימער זײַנען געווען פארשטעלט מיט סטעלאזשן, פול מיט ביכער. א גרויסער שרײַבטיש מיט פיל פארשריבענע בלעטלעך און מיט יענער אומאָרדענונג, וואָס איז די העכסטע אָרדענונג פארן שעפער פון אזא כאאָס. בער איז געווען זייער א געבילדעטער מענטש, האגאם ער האָט ניט געענדיקט קיין שום לערן־אנשטאלט. אין דער קינדהײַט האָט מען אים אפילו ניט געלאָזט גיין אין כײדער, ווײַל ער האָט געהאט א שוואך געזונט, ווי די מאמע האָט מיר דערציילט. בער באם שרײַבטיש — דאָס דאָזיקע געשטאלט ווערט זייער לײַכט אופגעשטעלט אין מײַן זיקאָרן. אין אנדערע סיטואציעס געדענק איך אים ניט.

ער איז געווען זייער צערטלעך מיט דער מאמען, טאָמיד רויִק, קימאט שטענדיק געשפּאסט מיט זייער אן ערנסטן אויסזען, און דאָס האָט מיך אָפט ארײַנגעבראכט אין פארלעגנהײַט. איך האָב עס ניט פארשטאנען, און בער מיט דער מאמען, צופרידענע, האָבן געלאכט. בלויז איין מאָל געדענק איך בערן דערצאָרנט. גייענדיק שפּאצירן, האָב איך אָפט פארגעסן אומקערן זיך אהיים צו דער צײַט. די מאמע האָט מיך געזוכט, זייער זיך באאומרויִקט. און אָט, איינמאָל, קימאט דערפירנדיק די מאמע צו א הארץ־אטאקע, האָב איך זיך נאָך כוצפּעדיק פארענטפערט. בער האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן, זיך א וואָרף געטאָן אף מיר, זײַן פּאָנעם איז געוואָרן בלאס און ער האָט געשריִען: „דו פארשטייסט, וואָס דו טוסט מיט דער מאמען! דו פארשטייסט?!”. מער קיינמאָל אין לעבן האָב איך אים ניט געזען אין אזא צושטאנד. ער איז קעסיידער געווען זייער גוטמוטיק צו מענטשן, טאָמיד אײַנגעהאלטן און רויִק.

איך האָב געוווּסט, אז בער איז א שרײַבער. ער האָט דעמלט געשריבן אף ייִדיש. איינמאָל האָט ער מיר איבערגעלייענט זײַן דערציילונג פאר קינדער, איבערזעצנדיק בייטן לייענען אף רוסיש. איך געדענק ניט דעם אינהאלט פון דער דערציילונג, אָבער עס איז געבליבן דאָס געשטאלט פון א זומפּ, וואָס שלינגט אײַן, זויגט אײַן אין זיך מיט זײַנע ווייכע, גערונצלטע ליפּן א פילקעלע, וואָס א קליין ייִנגעלע האָט אומגערן א וואַרף געטאָן. זינט דעמלט איז בא מיר שטענדיק פארבונדן מיטן זומפּ דאָס געשטאלט, וועלכן בער האָט געשאפן אין זײַן דערציילונג — עפּעס מאמאָשעסדיקס און שוידערלעכס מיט גערונצלטע ליפּן, וואָס קאָן אויך מיך אײַנזויגן און אײַנשלינגען.

בער מיט דער מאמען האָבן באשלאָסן בײַטן אונדזערע צוויי באזונדערע צימערן אף



א צוויי־צימערדיקער דירע. לאַנג האָבן זיי געזוכט א צוגעגנגלעכן וואריאַנט, לעסאָף האָבן זיי געפונען, עס זײַנען בלויז געבליבן די לעצטע פאַרמאַליטעטן. דאָס איז געווען אין יוני 1941. און אָט האָט אויסגעבראָכן די מילכאָמע... אַלץ האָט געפּלאַצט. די מאַמע איז דעמאָלט געווען אַן אינוואַליד מיט א קראַנק האַרץ. זי האָט ניט געאַרבעט און פולקום זיך אָפּגעגעבן א דין־וועכעזשבן אין דער געפאַר פון דער דײַטשישער אָקופּאַציע. זי האָט געפאָדערט, אַז בער זאָל זיך דערוויסן וועגן דער עוואַקואַציע פון קיִעוו, וועלכע איז פאַרגעשטאַנען די מיטגלידער פונעם שרײַבער־פאַרבאַנד. ווײַזט אויס, אַז מײַנע עלטערן האָבן ניט געקאָנט זיך אָנשליסן צו דער אָרגאַניזירטער עוואַקואַציע. זיי האָבן צונויפגענומען די סאַמע נייטיקע זאַכן — פיר גרויסע פּעק און א קליינינק קלומעקל פאַר מיר, זײַנען מיר אוועק צום האַפן, קעדיי מיט א שיף אוועקפאָרן פון קיִעוו.

דאָס ווערק פון זײַן גאַנץ לעבן — דעם קסאַוויאַד פונעם ראָמאַן וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן, ווי די מאַמע האָט מיר געזאָגט, — האָט בער געמוזט איבערלאָזן.

ווען מיר זײַנען געקומען צום האַפן, האָט בא די פאַרמאַכטע טויערן געברויזט א האַמוין. עמעצער איז אַרופגעקראָכן אַף די טויערן און געשריִען: „פרויען און קינדער — פאָרויס, מענער מיט די זאַכן — אין דער צווייטער ריי!״ די מאַמע האָט געזאָגט: „לאָמיר זיך האַלטן צוזאַמען, אַנדערש וועלן מיר אומקומען!״ מיר האָבן זיך פעסט גענומען פאַר די הענט, די קלומעקעס זײַנען געהאַנגען בא דער מאַמען און בא בערן אַפן האַלדז, איך האָב געטוליעט צו זיך מײַן קלומעקל. דער האַמוין האָט אונדז אַרײַנגעצויגן, פאַרדרייט. מיר האָבן זיך געסטאַרעט צוטוליען זיך איינער צום אַנדערן און ניט אָפּלאָזן די פעסט פאַרשלאָסענע הענט.

פּלוצעם האָבן די טויערן זיך פאַנאַנדערגעעפנט. דער האַמוין האָט א פלייץ געטאָן. די מיליציע האָט געפרוווט אײַנהאַלטן דעם אַנדראַנג פונעם האַמוין. דער אוילעם אָבער האָט אָפּגעשטויסן די שיטערע מיליצייִשע וואַנט, און אַלע האָבן אָנגעהויבן לויפן. עמעצער איז געפאַלן. איך מיין, אַז ווער עס איז געפאַלן, האָט שוין ניט געקאָנט אופשטיין. אַלפּי נעס זײַנען מיר געבליבן שטיין אַף די פיס. לויפנדיק, האָב איך געשריגן אַף קוילקוילעס פון ווייטיק און פּאַכעד. אַף אַזאַ אויפן האָט אונדז דער האַמוין אַרײַנגעשטופּט אין דער שיף. מיר האָבן זיך אײַנגעאָרדנט צו זיצן אַף די קלומעקעס. ס'איז אָנגעקומען דער אָוונט, און אין דער פינצטער האָט זיך אָנגעהויבן א באָמבאַרדירונג. ס'האָבן זיך געהערט אופרײַסן, דאָס אופּליעסקען פונעם וואַסער. אָט־אָט וועט פאַלן אַף אונדז א באָמבע. ס'איז אָבער אַלץ דורכגעגאַן בעשאָלעם. שפּעטער האָט עמעצער זיך דערוווּסט, אַז דער דײַטשישער פליִער איז געווען אַן אַנטיפאַשיסט, און ער האָט ניט באָמבירט די שטאָט — אַראָפּגעוואָרפן זײַן לאַסט אין דניעפּער. איך ווייס ניט, אַף וויפל דאָס איז ריכטיק. די שיף איז געווען איבערפולט, געשרייען, געוויינען, א פרוי מיט א זויגקינד האָט געוויינט — דער מאַן אירער מיט די זאַכן איז געבליבן אַפן ברעג.

איך געדענק ניט, ווען מיר זײַנען סאָפּקאָלסאָף אָפּגעשווומען. געבראַכט האָט מען אונדז קיין דניעפּראָפּעטראָווסק, פון דאָרט אין קוילן־וואַגאָנען — קיין סטאַווראָפּאָל (דעמאָלט וואָראָשילאָווסק). דאָרט האָבן מיר אָפּגעלעבט א האַלב יאָר, און ווידער געדאַרפט לויפן — די דײַטשישע כאַיאָלעס זײַנען שוין דערגאַנגען ביז יענע ערטער. מיר האָבן זיך צונויפגעשריבן מיט בערס שוועסטער — טײַבל, זי האָט זיך עוואַקויִרט קיין אָמסק. אָבער מיר האָבן ניט באַוויזן אָפּפאָרן פון סטאַווראָפּאָל — די דײַטשן זײַנען שוין געווען נאָענט. די עשעלאָנען האָבן זיך א קער געטאָן אַף דאָרעם, צו מאַכאַטשקאַלאַ. פון דאָרט האָט מען אונדז אַף א נאַפט־שיף איבערגעפירט קיין קראַסנאָוואָדסק.

דאָרט זײַנען מיר עטלעכע טעג געזעסן

אין דרויסן, געווארט ביזוואנען עס וועט פֿאָרמירט ווערן אן עשעלאָן. דאָס איז געווען אין דעקאבער 1941.

ענדלעך האָט מען אונדז ארײַנגעזעצט אין טעפּלושקעס, און מיר פֿאָרן. וווּהין? מיר האָבן ניט געוווּסט. געפֿירט האָט מען אונדז דורך דעם מידבער קארא־קום. קיין פֿענצטער זײַנען אין וואגאָן ניט געווען, בלויז א ברייטע טיר, וואָס מע פֿלעג פֿאנאנדערוקן. עמעצער האָט אָפּגעטראָטן דער מאמען דאָס אָרט בא דער טיר, קעדיי זי זאָל אן אָטעם טאָן מיט פֿרישער לופֿט, איך בין געשטאנען אנטקעגן דער טיר, בער איז געשלאָפֿן.

פֿלוצעם איז מיט דער מאמען עפּעס געשען. מענטשן האָבן זי ארומגערינגלט, אוועקגעלייגט. איך האָב זיך א ריס געטאָן צו איר, מע האָט מיך אָפּגעשלעפּט. עמעצער האָט געבראכט א פֿענדל מיט הייסער וואסער, אהין האָט מען אָנגעהויבן אראָפּלאָזן דער מאמעס הענט. אייניקע זײַנען אָפּגעגאנגען אין א זײַט, ווישנדיק די טרערן. איך האָב זיך דורכגעשלאָגן צו דער מאמען, איצט האָט מען מיך שוין ניט געהאלטן. אויס מאמע... איך בין געזעסן און געהאלטן דער מאמעס קאָפּ — ער האָט זיך אראָפּגעלאָזט אף א זײַט. ס'האָט זיך אופגעכאפּט פֿון שלאָף בער. „וואָס האָסטו אָפּגעטאָן? וואָס האָסטו אָפּגעטאָן?” האָט ער געהאלטן אין איין איבערכאזערן. ביידע האָבן מיר שטארק געוויינט. ער האָט מיר דעמלט געזאָגט: „איך וויל לעבן בלויז צוליב דיר”. שפּעטער האָב איך פֿארשטאנען, ווי שטארק ער האָט ליב געהאט מײַן מאמע. ער האָט געווארט אף איר דאָס גאנצע לעבן, ער איז דאָך געווען אן אלטער באָכער, זיי האָבן כאסענע געהאט, ווען ער איז אלט געווען מער פֿון 60 יאָר. און אָפּגעלעבט האָבן זיי צוזאמען סאכאקל צוויי יאָר...

די מאמע האָט מען געבראכט צו קווּרע אין אשכאבאד, און מיר זײַנען מיטן עשעלאָן געפֿאָרן ווײַטער, אין דער שטאָט קאניבאדאם, וואָס געפֿינט זיך אפֿן ברעג פֿונעם פֿערגאנער קאנאל. מע האָט אונדז אויסגעטיילט א גרויסן צימער — דאָס איז געווען א קיך פֿון געוועזענע קינדער־יאסלעס. דאָרט איז געשטאנען א ריזיקע פּליטע, וועלכע מיר האָבן ניט געקאָנט אָנהייצן. דאָס פֿײַער האָט געהודיעט אין דער פּליטע און איז געפֿלויגן ערגעץ פֿארבײַ. איין וואנט פֿונעם צימער איז געווען א גלעזערנע. אין די אָוונטן איז מיר געווען שרעקלעך — פֿארבײַ זײַנען דורכגעגאנגען שאָטנס.

בער איז זייער אָפּגעשוואכט געוואָרן. איינמאָל אפּדערנאכט איז ער צוגעגאנגען צו דער טיר און אָנגעהויבן אראָפּזעצן זיך. די אויגן האָבן זיך פֿארגלאָצט, ווי בא דער מאמען אין די לעצטע מינוטן. איך האָב אָנגעהויבן שרײַען, גערופֿן אים. געכאפּט א פֿלעשל מיט וואסער, געוואָלט אים באשפּריצן, אָבער די הענט מײַנע האָבן זיך געטרייסלט. איך האָב גאָרניט פֿארשטאנען און געשריִען: „בער, בערינקע! לאָז מיך ניט איבער אליין!” ער איז געקומען א ביסל צו־זיך — דאָס איז געווען כאלאָשעס. איך האָב אים געהאָלפֿן זיך דערקלײַבן צום בעט, אָנגעפּאָיעט. דאָס איז געווען א שוידערלעכער מאָמענט אין אונדזער לעבן.

געווען זײַנען אָבער אויך פֿריילעכע צופֿאלן. קאָכן האָב איך ניט געקענט. אינעם פּאיאָק פֿלעגן מיר אָפּט באקומען מעל. איז מיר געקומען אפֿן זיקאָרן, וויִאזוי די מאמע האָט געקאטשעט טייג. כ'האָב פֿאנאנדערגעקאטשעט בלעטלעך, אָנגעבראָקט לאָקשן און זיי אראָפּגעלאָזט אין א קאסטרוליע מיט קאלטער וואסער. ווען דאָס וואסער האָט אופגעזאָדן, האָט זיך אויסגעלאָזט, אז מײַנע לאָקשן האָבן זיך פֿארוואנדלט אין אן אונטערגעברענט געמישעכץ. מיר האָבן מיט בערן געלאכט איבער מײַן קולינארער קונסט און אופגעגעסן דאָס דאָזיקע געמישעכץ מיט „פֿארגעניגן”.

שפּעטער האָבן ווידער זיך אָנגעהויבן צאָרעס. בא בערן איז געשוואָלן געוואָרן א האנט, ס'האָט זיך בא אים אופגעהויבן די טעמפּעראטור. דער דאָקטער האָט אים צוגענומען אין שפּיטאָל אף אן אָפּעראציע. אין שפּיטאָל איז ער דערצו נאָך קראנק געוואָרן אף טיפֿוס און דיזענטעריע. מיך האָט מען צו אים ניט צוגעלאָזט. ער האָט אלץ איבערגעטראָגן און אָנגעהויבן זיך פּאָפּראווען. ס'איז געקומען אן אפּעטיט, דער שפּיטאָל־פּאיאָק האָט אים ניט געסטײַעט. עמעצער האָט מיר אונטערגעזאָגט, אז מע קאָן בעטן פֿאר אים אין שטאָט־סאָוועט א שרײַבער־פּאיאָק. דאָרט האָט מען פֿאר בערן ארויסגעגעבן פֿארשיידענע שפּײַז — א הון, א סלאָיִקל דזשעם, נאָך עפּעס־וואָס, איך געדענק שוין ניט. פּאריינס האָט מען מיך אויך געהאָדעוועט אין דער גאָרקיך פֿונעם שטאָט־סאָוועט — שוין לאנג האָב איך אין יענע צײַטן אזוי געשמאק ניט געגעסן.

בער איז געלעגן אין שפּיטאָל בא א האלב יאָר. ווען ער האָט זיך אויסגעשריבן, האָט ער אָנגעהויבן זוכן זײַן ברודער פֿײַוול. ער האָט אים געפֿונען אין אלמא־אטא, זיך צונויפֿגעשריבן מיט אים, און מיר זײַנען אוועקגעפֿאָרן קיין אלמא־אטא. נאָך דער אָפּעראציע איז בערס האנט געווען צעקאליעטשעט — די פֿינגער צונויפֿגעשרומפּן און האָבן זיך ניט געבויגן. ער האָט אָבער זיך צוגעפּאסט צו

שרײַבן מיט אַט דער האַנט. באַלד נאָכן קומען קײן אַלמאַ־אַטאַ האָט ער פֿון אינדערפֿרי ביז באַנאַכט אָנגעהויבן פֿאַרפֿאַלן ווערן אין דער צענטראַלער ביבליאָטעק — צונויפֿגענומען מאַטעריאַלן פֿאַר זײַן ראָמאַן.

אין 1946 האָט בער באַקומען אַן אײַנלאָדונג פֿון ביראָבידזשאַן, און מיר זײַנען אַריבערגעפֿאָרן אַהין. וועגן אומקערן זיך קײן קיִעוו איז קײן רייד ניט געווען, ווײַל מע האָט אונדז געשריבן, אַז עס איז דאָרט שאַרף געוואַקסן דער אַנטיסעמיטיזם. בער איז געפֿאָרן קײן ביראָבידזשאַן מיט פֿרייד, ער האָט געטרוימט אַרײַנפֿאַלן אין זײַן סוויווע. דעמאָלט איז נאָך געווען אין ביראָבידזשאַן אַ ייִדישע שול, אַ ייִדישער טעאַטער. בער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אינעם ייִדישן קאַנטקענטעניש־מוזיי אַלס פֿאַרוואַלטער פֿונעם אָפּטייל פֿאַר ייִדישער קולטור. דער אָפּטייל איז געווען אַ קלײנינקער — צוויי ניט־גרויסע צימערן, אין וועלכע עס זײַנען געווען מוסטערן פֿון ייִדישן רעליגיִעזן קולט, ייִדישע ביכער, פּאָרטרעטן פֿון העלדן־ייִדן אין דער גרויסער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע און העלדן פֿון דער מי.

בער האָט פֿאָרגעזעצט אַרבעטן איבערן ראָמאַן. אין 1948 בין איך אַוועקגעפֿאָרן קײן לענינגראַד זיך לערנען. מיט אים האָב איך רעגולער זיך איבערגעשריבן. ער האָט מיר מאַטעריעל געהאָלפֿן, ווײַל איך האָב געלעבט אין צוזאַמענוווינונג פֿונעם אינסטיטוט בלויז אַף דער סטיפּענדיע. בערס בריוו זײַנען געוואָרן אַלץ טרויעריקער, ער האָט געשריבן, אַז ער לײַדט פֿון אײנזאַמקײַט. אין דער דאָזיקער צײַט האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע כוואַליע פֿון מאַסן־רעפּרעסיעס. דעם ייִדישן טעאַטער אין ביראָבידזשאַן האָט מען פֿאַרמאַכט, אַ סאַך שרײַבער, פּאָעטן און אַרטיסטן האָט מען אַרעסטירט. בער האָט געשריבן, אַז ער איז געבליבן אַלײן. און 1949 האָט אונדזער קאָרעספּאָנדענץ זיך איבערגעריסן. איך האָב מיט אומרו אָנגעשריבן מײַנער אַ כאַווערטע, געבעטן אויסקלאָרן, וואָס עס איז געשען מיט בערן. ער איז דאַן אַלט געווען 72 יאָר. ווי עס האָט מיר שפּעטער דערציילט דער אַרטיסט פֿונעם ביראָבידזשאַנער טעאַטער אַראָנעס, האָט מען אים געמישפּעט אין אַ גרופּע פֿון 7 מענטשן. אַלע זײַנען פֿאַרמישפּעט געוואָרן אַף 10 יאָר לאַגערן. אַראָנעס האָט דערציילט, אַז מע האָט זיי אַלעמען באַשולדיקט אין דעם, אַז זיי האָבן געוואָלט אָנשליסן די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט צו אַמעריקע. אַז די באַשולדיקטע האָבן אַפֿילע געלאַכט, פֿרעגנדיק, וויאַזוי איז עס מעגלעך פֿאַרווירקלעכן טעריטאָריִעל? אַראָנעס האָט נאָך דערציילט, אַז בער האָט אין זײַן לעצט וואָרט איראָניש אָפּגעמערקט, אַז ער אַנטשולדיקט זיך פֿאַר די מאַכט־אָרגאַנען, וואָס ער וועט שוין ניט באַווײַזן אָפּצואַרבעטן דאָס ברויט, מיט וועלכן מע וועט אים האָדעווען אין לאַגער.

געפֿירט האָט מען זיי צוזאַמען מיט די קרימינעלע פֿאַרברעכער. בער האָט געבעטן אַרײַנזעצן אים אין אַן אײנצל־קאַמער, קעדיי מע זאָל זיך איבער אים ניט איזדיעקעווען. דערלויבט האָט מען בערן, ווי אַלעמען, צו שרײַבן בלויז צוויי בריוו אַ יאָר און בלויז צו אײן און דעם זעלבן מענטשן. ער האָט געשריבן צו זײַן שוועסטער טײַבל. דורך איר פֿלעג איך אים איבערגעבן מײַנע נײַעס, זיך דערוווּסט פֿון איר וועגן אים.

אין 1955 איז בער אַוועק אין דער אייביקײַט, און אין 1956 האָט מען די גאַנצע גרופּע צוזאַמען מיט אים רעאַביליטירט.

ס'איז געווען אומדערטרעגלעך צו טראַכטן, אַז מע האָט פֿאַרניכטעט אַ טאַלאַנטפֿולן מענטשן, פֿאַרניכטעט די מי פֿון זײַן גאַנץ לעבן. ווען איך האָב איבערגעלייענט, אַז אַ טייל פֿון בערס קסאַווייאַד, אין וועלכן ס'ווערט דערציילט וועגן דעם ייִדישן העלד באַר־קאָכבאַ, איז אָפּגעזוכט געוואָרן מיצאַד דער רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד", און ס'האָט זיך באַוויזן אַ האָפֿענונג, אַז די קאַפּיטלען פֿון זײַן ראָמאַן וועלן דערזען די ליכטיקע שײַן, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט קײן מאָסקווע, און די רעדאַקציע האָט מיר פֿאָרגעלייגט אָנשרײַבן די דאָזיקע זיכרוינעס. איך זאָג: ס'איז ניט פֿאַרלאָשן געוואָרן דער פֿונק, ניט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן דאָס לעבן פֿון אַ באַשיידענעם און זויבערן מענטשן. מאַנוסקריפּטן ברענען ניט!

מינע קאַנטאָר־גולקאָ
(אַדאָפּטירטע טאָכטער פֿון בער סלוצקי'ן)

כאַים מעלאַמוד

# אזעלכע פאַרשיידענע ליבעס

## לייבעלע שוסטער

א קליין, מאַגער וואַלקנדל איז איבער עפּעס אָפּגעשטאַנען פון א גרויסער טשערעדע גראָבע און פעטע וואָלקנס, וואָס האָבן שטאַרק געיאָגט איבערן זומערדיקן הימל פאַר־פאָלגטע און אונטערגעשמיסענע פון א בייזן און סאַרפּענדיקן ווינט. שטאַרק צעפּאָלאַכעטע האָבן זיי זיך אָנגעוואָלגערט איינער אויף דעם אַנדערן, צוגעפּלעטשט זיך אַלץ נידעריקער צו דער ערד, און ס'האָט זיך געדוכט, אַז זיי פאַרדעכעַן זיך פון אָט דעם מעשונעדיקן געיעג, סאָפּען האסטיק און הילכיק, און מע זעט מאַמעש, ווי זיי בלאָזן זיך אָן, סטאַרען זיך איבערכאַפּן דעם אָטעם. זיי האָבן געיאָגט אַלץ ווײַטער און ווײַטער, פאַרוקט זיך העט ווײַט צום האָריזאָנט, און אפגיך אַריבערגעשפּרונגען איבער אים. בלויז אָט דאָס בידנע כמאַרעלע, וועמען די קויכעס זײַנען, אפּאָנעם, אויסגעגאַנגען, איז געבליבן הענגען איינס אַליין איבערן אויסגעלײַטערטן הימל. א פאַרקרימטס, מיט אָן א שיר מעגושעמדיקע שפּיצן, איז דאָס שלאָבעריק אַרומגעשוווימען אַהין און אַהער, ווי א פאַרבלאָנדזשעט קעלבעלע, וואָס איז אָפּגעשטאַנען פון דער טשערעדע.

— נאַריש קעלבל וואָס דו ביסט...

דאָס רעדט אַרויס לייבעלע שוסטער, פאַריסן דעם קאָפּ אַרויף און צוגעזשמורעט די אויגן. ער שפּירט נאָך נאָך דעם איינזאַם כמאַרעלע און רעדט צו דעם, ווי צו א לעבעדי־קער בריַיע:

— נאַריש קעלבל, וואָס יאָגסטו עס אַרום אַהין און אַהער? דײַנע זײַנען דאָך אוועק אַהין, אויף מיזרעוו, און זײַנען שוין אַריבער אויף יענער זײַט.

— אוי, נאַרישע קעלבעלעך, — כאַזערט ער איבער מיט א זיפץ און מיט א שמײכל, און זײַנע צוגעזשמורעטע אויגן קוקן זיך אײַן שוין ניט אין דעם הימל, נאָר אין זײַנע איי־גענע, שוין ווײַט פאַרפלויגענע יונגע יאָרן. פיל ווײַטער, ווי די וואָלקנס אפּן הימל. און ער מיינט דערבײַ זיך אַליין און זײַן זלאַטקען, מיט וועמען ער האָט געדאַרפט שוין אָט־אָט כאַסענע האָבן, און מע האָט זי אויסגעכאַפּט בא אים, מאַמעש פון די הענט אַרויסגעריסן, כאָטש, וואָס איז זלאַטקע געווען שולדיק? עפּשער טאַקע ער אַליין. נאָר אויב גוט א טראַכט טאָן...

און טראַכטן האָט ער ליב, לייבעלע שוסטער, און טאַקע איבער אָט די טראַכטענישן איז געבראָכן געוואָרן אזא שיינע און הייסע ליבע.

פיר שוסטער־יונגען זיינען זיי געווען בא זוסיע דעם האַרבאַטן, א בייזן יידן מיט א מעסוקענער אקשאַנעס. ער איז אליין אלע זיינע יאָרן אָפּגעזעסן אפן שוסטער־בענקעלע פון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט, און, אפּאַנעס, געוואָלט, אז זיינע געהילפן זאָלן אויך ווערן אזעלכע האַרבאַטע. ער האָט דערביי זיי צוגעזאָגט גאָלדענע בערג. יענע דריי האָבן געלאָזט זיך איינרעדן, נאָר ער, לייבל, ווי זאָל מען דאָס דערקלערן, ס'האָט אים פאַרטשעפּעט. טאקע איבער זיינע טראַכטענישן האָט ער פיל נעכט זיך ארומגעטראָגן מיט זיינעם א סאָד, וועגן וועלכן בלויז איין זלאַטקע האָט געוווּסט. דער סאָד איז באַשטאַנען פון גאַנצע פּעקלעך פלוגבלעטלעך קעגן די רומענישע אָקופּאַנטן, קעגן עקספּלואַטאַציע און אומגערעכטיקייט. זי, זלאַטקע אליין, איז אויך געווען א ביסל פאַרמישט אין דעם סאָד. אָפּטמאָל האָט זי אויסבאַהאַלטן די פּראָקלאַמאַציעס בא זיי אין אַלקערל אונטערן בעט.

האָבן זיי ביידע זיך ארומגעטראָגן מיט צוויי גרויסע סודעס: מיט זייער ליבע און מיט דער רעוואָלוציע. און ניט ווייט פון זייער שטעטל איז געווען דער דניעסטער. און פון יענער זייט דניעסטער... פון דעם זיינען עס באַשטאַנען זייערע נעכט, ווען זיי האָבן שווייגנדיק געקוקט אף דער ווייטער לעוואָנע און אף דעם נאָענטן טייך. און ס'האָט שוין געהאַלטן בא א כאַסענע. מע האָט שוין געקאָכט און געבאַקן, און פון גדאַליע דעם צעלניקערס שטוב האָט איבער דער גאַנצער גאַס געשמעקט מיט געשמאַקע פלאָדנס און מיט צוגעברענטן לעקעך. נאָר גראָד יענעם טאָג, ווען מע האָט געדאַרפט גיין צו דער כופּע, האָט דער כאָסן ניט געסטייעט, ווי אין וואַסער אריין. ערשט אין עטלעכע טעג ארום האָט מען זיך דערוווּסט, אז אין א נאָענטן דאָרף האָט ער זיך געפּאַקט מיט א פּעקל פלוגבלעטלעך, און מע האָט אים מיט גרויס קאָוועד אריבערגעפּעקלט אין טורמע, ווו ער איז אָפּגעזעסן גאַנצע צוויי יאָר.

באַם אריינגאַנג צום גרויסן און געראַמען הויף, אין וועלכן עס געפינען זיך די צוויי סאַמע וואַזשנע און בעקאָוועדיקע אנשטאַלטן — דער ראַיקאָם פון פּאַרטיי און דער ראַיאויספּירקאָם, שטייט ניט קיין גרויס, פיין אונטערגעפאַרבט שוסטער־ביידל, פאַר איין מענטשן צוגעפּאַסט. דאָ זיצט עס אָפּ לייבל שוסטער יעדן טאָג פון גאַנצפרי ביז פאַרנאַכט, זומער און ווינטער, אין רעגנס און אין שנייען, אין פרעסט און אין זאַווייען, דאָ, אין אָט דעם ביידל, קאָן מען אפגיך לייגן א לאַטקעלע, צופּראַווען אן אָפּגעריסענע פּאָדעשווע, אויסגלייכן א פאַרקרימטן אָפּצאַס און פיל אנדערע קלייניקייטן, וואָס טרעפן זיך מיט א מענטשן אונטערוועגס. דאָ קאָן מען אויך כאַפּן א שמועס וועגן וועלט־זאַכן און דערוויסן זיך וועגן פאַרשיידענע ראַיאָנישע נייעס. אז ס'איז דאָ א פרייע שאָ, באַקוקט ער דעם צוגעפּוצטן אוילעם, וואָס גייט אריין און קומט ארויס פון אָט דעם הויף, אָדער ער פאַרקוקט זיך אפן הימל, אף די גרויסע און פעטע וואָלקנס און די קליינע און מאָגערע כמאַרעלעך, און באַטראַכט דערביי זיין אייגן, א ביסל אויסטערליש לעבן, פול מיט אומדערוואַרטקייטן און אויסערגעוויינלעכע פּאַסירונגען, אין וועלכע ס'איז אים איצט, אף דער עלטער, אליין שווער צו גלייבן. זיין גרוי און שיטערלעך בערדל ציטערט דערביי אונטער מיט א דריבנע ציטערל, און פון די אויגן טוט אמאָל א רין אראָפּ א גרויסע און וואַרעמע טרער.

אלע צוויי לאַנגע און שווערע יאָר, ווען ער איז געזעסן אין דער טורמע ערגעץ טיף אין רומעניע, האָט ער ניט אופגעהערט טראַכטן וועגן זיין זלאַטקען און וועגן דעם ביטערן שפּיצל, וואָס דאָס לעבן האָט מיט אים אָפּגעטאָן, אוועקגעשלעפּט אין אויסערייסעניש סאַמע ערעוו דער כאַסענע. בא יעדער געלעגנהייט האָט ער איר געגעבן צו וויסן וועגן זיך, אז ער לעבט, הערט ניט אוף טרוימען און טראַכטן וועגן איר און אז ווי נאָר ער וועט ארויס פון דער טורמע, וועלן זיי גלייך פּראַווען די כאַסענע. זי, זלאַטקע, האָט אויך בא יעדער געלעגנהייט אים איבערגעגעבן, אז זי וועט וואַרטן אף אים וויפל מע וועט דאַרפן. דאָס איז פאַר אים געווען גענוג, ער זאָל אין די אלע פינצטערע נעכט ניט אופהערן טראַכטן וועגן איר. און אָפּטמאָל געזען זי אין כאָלעם.

אזוי האָט ער זיך אָפּגעמוטשעט די צוויי יאָר ביזן לעצטן כוידעש, ווען ער האָט אָנ-

געהויבן ציילן ניט די טעג, נאָר די שאָען און מינוטן. און ער וואָלט אזוי בעשאָלעם דערצויגן ביזן סאָף, ווען ניט דער שטרײַק, וואָס די אסירים האָבן אופגעהויבן, א שטרײַק קעגן די אכזאָרי׳עסדיקע באצי׳ונגגען פון די אופזעער. נו, און ווײַבאלד א שטרײַק, מוז מען האָבן א פלוגבלעטל, א פּראָקלאמאציע. קיין גרויסער ווייסער אין די דאָזיקע איניאָנים איז לייבע ניט געווען. נאָר פיל פלוגבלעטלעך, וואָס ער האָט ארומגעטראָגן איבער די דערפער, האָט ער אויסגעכאַזערט אַף אויסווייניק. האָט ער געקראָגן א פּאָר בייגעלעך פּאַפּיר און מיט גרויסע און קרומע אויסי׳עס אָנגעשריבן צוויי פלוגבלעטלעך, פול מיט צאָרן קעגן די הענקער. און ער האָט זיך געפּאַקט.

האָט מען אים גלייך אויסגעשמיסן, פארשלעפּט אין פינצטערן קעלער און פארשלאָסן אין איינצל-קאַמער. איז שוין געוואָרן אויס טאָג און אויס נאכט, אויס שאָען און מינוטן. וואָס צו ציילן איז שוין ניט געווען, האָט ער געקאָנט בלויז בעטן בא גאָט און בא זײַן זלאטקען, זיי זאָלן אים ראטעווען פון זיכערן טויט. אזוי האָט געדויערט... נאָר וויפל האָט ער געדויערט, איז אים שווער באשטימען, ווײַל אים האָט זיך געדוכט, אז ער ליגט אין אָט דעם קייווער א לעבעדיקער ווער ווייסט וויפל יאָרן. אין איינער אזא פינצטערער מינוט האָט זיך אָן עפן געטאָן דער קארצער און ס׳איז ארײַנגעקומען אָן אָפּיצער מיט צוויי סאָלדאטן. דער אָפּיצער האָט ארויסגענומען פון דער בוזעם-קעשענע א פּאַפּירל, און אין נאָמען פונעם קייסער פון רומעניע אים פאָרגעלייענט דעם אורטייל. אזוי און אזוי, פאר די און די פארברעכנס, מיט איין וואָרט — אופהענגען. און טאקע דאָ, אין דער קאַמער. האָבן די צוויי סאָלדאטן גענומען גרייטן א טלי׳ע, באפוילן אים אופשטעלן זיך אפן טאבורעטל און ארײַנרוקן דעם קאָפּ אינעם שלייף. ערשט דאן האָט דער אָפּיצער זיך געכאַפּט, אז פארן אופהענגען דארף דער פארמישפּעטער זיך מיסוואַדע זײַן, און באפוילן איינעם פון די סאָלדאטן ברענגען דעם טורמע-גאַלעך.

און ער, לייבל, שטייט אפן טאבורעטל מיטן שטריק אפן האלדז, ער שטייט און עס מאָרדעוועט מיט אים, ווי אין א קאַדאָכעס. און בלויז איין זאַך האלט ער אין איין איבערכאַזערן: זלאטקע, ראטעווע מיך.

געקומען איז דער גאַלעך מיט א גרויסן ציילעם אין דער האנט און איידער עפּעס וואָס געפרעגט בא אים.

— פון וועלכן גלויבן ביסטו?

— א ייִד, — האָט ער קוים ארויסגערעדט.

— אויב אזוי, — זאָגט דער גאַלעך, — טאָר איך ניט. מע דארף שיקן נאָכן היגן ראָוו.

איז דער צווייטער סאָלדאט אוועק אין שטאָט אָפּזוכן דעם ראָוו.

און ער, לייבל, שטייט אפן טאבורעטל מיטן שטריק אפן האלדז.

לאנג, זייער לאנג האָט מען געזוכט דעם ראָוו. לייבל האָט זיך שוין קוים געהאלטן אַף די פיס. אים האָט זיך געדוכט, אז אָט-אָט כאַלעשט ער און וועט פון זיך אליין דערוואָרגן ווערן.

ערשט אין א צײַט ארום האָט זיך געיאַוועט א צווייטער אָפּיצער, שטארק א פארסאָפּעטער, און דערזען לייבלען אפן טאבורעטל, אפגיך אויסגערופן:

— אין נאָמען פונעם קייסער! דער אורטייל ווערט אָפּגעשאפן.

צי איז דאָס געווען אפאנעמעסן, צי ניט מערער, ווי א שפּיל, וואָס די טורמע-נאטשאלסטווע האָט אָפּגעשפּילט ארום אים, ער זאָל, הייסט עס, פארשטיין, מיט ווער ער האָט צו טאָן. נאָר יענע מינוטן, ווען ער איז געשטאנען א ניט-דערהאנגענער מיטן שטריקל אפן האלדז, זײַנען פארבליבן אין אים אפן גאנצן לעבן, מיט א שארפן שניט ניט אפן האלדז, נאָר טיף אינעווייניק, א שניט, וואָס לאָזט פון צײַט צו צײַט זיך פילן מיט א ברי׳ענדיקן, בראָטנדיקן ווייטיק.

אין א וואָך ארום האָט מען אים באפרײַט. ס׳האָט געהייסן באפרײַט, נאָר ער איז געווען נאָך ניט אינגאנצן פרײַ, פון דער טורמע האָט מען אים ארויסבאגלייט מיט א קאָנוואָי, מע האָט אים דערקלערט, אז די דאָקומענטן וועט ער באקומען אין טשערנאָוויץ, דאָרט, וווּ מע האָט אים געמישפּעט, האָט ער געמיינט, אז אין טשערנאָוויץ וועט ער זיך פארהאלטן ניט

מער ווי א שאַ, און גלײַך אהיים. און דער אומגעדולד איז געווען גרויס. די נארישקייט עפשער נאָך גרעסער, האָט ער גלײַך טעלעגראַפירט, אז אין א טאָג ארום וועט ער זײַן אינדערהיים. מע זאָל שוין גרייטן די כאסענע. האָט מען בא געדאליע דעם צעלניקער ווי־דער געגומען קאָכן און באקן, און איבער דער גאנצער גאס האָט ווידער געשמעקט מיט פעטע יויכן, זיסע פלאָדנס און איבערגעברענטן לעקעך. נאָר ס׳האָט געטראָפן אזוינס, וואָס קיינער האָט ניט געקאָנט פאָרויסזען. קיין טשערנאָוויץ איז ער אָנגעקומען פארנאכטלעך, די קאנצעלאַריע פון דער טורמע איז שוין געווען פארמאכט, איז אים אויסגעקומען איבער־נעכטיקן נאָך א נאכט אין דער טורמע. די היגע טשינאָווניקעס האָבן, אפּאָנעם, ליב געהאט הוליען ביז שפּעט אין דער נאכט און דערנאָך שלאָפן ביז האלבן טאָג. די דאָקומענטן האָט ער באקומען ערשט נאָכן מיטיק. און ביז וואָס־ווען...

אוי, אָט דער „ביז וואָס־ווען״... בא געדאליען אין שטוב איז שוין אלץ געווען פארטיק. אָט־אָט האָט מען געדארפט גיין צו דער כופּע, און דער כאָסן איז ניטאָ.

געדאליע האָט זיך געזידלט, געשאָלטן לייבעלען און די גאנצע וועלט. און ניט אופגע־הערט טײַנען:

— אזא העזעק, אזא ביזאַיען! שוין דאָס צווייטע מאָל!

און זלאטקע האָט שטיל באווײנט איר ביטער מאזל.

ווען צו דער כופּע איז פארבליבן ביז גאָר ווייניק, איז געדאליע אוועקגעלאָפן צו זוסיע דעם האָרבאטן.

— האָסט עפּעס צווישן דײַנע שוסטער־יונגען א לײַטישן כאָסן? — האָט ער געפרעגט בא אים.

אָפּגעקליבן איינעם מיט א פארברוינט פּאָנעם און מיט געדיכטע קוטשערן, האָט ער א פרעג געטאָן:

— ווי רופט מען דיך?

— שימקע.

— ווילסט כאסענע האָבן?

— אוואדע וויל איך. אבי א שיינע קאלע און א לײַטישער נאדן.

— איז טו זיך שוין איבער, מע דארף גיין צו דער כופּע.

ווען לייבעלע איז דעם צווייטן טאָג געקומען אהיים, איז שוין געווען נאָך אלעמען. אָט ווען אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מע האָט ארויסגעשטויסן דאָס בענקל פון אונטער זײַנע פיס און דער שטריק האָט אָנגעהויבן פארציִען זיך איבערן האלדז.

דאָס שטעטל האָט געראַשט, דאָס שטעטל האָט געטומלט, ווײַל זינט דאָס שטעטל שטייט אף דער וועלט, איז דאָ נאָך אזוינס ניט געשען. און ווען לייבעלע האָט זיך באוויזן אף דער גאס, האָבן אים באגלייט צענדליקער אָפּשפּעטנדיקע בליקן. און ער האָט געהערט, ווי מע רעדט הינטער זײַנע פּלייצעס:

— ווי געפעלט אײַך דער כאָסן? פארשפּעטיקט אף דער אייגענער כאסענע.

— אוי, נאריש קעלבל...

דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס ער האָט געזאָגט זלאטקען, ווען זיי האָבן, טאקע דעם זעלבן אָוונט, זיך באגעגנט. זלאטקע איז צוגעפאלן צו אים מיט א ביטערן געיאָמער, באקלאָגט איר ביטער מאזל, איבער וועלכן זייער שיינע ליבע איז צעשטערט געוואָרן. דער־בײַ איז זי אָנגעפאלן אף אים:

— ווו ביסטו עס פארפאלן געוואָרן?

— און דו האָסט ניט געקאָנט צוווארטן נאָך א טאָג?

— ס׳איז ניט איך, ס׳איז דער טאטע, ער איז געווען שטארק אָנגעבייזערט. שוין דאָס צווייטע מאָל.

און ער, לייבל, האלב מיט רויגעז און האלב מיט ראכמאָנעס:

— אוי, נאריש קעלבל.

— ווייסט וואָס? — האָט זי זיך אָנגערופן, — לאָמיר אנטלויפן.

— ווּהין?

— אפילו אין עק וועלט.

— און ווו איז ער, דער עק וועלט? — האָט ער דערווידערט. די וועלט, זי האָט בכלל ניט קיין עק. און מײַן אייגענע וועלט אוואדע ניט. הײַנט דאָ, מאָרגן דאָרט.

— סײַווי. איך וועל גיין מיט דיר.

— ניין, ניין. דאָס ניט, בעשום־אויפן ניט. איך אליין. דו ווייסט, אז איך בין שוין געווען אן אופגעהאנגענער?

— אוי, ווי איז מיר! — און זי האָט ווידער זיך צעוויינט.

און ער, לייבעלע, מיט א טיפן זיפץ:

— אפּאָנעם, ניט באשערט... אפּאָנעם, אז ביידע זאכן אינאיינעם פּאָרן זיך ניט — ליבע און רעוואָליוציע.

— פארוואָס, פארוואָס? — האָט זי אויסגעשריגן א פארצווייפלטע.

נאָר אף דער פראגע האָט ער ענטפערן ניט געקאָנט.

באם ארײַנגאנג צו דעם צווייגאָרנדיקן מויער הענגט א גרויסע ערן־ברעט, אף וועלכער עס זײַנען ארויסגעשטעלט די פאָטאָגראפיעס פון די פאָרגעשריטענע מענטשן פון ראיאָן — ארבעטער און רינגלערנס, מעכאניזאטאָרן און קולטור־טוער. פון מאָל צו מאָל נעמט מען עמעצן אראָפּ און מע פארבײַט מיט אן אנדער פאָטאָ. קיינעם וווּנדערט עס ניט, ווײַל אזוי גייט דאָס לעבן. ער, לייבל שוסטער, זיצט דאָ, ווי א לעבעדיקער צוגאָב צו דער ערן־ברעט, א באשטענדיקער און אן אומפארבײַטלעכער — א שטיקל לעבעדיקע געשיכטע פונעם ראיאָן, מיט זײַן נעכטן און מיט זײַן הײַנט. ער, לייבל אליין, און דאָס ביסל שוסטער־געצײַג, מיט וועלכן ער אייסעקט זיך, ווי דאָס שוין אויסגעריבענע און אונטערגעלאטעט קעסטעלע, אין וועלכן ער טראָגט דאָס געצײַג אף דער ארבעט און פון דער ארבעט. ווײַל אויך דאָס געצײַג און דאָס קעסטעלע זײַנען פארבונדן מיט זײַן אונטערערדישער טעטיקײַט.

יענעם ווײַטן, שוין ביז גאָר ווײַטן פארנאכט, נאָך דעם ביטערן שמועס מיט זלאטקען, איז ער נעלעם געוואָרן פונעם שטעטל אף גאנצע צען יאָר. ער האָט ארומגעוואנדערט איבער די ארומיקע דערפער מיט אָט דעם קעסטעלע, וואָס ער אליין האָט אויסגעמײַסטערט, און מיטן ביסל שוסטער־געצײַג. ווו אָפּגעארבעט א וואָך, ווו א גאנצן כוידעש און ווו ניט מערער פון איין טאָג. ס׳האָט אָפּגעהאנגען פון דעם, וואָס פאר אן אופטראָג ער האָט באקומען פונעם אונטערערדישן צענטער, און ווייניק־וויער ס׳האָט געוווּסט, אז אָט דאָס קעסטעלע און אָט דאָס שוסטערוועזן איז ניט מערער, ווי א שירמע, אז אונטער דעם ביסל געצײַג ליגט שטענדיק א פּעקל פּראָקלאמאציעס, אין וועלכע עס איז ארויסגעדריקט די קריוודע און דער צאָרן פון די אונטערדריקטע קעגן די אָקופּאנטן.

א שוסטער איז ער געווען ניט קיין געהויבענער. א שוסטער א לאטוטניק, נאָר לייגן א לאטקעלע, צופראווען א פּידמעטקע האָט ער געקאָנט ניט ערגער פון פיל אנדערע. מערער האָבן די היגע פּויערים ניט געדארפט. קיין נײַע שטיוול צי גרינגע שיכעלעך האָט מען זיך דאָן ניט גענייט.

פאר די צען יאָר האָט ער בלויז נאָך איין מאָל זיך געפּאקט מיט די פלוגבלעטלעך און אָפּגעזעסן טאקע אין דער זעלבער טורמע דרײַ יאָר. נאָר ער האָט שוין געוווּסט, ווי אופירן זיך, עס זאָל ווידער ניט דערגיין צו דער טליע.

אין די אלע יאָרן, סײַ ווען ער האָט ארומגעוואנדערט איבער די דערפער און סײַ ווען ער איז געזעסן אין טורמע, איז אים געשטאנען פאר די אויגן זלאטקע, א פארקישעפנדיקע אין איר צעשויבערטקײַט, און אים האָט ניט אופגעהערט קלינגען אין די אויערן איר יאָמערנדיקע שטים און איר פראגע, פול מיט פארצווייפלונג:

— פארוואָס, פארוואָס?

אין יענע אומפארגעסלעכע טעג פון יון פונעם פערציקסטן, ווען אין בעסאראביע איז ארײַנגעקומען די רויטע ארמיי, האָט אין שטעטל זיך באוויזן לייבעלע שוסטער. דאָס האָט

בא אלעמען ארויסגערופן שטוינונג און פרייד. ניט וויניקער, ווי אלץ דאָס איבעריקע, וואָס איז געשען אין יענע טעג, ווען בעסאראביע איז באפרייט געוואָרן פון די רומענישע אָקו־פאנטן. אלעמאָל האָט אן אנדערער אויסגערופן:

— זע, לייבעלע שוסטער!

— אוי, לייבעלע שוסטער, איך זאָל אזוי האָבן א גוט יאָר!

ווען דאָס גוטע יאָר האָט זיך געענדיקט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, האָט לייבעלע פארגראָבן אין א זיכער אָרט דאָס קעסטעלע מיטן ביסל געציַיג און איז פרײַ־וויליק אוועק אפן פראָנט. און ווען די מילכאָמע וועט זיך ענדיקן, און אויב ער וועט ארויס פון איר א לעבעדיקער...

אלע פיר יאָר האָט לייבעלע אָפּגעדינט אין א שיסער־ראָטע און אויסגעשטאנען אלץ, וואָס דער בארימטער פעכאָטע איז אויסגעקומען אויסשטיין: דורכגעמאכט צופוס פילוויאָר־סטיקע מארשן, אָפטמאָל געקראָכן אף אלע פיר, געפרוירן אין די אָקאָפּעס און געגאנגען אין אטאקעס, ארויסגעשטעלט די ביקס פאָרויס, און ניט איין מאָל שיר ניט געבליבן ליגן אפן שלאכטפעלד אף שטענדיק.

א פארהארטעוועטער, אן אָפּגעסארפּעטער אף דורך און דורך, אן אויסגעצויגענער און א ביסל א העכערער, האָט ער אין איינעם א זומערדיקן פארנאכט זיך באוויזן אף דעם אָרט, ווו ס'איז אמאָל געווען זײַן שטעטל. נאָר געטראָפן בלויז פארקוילטע, פארשטויבטע כורוועס און קופּעס אש. זעלטן, ווו ס'איז איינזאם געשטאנען א גאנץ־געבליבענע שטוב. ער איז צוגעקומען צו דעם אָרט, ווו ס'איז אמאָל געווען זייער שטוב, און געבליבן שטיין א פארגליווערטער, ער האָט בלויז אראָפּגענומען די פּילאָטקע, ווי לעבן א בארמינען. אָט אזא, מיטן רוקזעקל אף די פּלייצעס, מיט דער שינעל אף איין האנט, מיט דער פּילאָטקע אין דער צווייטער, האָט זלאטקע אים דערקענט נאָך פונדערווײַטנס. זי איז צוגעפאלן צו אים, ארומגעכאפּט מיטביידע הענט און זיך צעיאָמערט, ווי אין יענעם ווײַטן, שוין גאָר ווײַטן פארנאכט נאָך דער לעפּישער כאסענע.

— ס'איז איבער מיר! איבער מיר איז שימקע אומגעקומען אף דער מילכאָמע!

— פארוואָס איבער דיר?

— ווײַל איך האָב אים ניט ליב געהאט! און ער האָט געוווּסט וועגן דעם! איך האָב די גאנצע צײַט ליב געהאט נאָר דיך!

אירע ווערטער האָבן אים א שניט געטאָן אונטערן הארצן מיט זייער אומדערהערט־קײַט, מיט זייער אומדערלאָזבארקײַט, באזונדערס אָט דאָ־אָ, צווישן די כורוועס. נאָר זײַן פראגע איז געווען ניט וויניקער לעפּיש:

— און ער דיך האָט ליב געהאט?

— פונוואנען האָב איך געזאָלט וויסן?

זי איז געשטאנען פאר אים א צעשויבערטע מיט סימאָנים פון פריִער גרויקײַט אף אירע געדיכטע לאָקענעס, און אים האָט זיך געדוכט, אז ער זעט, ווי איר הארץ האלט אין איין בלוטיקן, פול מיט ווייטיקן און אומויסדריקלעכן טרויער. און ער האָט ניט געקאָנט באשטימען, פון וואָס האָט בא אים אויך אזוי פארקלעמט באם הארצן: פון אייגענעם ווײ־טיק, פון ראכמאָנעס צו איר, צי פון ליבע, פון דער ניט־אויסגעוועפּטער ליבע צו זײַן זלאט־קען, וואָס האָט מיטאמאָל ווי אָפּגעבריט אים, אָפּגעבריט פון קאָפּ ביז די פיס.

— און דײַנע עלטערן? — האָט ער געפרעגט און פארהאקט זיך. ער האָט מוירע גע־האט פרעגן אויך וועגן זײַנע עלטערן.

— אומגעקומען. מײַנע און דײַנע. טאקע אָט דאָ־אָ. נאָר איך האָב באוויזן ארויס־ראטעווען זיך. וואָס זשע בין איך שולדיק?

— ביסט מיט גאָרנישט ניט שולדיק, זלאטקע. קיינער פון אונדז איז ניט שולדיק.

זיי זײַנען געשטאנען איינער קעגן אנדערן, ארומגערינגלט מיט א בעסוילעמדיקער שטילקײַט, אוןביידן האָט זיך געדוכט, אז כוץ זיי איז איבערן גאנצן ארום קיין לעבעדיקער נעפעש ניטאָ, נאָר זיי איינע אליין אין דער גאנצער וועלט. זיי זײַנען געשטאנען און א צײַט געשוויגן, צו לאנג געשוויגן, ניט געוווּסט, ווהין און וויאזוי פארקערעווען זייער שמועס.

— וואָס שווייַגסטו? — האָט זי געפרעגט בא אים.
— איך טראַכט.
— וועגן וואָס טראַכסטו?
— איך וויל אויסרעכענען, וויפל בין איך אַלט. פאַרשטייסט, וואַנדערנדיקע טורמעס, מילכאָמע, און איך האָב פאַרלוירן דעם כעזשבן... מיר דוכט זיך...
אפאַנעם, אַז זי האָט זיך דערשראָקן פאַר זייַנע כעזשבוינעס, ער זאָל ניט מיינען, אַז ער איז שוין צו אַלט, און דאָס האָט איר צוגעגעבן דרייסטקייַט און אָנטשיידנקייַט.
— איצט האָב איך קיינעם ניט, — האָט זי אַרויסגעזיפצט. — נאָר דיך, נאָר דיך! — האָט זי איבערגעכאַזערט, ווי אַ ווייגעשריי.
ס׳איז געווען אַרויסגעזאָגט, אַרויסגעשריגן אַזוי פּילדייַטיק און אַזוי אומפאַרשטעלט, גלייַך זי האָט די פולע רעכט אויף דעם דערפאַר, וואָס זי האָט די אַלע יאָרן אים ניט אויפגעהערט ליב האָבן.
און שוין... גלייַך עס זייַנען ניט געווען קיין צען יאָר פון הוילן נאַווענאַד און פון אומדערטרעגלעכער בענקעניש, גלייַך עס זייַנען ניט געווען אָט די פיר שווערע און בלוטיקע מילכאָמע־יאָרן מיט זייערע אומגעהייַערע אומפאַרפולבאַרע פאַרלוסטן. ער האָט געזען פאַר זיך זייַן זלאַטקען אין איר אַמאָליקער, פאַרקישעפנדיקער שיינקייַט און אים האָבן אַ קלונג געטאָן אין די אויערן איר פאַרצווייפלטע טייַנע — פאַרוואָס, פאַרוואָס?
— וווהין זשע קלייַבסטו זיך גיין? — האָט זי געפרעגט, פול מיט פלאַטערנדיקער האָפענונג.
— איך ווייס אַליין ניט.
— איז קום צו מיר. אונדזער שטוב איז געבליבן גאַנץ.
זיי האָבן זיך גלייַך דערפילט פּיליאָריק היימיש, פּיליאָריק אייגן. אייַנגעהילט אין יונגער צערטלעכקייַט, וואָס האָט אַפּטמאָל אַ שטאָך געטאָן מיט פיל פאַרדראָסיקס, מיט פיל טרויעריקס און מיט פיל אַזעלכן, וואָס זיי איז שווער געווען דערקלערן.
וויפל זשע יאָרן זייַנען אַוועק פון יענעם פאַרכמורעטן פאַרנאַכט? ער פּרוּווט אַמאָל אויסרעכענען און אונטערעכענען, נאָר פאַרפּלאָנטערט זיך אין זייַנע כעזשבוינעס. ער טוט דערבייַ אַ גלעט זייַנע סאָלדאַטישע, שוין ווייַסלעכע וואַנצעס, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פון דער מילכאָמע אינאיינעם מיט די באַלוינונגען, און דאָס שיטערע בערדל, אייַנגאַנצן אַ נאָכמילכאָמעדיקס. געווען גראָד אַ צייַט, ווען ער האָט געוואָלט אָפּגאָלן סייַ די וואַנצעס, סייַ דאָס בערדל, נאָר זלאַטקע האָט געזאָגט, אַז מע דאַרף ניט, איר געפעלן שטאַרק די וואַנצעס. און אַז זלאַטקען געפעלט, איז פאַרוואָס טאַקע ניט?
אין ראַיקאָם האָט מען אים פאָרגעלייגט עטלעכע שטעלעס: אַ פּאָרזיצער פון אַ דאָרפראַט, אַ פאַרוואַלטער פון אַ מאַגאַזין אָדער אַן אינסטרוקטאָר פון ראַיקאָם. זאָל ער זיך אויסקלייַבן, וועלכע ער וויל.
— איך וויל זייַן אַ שוסטער.
— ביסט דאָך אַ פּאַרטייער! — האָט מען אים פאָרגעוואָרפן.
— וואָס זשע? אַ פּאַרטייער מוז זייַן אַ נאַטשאַלניק?
— אָבער דו האָסט דאָך געקעמפט! אַזויפיל יאָרן אין אונטערערד!
— איך האָב געקעמפט ניט פאַר זיך, — האָט ער אָפּגעענטפערט.
— וואָס הייסט ניט פאַר זיך!
— איך מיין... ס׳הייסט... אין דעם גייט עס דאָך...
ער האָט געוואָלט זאָגן, אַז ער איז אַ ביסל שטומפּיק אויף דער איווריע. אַז אין די געדאַנקען, אין הארצן איז אים אַלץ קלאָר, נאָר אַרויסברענגען דאָס מיטן מויל איז אים שווער. נאָר געזאָגט האָט ער עפּעס אַנדערש.
— איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך שוסטערייַ.
ערשט דערנאָך זייַנען אים געקומען אין מויל אַרייַן עטלעכע גוטע ווערטער:

— ווי פארשטייט איר ניט? צען יאָר ארומגעוואנדערט מיט מײַן קעסטעלע און געמוזט זיך אויסבאהאלטן, היטן זיך פאר יעדן זשאנדארם, פאר יעדן פּאָליצייער. ווײַל איך איצט רויק, יעדן גאנצפרי פראנק און פרײַ זיך דורכשפּאַצירן מיט דעם אױף דער ארבעט.

אזוי איז אופגעקומען אָט דאָס בײַדל. פריִער האָט דאָס געהערט צו אן ארטעל, דערנאָך געוואָרן א טייל פונעם צעצווײַגטן שטייגער־קאָמבינאט. און אָט, שוין אריבער דרײַסיק יאָר, און עפשער נאָך מערער.

ער האָט שוין לאנג אופגעהערט ציילן זײַנע יאָרן. ווען ער הייבט אָן ציילן, ווערט אים א ביסל קאַלעמוטנע אפן הארצן. איז זאָלן זיי זיך גיין, די יאָרן, ניט קיין געציילטע. אבי א ביסל געזונט, און זאָל ער מיט זײַן זלאטעט פירן זייער באשיידן לעבן. זאָלן זיי האנאָע האָבן דערפון, וואָס דאָס לעבן ארום ווערט וואָס א מאָל שענער און פארמעגלעכער. וואָס עס זײַנען פארשווונדן געוואָרן די וואטיאנקעס פון די ערשטע נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן, וואָס דאָס אויג ווערט מיד צוקוקן די שיינע פילפארביקע מאַלבושים און וואָס שטיוועלעך טראָגן איצט די פרויען, מאמעש אף צו כידעשן זיך. און די פענעמער בא אַלעמען... שוין גאָר אנדערע פענעמער.

ער קען זיי אַלע, די, וואָס גייען דורך פארבײַ זײַן בײַדל, די, וואָס קומען ארײַן און גייען ארויס פונעם ראיקאָם. ער איז באקאנט מיט אַלע פּאַרזיצערס פון די קאָלווירטן, מיט די בריגאדירן און פאָרגעשריטענע מעלקערנס, און זיי אַלע קענען אים אויך. ער איז פאר זיי, ווי א לעבעדיקע סוואַדקע, אָדער, ווי מע פלעגט אמאָל זאָגן, — א לעבעדיקע צײַטונג וועגן זיי אַליין, וועגן זייערע גערעטענישן און געמעלקן, מיט אַלע זייערע געוועטן, מיט די ערטער, וואָס יעדערער פון זיי פארנעמט אין דער סאמע פרישסטער סוואַדקע. פון אים דערוויסן זיך פיל, ווי האלט עס מיט זיי אף דער באראטונג, אף וועלכער זיי זײַנען געקומען. צי וועלן זיי הערן וועגן זיך א גוט וואָרט, צי פארקערט. פאר זיי אַלע הייסט ער אזוי, ווי מע האָט אים גערופן אין יענע ווײַטע אונטערערדישע יאָרן — „לעווקאָ", און אים איז זייער צום הארצן, ווען ער הערט, ווי מע ווענדט זיך צו אים:

— לעווקאָ, א גוט־מאָרגן, לעווקאָ!

— לעווקאָ, וואָס פאר גוטע נײַס פאר אונדז?

און ער טיילט צופרידן ארויס יעדערן זײַן כיילעק, ווען טאקע א גוטן און וועמען א ביסל ניט קיין גוטן.

פאר די אַלע יאָרן איז געווען בלויז איין פאַל, ווען דער נײַ־אויסגעוויילטער סעקרעטאר פון ראיקאָם האָט געפּרוּווט אריבערפירן דאָס שוסטער־בײַדל אף אן אנדער אָרט, עס פּאַסט עפּעס ניט, — האָט ער געזאָגט, — באַם ארײַנגאנג צום ראיקאָם א שילדל וועגן דרינגענדיקן רעמאָנט. נאָר עס האָבן זיך א שאָט געטאָן פּראָטעסטן פון אַלע זײַטן. אָן אָט דעם בײַדל וועט פארלוירן ווערן די גאנצקײַט פונעם גאנצן ארום, ווײַל דאָס בײַדל אַליין און דער, וואָס ארבעט דאָרטן פיל יאָרן, איז א שטיקל געשיכטע פונעם ראיאָן און א לעבעדיקע סוואַדקע וועגן אַלץ, וואָס אין ראיאָן קומט פאָר.

יעדן טאָג, פונקט איינס אזייגער, ברענגט אים זלאטקע זײַן באליבטן מיטיק — א וואַרעמע מאמעליגע. אירע דופּטיקע רייכעס זײַנען פאר אים פול מיט דערמאָנונגען וועגן זײַנע וואנדער־יאָרן, ווען אַלעמאָל האָט אים אן אנדער באַלעבאָסטע געפּילנעוועט מיט מאַמעליגע. אויך דאָס מאָל איז זי געקומען צו אים מיטן קעסעלע, אײַנגעוויקלט אין א פּאָר האנטעכער. אָפּגעגעסן, אָנגעקוויקט זיך, האָט ער איבערגעגעבן זלאטקען דאָס ליידיקע קעסעלע און געכאפּט א קוק אפן הימל. דאָס וואָלקנדל האָט מערער ניט ארומגעיאָגט, ווי אָנגעווירן אַלע קויכעס איז דאָס געבליבן הענגען אף איין אָרט, ווי פארגליווערט, און אראָפּגעקוקט אף דער ערד מיט טיפן אומעט.

— אוי, נאריש קעלבל וואָס דו ביסט, — האָט ער ארויסגערעדט, ווי אָפּשפּעטנדיק.

— וואָס דיר קומט אפן זינען, — האָט זלאטקע זיך אָנגעברויגעוט, געמיינט, אז ער האָט זיך דערמאָנט אין זייער באגעגעניש נאָך איר לעפישער כאסענע.

— איך מיין ניט דיך, — האָט לייבל זיך פארענטפערט. — איך מיין אָט יענץ כמאַרעלע. טו אומיסטן א קוק...

שוין צום צוועלפטן מאָל בלעטער איך איבער די העפטן מיט מײַנע פאַרנאָטירונגען און שטויס זיך אָן אױף א זײַטל מיט עטלעכע געציילטע שורעס, און פון אויבן איז מיט גרויסע אויסגעצירטע אָנגעשריבן — דוווירע. איך דערזע פאַר זיך גלײַך שוין ניט קיין יונגע פרוי אין מענערישע שטיוול, אין א מענערישן מאַנטל, און דאָס פּנים אירס... ניין, איך וויל ניט זאָגן, אַז דאָס פּנים איז אויך אַזאַ. איך מיין דאָ די ווינטן, די ווינטן און סוכאָווייען, וואָס האָבן דאָס אָפּגעסאַרפּעט און געמאַכט דאָס ווי פאַרדעמבעוועט. איך מיין אויך דערבײַ די פראַקטיקײַט און אַנטשיידנקײַט, וואָס עס דריקט אויס, פּונקט ווי אירע מענערישע בגדים. איך קוק זיך אײַן אין איר, פאַרטראַכט זיך א ביסל, איך פּרוּוו ארײַנדרינגען אינעם טאָך פון אָט דער אויסטערלישקײַט, נאָר ביסלעכווײַז ווערט איר געשטאַלט צעשוווּמען און ווערט דערנאָך אינגאַנצן פאַרשוווּנדן. עס בלײַבט בלויז איבער אַן אומפאַרשטענדלעכער און א ביסל א טעמפּער פאַרדראָס, וואָס פון אונדזער אָרדנטלעכער באַגעגעניש האָט זיך גאָרנישט ניט באַקומען. און אַלעמאָל, ווען איך בלײַב ווידער בײַ גאָרניט, כאָטש איך איבער פאַר זיך מיט אַן אַלץ אָנוואַקסנדיקער אַקשאָנעס: אָבער איך מוז דאָך, איך מוז דאָך וועגן איר דערציילן!

אייגנטלעך, האָב איך שוין עטוואָס וועגן איר דערציילט אינעם ראָמאַן „קאַלטס און וואַרעמס", ווען איר ברודער יאַקאָוו כאַדאָס האָט געשאַפן די ערשטע קאָלווירטישע פּאַסעקע, וואָס איז אײַנגעגעבן געוואָרן די גרעסטע אין אוקראַינע. נאָר אייניקע אָנפירער האָבן געטײַנעט, אַז בינען זײַנען איצט אַן איבעריקע זאַך און קיינער דאַרף ניט אָט די פּאַסעקע. מע דאַרף האָבן ברויט, ניט קיין האָניק. דאָך האָט ער עס אָנגעשריבן א בריוו זײַן שוועסטער דוווירען, וואָס האָט דאַן געאַרבעט אין מאָסקווע, אין פאָלקאָמערד.

— דוווירע, — האָט ער איר געשריבן, — איז די טײַטש א בין. בעט איך דיך, נעם זיך אָן די קריוודע פאַר אונדזערע בינען.

די דאָזיקע עטלעכע שורעס און אויך דאָס, וואָס איך האָב אָפּגעגעבן איר ברודער אַזאַ בעקאָוועדיק אָרט אינעם ראָמאַן, האָט זי אין איינעם א האַרבסטיקן פאַרנאַכט געבראַכט קיין טשערנאָוויץ. זי האָט זייער געוואָלט זיך באַקענען מיט מיר און דערציילן א ביסל וועגן זיך.

זי האָט זיך א יאָווע געטאָן אין מענערישע שטיוול און אין א מענערישן מאַנטל, און אויף איר פּנים איז געלעגן דער שטויב פון פיל וועגן, זאַמדיקע און ליימיקע. זי האָט אויסגעזען, ווי אַן אַגראָנאָם, וואָס שפּאַנט אַרום א גאַנצן טאָג איבער די פעלדער, און די מידקײַט אויף איר פּנים איז אויך געווען א ריין־פּויערישע, גלײַך זי איז נאָרוואָס געקומען פון סטעפּ און באַוויזן בלויז אויסשפּאַנען די פערד.

זי איז געווען אינגאַנצן ענלעך אויף איר ברודער יאַקאָוו כאַדאָס — מיט איר ווײַכער שטים, מיט איר דריבנע שמייכעלע און מיט אירע קאַטעגאָרישע האַנדלונגען, אויך ריין מענערישע. ס'האָט מיטאַמאָל א ווײַע געטאָן מיט יענע ווינטערדיקע טעג און נעכט, מיט זייערע ראַשיקע פאַרזאַמלונגען, הייסע דיסקוסיעס אַרום די אײַניאָנים פון קאָלעקטיוויזאַציע. ווען יאַקאָוו כאַדאָס, דער עלטסטער אינעם פּאַרטיי־קעמערל, האָט געפּרוּווט אָפּקילן די היציקע קעפּ פון די ייִנגערע, דערווײַזנדיק, אַז ברעכן דעם לענינישן פּרינציפּ פון פרײַוויליקײַט איז אומדערלאָזבאַר.

יענעם אָוונט, ווען מיר זײַנען זיך פאַרזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט, האָט דוווירע דערציילט א ביסל וועגן זיך. טאַקע נאָר א ביסעלע.

אין איינעם א זומערדיקן טאָג פון טויזנט נײַן הונדערט אַכצנטן יאָר איז דורך זייער דאָרף דורכגעגאַנגען א פּאָלק פון רויטע קאַזאַקן. איז זי אַוועק מיט די קאַזאַקן זיך שלאָגן מיט די ווײַסגוואַרדייער. זי איז דאַן אַלט געווען זיבעצן יאָר, נאָר א מויד איז זי געווען א געזונטע, א שטאַלטנע, און געשפּאַנט, ווי אַ עמעסדיקער קאַזאַק. און געקאָנט רײַטן אויף א

פערד אויך ניט ערגער פון אנדערע. זי איז אפגיך צוגעוווינט געוואָרן צו די קאזאקישע הויזן, צו דער קאוואַלעריסטישער שינעל און אויך צו דער שווערד, וואָס איז שוין געווען בּיכלאַל ניט קיין מיידלשע זאַך.

אין איינעם א דאָרף הינטער טאגאנראָג איז געשען אזוינס, וואָס פלעגט אָפט טרעפן. אומגעריכט איז אָנגעפלויגן א ווײַסגווארדייִשער אָטריאַד און זי מיט נאָך איינעם א קאזאק האָבן געטראָפן אין געפענקעניש. ביז יענער פאסירונג זײַנען זיי געווען אינגאנצן אומבאקאנט. זי האָט אפילע ניט געוווּסט, ווי מע רופט אים. און ער האָט ביז דאַן ניט געוווּסט, אז דאָס איז א מיידל. מע האָט אראָפּגעריסן פון זיי דאָס אָנטאָן, און ווען זיי זײַנען געבליבן האַלבנאקעטע, אין איינע אונטערהעמדער, האָבן די ווײַסגווארדייער זיך צערעוועט:

— א מיידל?

— אָ, שוין יענע מוידן!

— כאָסן־קאַלע?

— נו יאָ, געוויס כאָסן־קאַלע.

— דאַרף מען זיי צונויפבינדן...

— און איבערלאָזן אָף זיי א פּאָר סימאָנים.

די סימאָנים זײַנען געווען גאנץ היפּשע, מיט דער שווערד איבער די אקסלען. דערנאָך האָט מען זיי צונויפגעבונדן פאר די הענט און אוועקגעפירט איבערן דאָרף.

ס'איז געווען פריִער פרילינג, ווען עס קומען זיך צונויף די ערשטע גרינע גרעזעלעך מיט די לעצטע פרעסט. דאָס פרישע בלוט איז גלײַך פארקילט געוואָרן, און די קעלט האָט זיך צעוואקסן מיט יעדער שפּאַן. זי איז געווען זיכער, אז מע פירט זיי שיסן, און אין זיך אָפּגעזעגנט זיך מיטן לעבן.

מע האָט זיי ניט צעשאָסן. מע האָט זיי ארײַנגעשלײַדערט אין א פּוסטער, אפּאָנעם, שוין לאַנג פארלאָזטער קלוניע, אין וועלכער עס האָבן פרײַ ארומשפּאצירט גליווערדיקע צוגווינטן. פארשלאָסן די קלוניע פונדרויסן, ווער ווייסט מיט וואָס, און צוגעשטעלט צו דער קלוניע א וואך.

דערנאָך איז איר שוין שווער געווען באנעמען, וויאַזוי האָט דאָס געקאָנט געשען: ווען מע האָט זי געפירט א נאקעטע איבער דער גאס, א באגלייטע מיט הונדערטער אויגן, איז בא איר ניט געווען קיין מינדסטער געפיל פון בּיזאָיען. זי האָט בּיכלאַל גאָרניט און קיינעם ניט געזען ארום זיך, בלויז די ווײַטע זון, וואָס האָט געהאלטן באַם פארגיין, און זי האָט געטראַכט, אז דאָס זעט זי צום לעצטן מאָל אזא פרעכטיקן זון־פארגאנג. און ערשט דערנאָך, ווען זיי זײַנען פארבליבן האַלבנאקעטע און צונויפגעבונדענע, האָט זי דורכגענומען א גרויליק געפיל פון מיידלשער פארשעמטקײַט, פון אומגעהערטער מיידלשער שאנדע, דערפון איז די קעלט אריבער אין א מווירעדיקער היץ, און זי האָט געפילט, ווי זי פלאַמט מאָמעש מיטן גאנצן קערפּער אירן, פלאַמט פון קאָפּ ביז די פיס.

ביידע האָבן געוויס געהאט א גרונט צו האַלטן, אז דאָס איז זייער לעצטע נאכט אָף דער פארבלוטיקטער ערד, און אז אָט די נאכט וועלן זיי מוזן פארברענגען אין קעלט און אין הונגער. נאָר פאר איר, פאר דער זיבעצניאָריקער דווירע, איז דאָס סאַמע שרעקלעכסטע געווען דאָס, וואָס זי זיצט א נאקעטע באנאנד מיט א פרעמדן באָכער, אויך אזא נאקעטער, ווי זי, און זי קאָן זיך גאָרנישט ניט צוטראַכטן אָף א ביסל אָפּרוקן זיך פון אים, פארוקן זיך אין א פינצטער ווינקעלע אזוי, ער זאָל זי ניט זען.

אזוי זײַנען זיי אָפּגעזעסן שווײַגנדיק און ציטערנדיק ביז האַלבער נאכט, ערשט דערנאָך האָט דער באָכער, קוים שטיקנדיק דעם גרויל, זיך אָנגערופן:

— ווי רופט מען דיך?

— דווירע, — האָט זי קוים ארויסגערעדט, קנאקנדיק מיט די ציין.

— א יִידישקע?

— ווי דען?

— דאָס איז שוין צוויי מאָל ביטער, — האָט ער ארויסגערעדט צו זיך אליין. — און מיך רופט מען מיכאָיל.

אָפּגעשוויגן א ביסל, האָט ער איבערגעכאַזערט:

— און טאַקע זייער ביטער. נאָר פּאַר מיר האָסטו ניט וואָס מוירע צו האָבן. איך וועל דיך ניט טשעפּען. ווען מיר קאָנען נאָר פאַנאַנדערבינדן די הענט...

אין יענער נאַכט, אין יענער סאַמע שרעקלעכסטער נאַכט אין איר לעבן האָט זי געזען פאַר זיך די מאַמע, אַלע קלענערע שוועסטערלעך און ברידערלעך, איבערגעזעגנט זיך מיט יעדערן באַזונדער און איבערגעקושט זיך אויך אַזוי, און ניט אופגעהערט אויסטייַנען זיך מיט דער מאַמען, פאַר וועמען זי האָט זיך געפילט באַזונדערס שולדיק: דערפאַר, וואָס זי איז אַוועק פון דער היים אָן א זייַ־געזונט, דערפאַר, וואָס זי, די סאַמע עלטסטע, איר איינציקער געהילף, האָט זי איבערגעלאָזט איינע אַליין מיט די קליינע קינדער.

— אוי, מאַמע, טייַערע, מאַמע מענוכע!

זי האָט זי דערזען, ווי שטענדיק, א פאַרהאָרעוועטע, אַן איינגעהויקערטע, מיט אַן איינגעפאַלן פּאָנעם און מיט אויגן, פול מיט אייביקער זאָרג און אומרו, מיט ראַכמאָנעס און מיט גוטסקייַט. זיבעצן קינדער האָט זי געבוירן, די מאַמע מענוכע, עלף פון זיי האָט אַוועקגעטראָגן דער טויט נאָך גאָר גאָר פּיצלעך איינס נאָכן אַנדערן, איינס נאָכן אַנדערן. דער טויט איז געהאַנגען איבער זייער נידעריק און ענג שטיבעלע, ווי א שוואַרצער רויב־פויגל, וואָס האָט דראָענדיק געפאָכעט מיט די פליגל, אויסזוכנדיק אַלעמאָל א נייַעם קאָרבן. איין קינד אויסגעכאַפּט נאָך דער מאַליאַריע, א צווייטס — בייסן דיפטעריט, אַלע איבעריקע — פּאַשעט איבערן הונגער.

אַלץ, אַלץ האָט זי געקאָנט, די מאַמע מענוכע, זי האָט געאַקערט און געזייט, אַליין געקאָסעט מיט דער קאָסע און אַליין געדראָשן, געקאָכט און געבאַקן, אַלץ, וואָס האָט זיך געלאָזט קאָכן און באַקן. אַליין גענייט און איבערגענייט פאַר יעדער קינד אַלעמאָל אַן אַנדער שמאַטקעלע. דערנאָך אָפּגעזעסן דורך די נעכט צוקאָפּנס בא די אייַנגעשלאָפענע קינדער, ווי א גוטער מאַלעך זייַ געהיט, דער מאַלעכהאַמאָוועס זאָל ניט קאָנען צוטרעטן צו זיי. נאָר ניט שטענדיק האָט זיך איר דאָס אייַנגעגעבן.

— מאַמע, טייַערע, ראַטעווע מיך, — האָט זי געבעטן.

נאָר די מאַמע איז געווען ווייַט, און דער טויט איז געווען נאָענט.

איבער דער קעלט, איבער די ווייטיקן פון דער פרישער ווונד און איבער דעם, וואָס זי זיצט אין אַזאַ ענגער צונויפגעבונדקייַט מיט א פרעמדן באָכער, האָט זי מוירע געהאַט אַנשלאָפן ווערן. דערנאָך האָט די איבערהאַנט גענומען דער הונגער. אַזאַ שאַרפער, אַכזאָריעסדיקער, פון וועלכן עס האָט בא איר אָנגעהויבן טריקענען אין מויל און אַרויסגערופן הונגעריקע זשונגען — א זשונג ווי א טרוים. אַן עגבערנדיקער טרוים וועגן א פריש אופגעזאָטענער קאַרטאָפל.

האָט זיך איר דערמאָנט, ווי די מאַמע האָט אָפּגעקאָכט א טאָפּ קאַרטאָפל, אַרויסגעשטעלט אפן טיש, און זיי, די הונגעריקע כעווריַע, האָבן גלייַך גענומען אויסכאַפּן זיי, אָפּגעבריט די הענט, די ליפּן, נאָר סיַווי, דער הונגער איז געווען שטאַרקער.

— קינדער, כאַפּט ניט אַזוי, — האָט די מאַמע געבעטן.

און עטלעכע קינדעריש קעלכלעך רעדן קוים אַרויס, וואַרגנדיק זיך מיט די הייסע קאַרטאָפל:

— כאַפּ אויך, מאַמע, כאַפּ אויך.

אוי, וואָלט זי איצט געוואָלט כאַטש איין הייסע, זאָל זיַן האַלב רויע קאַרטאָפל!

דער באַגינען איז געקומען מיט א נייַ פרעסטעלע, און די פריַע זון האָט אַרייַנגעקוקט אין דער קלוניע דורך די פּילצאַליקע שפּאַלטן, ערשט איצט האָבן זיי זיך דערזען אַזעלכע, ווי זיי זיַנען, דערזען, אַז זיי זיַנען ביידע זייער יונג. דערפון איז בא ביידן אופגעקומען א נייַע פאַרשעמטקייַט איינער פאַרן אַנדערן. נאָר מע האָט געדאַרפט טראַכטן וועגן אַנדערע זאַכן. וויאַזוי פאַנאַנדערבינדן די הענט. דער קנופּ האָט זיך איצט געזען גאַנץ קלאָר, איז ער צוגעפאַלן מיט די ציין צום שטריק, זיך אייַנגעביסן אין אים, געצופּט, געריסן און ניט־ווילנדיק זיך צוגעטוליעט מיט די ליפּן צו אירע נאַקעטע הענט. דערנאָך, ווען זיי האָבן זיך באַפרייַט איינער פונעם אַנדערן, האָט מיכאַיל זיך אָנגערופן:

— און איצט לאָמיר זיך געזעגענען. מע וועט מיסטאמע באלד קומען נאָך אונדז.

זיי זײַנען צוגעפאַלן איינער צום אנדערן, און דווירע האָט דערפילט ווי אירע מיידלשע ליפּן האָט עס ווי אָפּגעבריט פון זײַן הייסן קוש. און נאָך האָט זי דערפילט: דער קוטשעריאַווער באַכער איז איר אויך ליב. און עס ווילט זיך אזוי ניט שטארבן בא אזא גליקלעכער מינוט!

דערהערט עפּעס א שאָרך, זײַנען זיי אופגעשפּרונגען און דערפילט, אז זייערע הערצער האָבן זיך צעפלאטערט מיט גאָר אן אנדער טאַם. א ביטערלעכן און א וואַרגנדיקן, פול מיט שרעק פאר דעם, וואָס דארף באלד געשען. נאָר ס'איז גאָרנישט ניט געשען. די שאָרכן זײַנען פארשוווּנדן, און ס'איז געוואָרן ביז גאָר שטיל, מוירעדיק שטיל.

— עפּעס איז געשען פאר דער נאכט, — האָט מיכאיל א זאָג געטאָן. — מע דארף זיך דערוויסן.

— ווי־אזוי?

אראָפּרײַסן א ברעט און ארויסרוקן דעם קאָפּ איז געווען ניט קיין שווערע זאַך. נאָר ווען ער האָט געפּרווּט ארויסקריכן, האָט דווירע זיך צעוויינט.

— איך בעט דיך, לאָז מיך ניט איבער.

— וואָס רעדסטו? וואָס הייסט איך וועל דיך איבערלאָזן? אָט, לאָמיך זיך ארומקוקן.

ארויסגעקראָכן, ארומגעקוקט זיך, ניט באמערקט ארום קיין שום פארדעכטיקס, האָט ער זיך אָנגערופן:

— קריך ארויס, לאָמיר לויפן צו דער נאָענטער שטוב.

נאָר דווירע האָט אפילע גיין ניט געקאָנט. אלץ אין איר איז געווען פארגליווערט, פארקאַטשעניעט, און זי האָט ניט געקאָנט א ריר טאָן מיט קיין אייווער. האָט ער זי א נעם געטאָן אף די הענט, ווי מע נעמט א קליין קינד, און אוועקגעלאָפן. מיט אירע נאקעטע הענט האָט זי אים ארומגענומען ארום האלדז אויך אזוי, מיט א קינדערשן צוטרוי, שטארק אונטערגעציטערט און שטיל געכליפּעט.

ער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון דער נאָענטסטער שטוב און שטארק אָנגעשראָקן די באלעבאָסטע מיט זייער אומגעוויינלעכן אויסזען. מיכאיל, באמערקט און דערפילט, אז זיי זײַנען אויסער יעדער געפאר, איז געוואָרן בא זיך פעסט און דרייסט...

— וואַרעמע וואסער, — האָט ער א קאָמאנדעווע געטאָן. — מע דארף זי ארומוואשן, איבערטאָן אין ריינעם, איבערבינדן די וווּנד און אוועקלייגן אין בעט. זי האָט געוויס זיך צוגעקילט. און מיר... עפּשער האָט איר עפּעס פאר מיר אף אָנטאָן זיך.

— ווער זײַט איר? — האָט שטרענג געפרעגט דער באלעבאָס.

דערוווּסט זיך, ווער זיי זײַנען און וואָס מיט זיי איז געשען, האָט די באלעבאָסטע זיך צערעדט:

— אָנגעפלויגן, ווי בייזע הינט, אָפּגעטומלט, צוגעראַבעוועט, וואָס עס האָט זיך געלאָזט, און אוועק. דאָס האָט מען אײַך, הייסט עס, נעכטן געפירט איבערן דאָרף? ווי איז מיר. און מיר האָבן געמיינט, אז שוין... נו, דאנקען גאָט, דאנקען גאָט...

דרײַ מעסלעס האָט דווירע ניט אופגעהערט כּיבערן, און די אלע דרײַ מעסלעס איז מיכאיל אָפּגעזעסן לעבן איר, געפּאָיעט זי מיט הייסער מילך, געהאָדעוועט זי מיט אלץ, וואָס די באלעבאָסטע האָט צוגעגרייט. ווען איר איז געוואָרן א ביסל גרינגער, האָט ער זיך אָנגערופן:

— נו, דווירעלע, איך מוז גיין. לאָמיר זיך געזעגענען.

— און איך?

— דו דארפסט נאָך ליגן עטלעכע טעג. פארשטייסט, איך קאָן ניט ווערן קיין דעזערטיר.

— און איך? — האָט זי ווידער געטײַנעט.

— איך וועל מעלדן וועגן דיר אין היגן רעווקאָם, און דערנאָך...

ער האָט געוואָלט זאָגן נאָך עפּעס, טאקע זייער וויכטיקס, נאָר ניט געוואגט, צי עפּשער געשעמט זיך.

— נאָר איך וועל דיך אָפּזוכן, — האָט ער פעסט ארויסגערעדט. — איך וועל דיך אומעטום זוכן.

— איך אויך, — האָט זי, כליפּענדיק, ארויסגערעדט.

ס'האָט געהייסן, אז זיי האָבן זיך דערקלערט אין ליבע, אפילע געשווירן איינער דעם אנדערן.

נאָר וויאַזוי זוכן, ווו זוכן און וועמען זוכן, אז זיי האָבן ניט געוווּסט, פונוואַנען זיי זײַנען און ווי זײַנען זייערע פאמיליעס. אזוי האָט זיך געענדיקט זייער קורצינקער ראָמאַן, פון וועלכן ס'איז געבליבן אף דווירעס ליפּן בלויז דאָס געפיל פון א ברי פון זײַן איינציקן קוש.

מער האָט דווירע צו די רויטע *קאָזאַקן ניט געטראָפּן, זי איז עמעצן, זייער געפעלן,* געוואָרן מיט איר שטאַלטנעקײַט און ספּריטנעקײַט, מיט איר אקשאָנעסדיקן כאראקטער, און מע האָט זי אוועקגעשיקט אף קורסן קיין מאָסקווע, קורסן, וועלכע האָבן באשטימט איר גוירל אפן גאנצן לעבן.

איצט, ווען איך שרײַב דאָס אלץ אוף מיט א גרויסער פּארשפּעקטיקונג, פּאַרדריסט מיך זייער, וואָס איך האָב יענע נאכט ניט גענומען קיין בלײַער און ניט פארצייכנט אלע געניי־קײַטן פון איר ווײַטערדיקן לעבן. א לעבן פון א קאָמוניסט, וועמעס כאראקטער איז פאר־הארטעוועט געוואָרן אין די שלאכטן פון בירגערקריג, א קאָמוניסט פון העכסטן גראַד, א מענטש, וואָס פאר זיך דארף ער גאָרניט, קאָן אָפּקומען דעם טאָג מיט א טרוקן שטיקל ברויט און איבערנעכטיקן, ווו עס וועט זיך מאכן, און איז יעדע מינוט גרייט אוועקגעבן דאָס לעבן פאר די הויכע אידייען. איז מיר שווער צו זאָגן, צי האָט זי פריִער געארבעט אין פּאַלקאָמערד און פון דאָרטן האָט מען זי געשיקט אלס א נאטשאלניק פון פּאָליט־אָפּטייל פון אן עמטעעס אין סאראטאָווער געגנט, צי פארקערט. נאָר אויב איבערעכענען אירע אופטועון פון יענע יאָרן, וואָלט מען געדארפט אָנשרײַבן א באזונדערע דערציילונג. נו כאָטש וועגן איר באגעגעניש מיט נאדיעזשדע קאָנסטאנטינאָוונא קרופּסקען. געקומען אין יענער עמטעעס, איז זי געווען ביז גאָר איבערראשט דערפון, וואָס אין די דערפער איז ניטאָ קיין איין ביבליאָטעק. ווו זשע קריגט מען ביכער? און צו וועמען זיך ווענדן? מע דארף שוין פאָרן קיין מאָסקווע צו קרופּסקען. זי ארבעט דאָך אין פּאָלקאָמבילד! נאדיעזשדע קאָנסטאנטינאָוונא האָט זי אופגענומען מיט איבערראשנדיקער פּראָסטקײַט און, אויסגעהערט אירע טײַנעס, גלײַך אָנגעהויבן קלינגען צו אירע פרײַנט, באקאנטע מיט איין ביטע: ביכער, ביכער, ביכער! שוין דעם צווייטן טאָג האָבן אָנגעהויבן גיין פּעקלעך מיט ביכער אפן אדרעס פון יענער עמטעעס. אין א וואָך ארום, ווען זי האָט זיך אומגעקערט אהין, האָט זי שוין געהאט אריבער טויזנט ביכער, צען ניט קיין גרויסע ביבליאָטעקלעך. נאָר דאָס איז געווען בלויז אן אָנהייב. דערנאָך איז מערער האלב פון איר געהאלט אוועק אף אײַנקויפן אלץ נײַע און נײַע ביכער פאר די דאָרפישע ביבליאָטעקן.

ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די מילכאָמע, זי איז דאן שוין אלט געווען פערציק יאָר, איז זי אוועק אין וואָיענקאָמאט, אָנגעקומען אף קורסן פון מעדשוועסטער און אלע מילכאָמע־יאָרן אָפּגעדינט אין אן אומרויִקן מעדסאנבאט. און גראָד זי איז געווען די, וואָס האָט גע־דארפט אין א שווערער שאָ, צי אין שווערע טעג אונטערמונטערן אלע יינגערע פון זיך, סײַ די מעדשוועסטער, סײַ די דאָקטוירים.

און פארן גאנצן לעבן זייערס האָבן זיי זיך ניט אָפּגעזוכט, נאָר אלע יאָרן האָט דווירע געזען פאר זיך דעם שטאַלטנעם קוטשעריאַווען קאזאק און געפילט אף די ליפּן דעם ברי פון זײַן קוש, דעם איינציקן ליבע־קוש פאר אלע אירע יאָרן. און אָפּט, זייער אָפּט האָט זי ווי א שיינעם כאָלעם זיך דערמאָנט אין יענער ווײַטער, שוידערלעכער נאכט, בייס וועלכער זי האָט איבערגעלעבט די סאמע שענסטע, גליקלעכסטע מינוטן.

ערשט אין פיל יאָרן ארום, שוין אין סאָף פון די זעכציקער יאָרן, זי איז שוין דאן געווען א פּערסאָנעלער פּענסיאָנער, האָט זי באקומען א קורץ בריוועלע, וואָס האָט זי אופ־געטרייסלט מיט זײַן אומדערווארטקײַט און אומגלייבלעכקײַט.

„איך האָב דיך אלע יאָרן געזוכט, און ערשט איצט, ליגנדיק אין א מאָסקווער שפּיטאָל,

האָב איך צופעליק דערהערט דײַן נאָמען און זיך דערוווּסט דײַן אַדרעס. איך האַלט באַם שטאַרבן. אויב דו האָסט מיך ניט פֿאַרגעסן, קום צו פֿאָרן".

דעם זעלבן טאָג האָט זי אַוועקגעיאָגט אין שפּיטאָל. און אַ גאַנצע וואָך, די לעצטע וואָך פֿון זײַן לעבן, ניט אָפּגעטראָטן פֿון זײַן בעט. פֿון יענעם יונגן און שטאָלטנעם קאָזאַק איז שוין קיין סימען ניט געבליבן. פֿאַר איר איז געלעגן אַן אויסגעדאַרטער אַלטיטשקער, און אויף זײַן אײַנגעפֿאַלן פּנים האָבן זיך געלייענט די אומדערטרעגלעכע ווייטיקן, וועלכע ער סטאַרעט זיך מיט אַלע קויכעס אויסבאַהאַלטן. און נאָר די אויגן, זיי האָבן זיך געלויכטן ווי דאַן, אין יענער ווײַטער נאַכט, געלויכטן מיט יענער גוטער שײַן, וואָס האָט זי געוואַרעמט דאָס גאַנצע לעבן.

די גאַנצע וואָך האָט ער קוים אַרויסגערעדט אַ וואָרט. דעם לעצטן טאָג איז אים געוואָרן אַ ביסל גרינגער, האָט ער געקאָנט אויסדערציילן וועגן זיך און איבערגעבן איר זײַן ביטע. דרײַסיק יאָר איז ער געווען פֿאַרזיצער פֿון קאָלווירט בײַ זיך אין דאָרף. און איצט, שטאַרבנדיק, איז ער פֿול מיט אומרו: ווי וועט דער קאָלווירט זײַן אָן אים? בעט ער זי נעמען שעפּטום איבערן קאָלווירט און מיטהעלפֿן אים מיט וואָס זי וועט קאָנען. ווײַנען וועט זי בײַ זײַן אַלמאָנע. זי ווייסט וועגן איר, ער האָט איר דערציילט וועגן יענער נאַכט. קיין קינדער האָבן זיי ניט.

און אָט, שוין עטלעכע יאָר, אַז יעדן זומער פֿאָרט זי אין יענעם קאָלווירט אויף צוויי כאַדאָשים, זי האָט דאָרטן וואָס צו טאָן: סײַ אין דערווירטשאַפֿט, באַזונדערס אויפֿן קולטורעלן געביט. אַ קײַלעכדיק יאָר שפּאָרט זי אָפּ פֿון איר פּענסיע וויפֿל נאָר ס'איז מעגלעך, און קויפֿט אײַן פֿאַר דער דאָרפֿישער ביבליאָטעק די סאַמע נײַסטע און בעסטע ביכער. בײַ איר לעצטער יאָזדע האָט זי אַוועקגעפֿירט אַהין אַ טעלעוויזאָר פֿאַרן דאָרפֿישן קלוב. טאַקע פֿון דאָרטן, פֿון יענעם דאָרף, אַלעקסאַנדראָווקע הייסט דאָס, איז זי פֿאַרפֿאָרן צו אונדז קיין טשערנאָוויץ, קעדיי דערציילן עפּעס וועגן איר ברודער יאַקאָוו כאַדאַס און וועגן זיך אַליין.

שלאָפֿן האָבן מיר זיך געלייגט שוין נאָך האַלבער נאַכט און אויפֿגעשטאַנען ווי געווײנלעך זייער פֿרי.

— וואָס אײַך צוגרייטן אויף פֿרישטיק? — האָט געפֿרעגט בײַ איר מײַן פֿרוי.

— געזאָטענע קאַרטאָפֿל. דאָס איז פֿאַר מיר דאָס בעסטע מײַכל.

און איבערגעכאַזערט דאָס, וואָס זי האָט שוין פֿריִער דערציילט:

— ווי נאָר איך נעם אַ הייסע קאַרטאָפֿל אין מויל אַרײַן, דערמאָן איך זיך אין מײַן הונגעריקער קינדהייט, ווען די מאַמע האָט יעדן גאַנצפֿרי אַרויסגעשטעלט אויפֿן טיש אַ קעסעלע אויפֿגעזאָטענע קאַרטאָפֿל. און מיר, די הונגעריקע כעווריַע, האָבן זיך צוגעכאַפּט צו זיי, אָפּגעבריט די הענט, די ליפּן, דעם גומען. די מאַמע בעט זיך:

— קינדער, כאַפּט ניט אַזוי.

און מיר אַלע אין איין קאָל:

— מאַמע, כאַפּ אויך.

# אין איינער אַ נאַכט

די כאַסענע איז געווען אַ גאַנץ געווײנלעכע, ענלעך אויף פֿיל אַנדערע כאַסענעס פֿון אונדזער צײַט. אַ ביסל צו אַ ראַשיקע, מיט פֿיל איבעריקײַטן אויף די לאַנגע טישן פֿונעם רעסטאָראַן, וואָס איז געווען אָפּגעדונגען אויפֿן פֿאַרנאַכט, אויפֿן אָוונט און ביז דעם קומענדיקן באַגינען. כאַסן-קאַלע — אויך גאַנץ געווײנלעכע, ווי פֿיל אַנדערע כאַסן-קאַלעס פֿון הײַנטיקע צײַטן. ביידע מיט הויכער בילדונג, ביידע פֿון איין ייִכעס. דעם כאָסנס טאַטע איז אַן אָנגעזעענער אינזשעניער פֿונעם היגן מאַשינבוי-זאַוואָד, וועמען אַלע רופֿן מיט דערעכערעץ אַלעקסאַנדער מיכײַלאָוויטש. צווישן אַלע איבעריקע אינזשעניערן איז ער אַן אָנגעזעענער

דערפֿינדער, און פֿיל פֿון זײַנע דערפֿינדונגען זײַנען פֿאַרווירקלעכט געוואָרן טאַקע דאָ אױפֿן זאַוואָד, און געבראַכט עקאָנאָמיע אױף פֿיל טויזנטער רובל. מיט איין וואָרט, אַלעקסאַנדער מיכײַלאָוויטש איז אַ מענטש, וואָס שרײַבט זיך גאַנץ פֿעסט אַרײַן אין דער איבערבויונג, אינעם טעכנישן פּראָגרעס, אין אַלע איבעריקע באַנײַונגען פֿון אונדזער צײַט, און וועמעס נאָמען עס ווערט דערמאָנט אין פֿיל אַרטיקלען.

דער קאַלעס טאַטע... דער קאַלעס טאַטע איז ניט מער, ווי אַ בוכהאַלטער פֿון אַ גאַנץ היפּשער אונטערנעמונג. נאָר וועגן בוכהאַלטערס שרײַבט מען זייער ווייניק אין די צײַטונגען, סײַדן, ווען מ'ע דעקט אױף פֿאַרשיידענע מאַכינאַציעס מיט די ציפֿערן. נאָר מאָיסיי גריגאָריעוויטש, ס'הייסט, דער קאַלעס טאַטע, שטייט פֿעסט אױף דער וואַך פֿון דער פֿינאַנץ־דיסציפּלין. איז ניטאָ וועגן וואָס צו שרײַבן, דערפֿאַר אָבער דער קאַלעס מאַמע, קלאַרע באָריסאָוונע, האָט אַ שעם פֿון איינער פֿון די בעסטע דאָקטוירים, און איר פּאָרטרעט הענגט אױף דער ערן־ברעט אין צענטראַלן פּאַרק צווישן די פּאָרטרעטן פֿון די כאָשעווע מענטשן פֿון דער שטאָט.

ביידע צדדים, ס'הייסט, די עלטערן פֿונעם כאָסן און דער קאַלע, זײַנען קיין איין מינוט ניט געזעסן אױף אָן אָרט, אַרומגעשפּאַנט צווישן די טישן, אַרײַנגעקוקט אין קיך, אַלעמאָל באַשטעלט באַ די קלעזמער אָן אַנדער ניגנדל און צוגעזעצט זיך אױף אַ ווײַלע צום טיש בלויז דאַן, ווען עמעצער האָט געהאַלטן אַ קורצע דראָשע, אַ טאָסט, הייסט עס, און מע האָט געדאַרפֿט טשאָקען זיך מיט די קויסעלעך.

די הויפּט־מעכוטאָנים אױף דער כאַסענע זײַנען געווען די זיידעס מיט די באָבעס. די פּענעמער איז שוין געווען אומעגלעך מיט עפּעס פֿאַרגלעטן, און זייערע אויגן, פֿון וועלכע עס זײַנען פֿון מאָל צו מאָל אַרויסגערונען פּיצינקע טרערעלעך, האָבן שטאַרק געגלאַנצט, אפֿאָנעם דערפֿון, וואָס זיי האָבן זיך דערמאָנט אין פֿיל זאַכן, פֿריידיקע און טרויעריקע, און אויך ניט ווייניק טראַגישע, וואָס זיי איז אויסגעקומען איבערלעבן.

זיי זײַנען געזעסן, די הויפּט־מעכוטאָנים, באַנאַנד. מערסטנטייל געשוויגן, זיך אויסגעטיילט פֿון אַלע איבעריקע מיט זייער באַשיידענער קליידונג, אַ ביסל אַלטמאָדישער, וואָס האָט געזאָגט וועגן זייער גאַנץ באַשיידענער פּענסיע.

— וואָס האָט איר אַזוי זיך פֿאַרטראַכט? — האָט זיך אָנגערופֿן די באָבע פֿון כאָסנס צאַד צו דער באָבע פֿון קאַלעס צאַד.

— איך האָב זיך דערמאָנט אין מײַן אייגענער כאַסענע.

— פֿאַראַן וועגן וואָס צו דערמאָנען. באַ אונדז איז ביכלאַל קיין כאַסענע ניט געווען. אַוועק אין זאַגס און פֿאַרשריבן זיך.

— און באַ אונדז איז געווען... געווען... אוי, ווי געווען! אַזאַ אומגעווײנלעכע כאַסענע! און אַלעמאָל, ווען איך דערמאָן זיך...

אָט דאָ, אייגנטלעך, הייבט זיך אָן די דערציילונג. ווײַל ניט די איצטיקע כאַסענע איז דער איקער, נאָר יענע, לאַנגאָניקע און ביז גאָר אומגעווײנלעכע...

ביז יענער שרעקלעכער נאַכט האָבן זיי זיך קיין איין מאָל ניט באַגעגנט, קיין איין מאָל זיך ניט אויסגעטוישט, אַפֿילע מיט קיין פּאָשעטן „גוט־מאָרגן". זיי האָבן בלויז אַמאָל נאָכגעקוקט איינער נאָכן אַנדערן, נאָכגעקוקט געהיים, מיט אַ הייסן האַרץ־פּלאַטער. און ווען זיי האָבן צופֿעליק אייננצײַטיק זיך אומגעקוקט, האָבן ביידע זיך שטאַרק פֿאַרויטלט, פֿאַרשעמט און מיט שרעק זיך אַרומגעקוקט, צי האָט עמעצער ניט באַמערקט, ווי זיי רויטלען זיך און צי שטויסט מען זיך ניט אָן אין דער סיבע פֿון זייער מוירעדיקער פֿאַרויטלטקײַט. ס'איז געווען אַ שטילע, פֿאַרבאָרגענע שטעטלשע ליבע. און וואָס מערער זי איז זיך צעוואַקסן, אַלץ טיפֿער האָבן זיי זי פֿאַרטריבן אין זיך. און בלויז שפּעט אין אָוונט, באַ די שוין פֿאַרלאָשענע לעמפּעלעך, ווען קיינער האָט גאָרנישט ניט געקאָנט באַמערקן, האָבן זיי זיך דערלויבט טרוימען אַ ביסל. און מיט אָט דעם זיסן טרוים זײַנען זיי אײַנשלאָפֿן גע־

וואָרן אין פאַרשיידענע הײַזער, אָפּגעטיילט איינער פון דעם אנדערן מיט צוויי, ניט איבעריק גרויסע און גאַנץ שמאָלע שטעטלשע געסלעך.

אין טאָג איז דאָס נאָך קיין ליבע ניט געווען. ניט מערער, ווי א טרוים, ווי א דוכטעניש, אין וועלכן עס איז זיי אליין שווער צו גלייבן. א דוכטעניש, פול מיט וואַקלענישן און ספייקעס. דעריקער אין דעם — צי ווייסט דער צווייטער צאַד, צי פילט דער צווייטער צאַד אויך דאָס זעלבע, צי איז פאַראַן כאָטש א מינדסטער אויסזען פון קעגנזײַטיקײַט. דאָס זײַנען ביכלאַל געווען זאַכן, וועגן וועלכע עס האָט זיך געטראַכט ניט אינגאַנצן קלאָר. מאָמאַשעסדיק איז געווען בלויז די בענקעניש און די נאָגעניש אונטערן האַרצן.

אין יענער שרעקלעכער נאַכט האָט דאָס שטעטל זיך צעפלאַקערט מיט א מוירעדיקער סרייפע, וואָס האָט גלײַך ארומגעכאַפּט אַלע גאַסן. דער פּאָגראָם איז אויך געווען א בליץשנעלער, א דורכויסיקער, און די גוואַלדן פון די דערשראָקענע און ניט־דערשראָקענע האָבן פאַרטויבט די אומופהערלעכע שיסערײַען.

דאָס איז געווען אַן אכזאָריִעסדיקער פּאָגראָם פון א צעיושעטער פּעטליורישער באַנדע, וואָס האָט געוווּסט, אַז דאָס איז איר לעצטער פּאָגראָם אף דער אייגענער ערד, אַז באַגינען וועלן זיי אריבער די גרענעץ און מער זיך קיינמאָל ניט אומקערן אהער, האָט זי זיך געסטאַרעט איבערלאָזן וואָס מערער טיפערע און מערער שוידערלעכע, בלוטיקע שפּורן.

מע האָט, פאַרשטייט זיך, געדאַרפט אינגאַנצן פאַרלירן דעם ניכטערן סייכל, קעדיי לאָזן זיך אין אַזאַ נאַכט לויפן איבער די שטעטלשע גאַסן, וועלכע זײַנען פול געווען מיט שיקערע באַנדיטן. גאַנץ מעגלעך, אַז אזוי איז דאָס טאַקע געשען מיט נאַכמענען, דעם נײַנצניאָריקן שנײַדער־יונג, ווען ער האָט זיך ארויסגעריסן פון די באַנדיטישע הענט נאָך דעם, ווי די עלטערן זײַנען געבליבן ליגן אפן דיל, פאַרגאָסענע מיט בלוט. ער איז געלאָפן איבער די באַנאַכטיקע גאַסן, באַלויכטענע מיט פיל רויטע און טשאַדענדיקע פלאַמען, אַן אונטערגעיאָגטער מיט איין וואַנזיניקן געדאַנק: ער מוז, ער מוז אָפּראַטעווען זײַן עטעלען, ווײַל טאָמער, כאַלילע, קומט זי אום, וועט ער אויך... ער וועט פּאָשעט ניט קאָנען לעבן אָן איר.

ער האָט זי געטראָפן לעבן זייער שוין צעגראָמירטער שטוב. זי איז געזעסן אפן פריזבעלע, אָנגעטאָן אין א זומערדיק מאַנטעלע, און ניט אופגעהערט ציטערן: פאַר שרעק, פאַר ווייטיק, נאָך אַלץ ניט אימשטאַנד צו באַנעמען, וואָס איז אָקאָרשט געשען און וויִאזוי איז דאָס געשען. וויִאזוי האָבן די באַנדיטן, וואָס האָבן אומגעבראַכט אירע עלטערן, זי ניט באַמערקט. און זי האָט ניט געקאָנט פויעלן בא זיך, וואָס וואָלט בעסער געווען. ערגעץ טיף אינווייניק האָט געקײַקלט א בראָטנדיקע כליפּערײַ, נאָר ארויסרײַסן זיך אף דער פרײַ מיט א גוואַלד אָדער כאָטש מיט א היכץ — ניט געקאָנט.

דערזען נאַכמענען, האָט זי געמיינט, אַז דאָס כאָלעמט זיך איר, אָדער זי גייט פּאָשעט אראָפּ פון זינען, אזוי אומגלייבלעך, פּאָשעט אומעגלעך האָט זיך איר דאָס אויסגעוויזן. דערפאַר האָט זי אזוי דרייסט און אומפאַרשעמט ארויסגעבראַכט זײַן נאָמען אינדערהויך.

— אוי, נאַכמענקע!

— ס'איז דו, עטעלע? — האָט ער איבערגעפרעגט, ניט גלייבנדיק זײַנע אויגן.

זיי זײַנען צוגעפאַלן איינער צום אנדערן, פאַרשיקערטע און פאַרגליווערטע פון אָט דער אומגעריכטער ארומנעמעניש, גליקלעך־אומגליקלעכע אין זייער פאַריאָסעמטקײַט, היימלאָזיקײַט, איינע אליין צווישן דעם פאַרברענטן און פאַרניכטעטן שטעטל. ער, נאַכמען, איז אַלט געווען נײַנצן יאָר, זי, עטעלע, האָט ערשט געדאַרפט דערקלײַבן זיך צו די זיבעצן.

— לאָמיר אנטלויפן, — האָט נאַכמען זיך אָנגערופן.

— וווּהין? — האָט עטעלע קוים ארויסגעכליפּעט.

— איך ווייס ניט, — איז ער זיך מוידע געווען. — נאָר מע דאַרף זיך ארויסראַטעווען פונעם שטעטל. דערנאָך וועלן מיר זען.

צו יענער באַנאַכטיקער שאָ זײַנען די באַנדיטן שוין געווען איבערגעזעטיקט און עמעסדיק פאַרשיקערט פונעם פאַרגאָסענעם בלוט, פאַרטרונקען דאָס אַלץ מיט פלעשער בראַנפן. ערגעץ האָט מען נאָך געשאָסן, נאָר די מערהײַט האָט געכראָפּעט אין די צעגראָמירטע הײַ־

זער. עפּשער טאַקע דאָס האָט מעגלעך געמאַכט, זיי זאָלן אומבאַשטערט זיך אַרויסקלײַבן פֿונעם שטעטל. װוּהין גײן האָבן זיי ניט געוווּסט. נאָר פֿאַר די אויגן איז געלעגן אַ ברייטער שליאַך, האָבן זיי זיך געלאָזט מיט אים, צוויי יעסוימים, צוויי פֿאַרליבטע, צוויי גליקלעך־אומגליקלעכע, וואָס האָבן ניט פֿאַרמאָגט קיין קאָפּיקע און אַפֿילע קיין שטיקל ברויט.

דער אומגליק האָט געשטיקט און געוואָרגן. דאָס גליק עפּשער נאָך מערער. זיי איז שרעקלעך געווען פֿאַרגלײַכן און אויסמעסטן דאָס דעראָבערטע מיטן פֿאַרלוירענעם. און אַרום איז געווען אַ זומערדיקע װעלט מיט הייסע זוניקע טעג און אויסגעשטערנטע נעכט. און אַ נאָגעניש אַזאַ, ערגער, ווי דער הונגער.

פֿאַר די צוויי טעג, וואָס זיי האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט, געשלאָפֿן דאָרט, ווו עס האָט זיי פֿאַרכאַפּט די נאַכט, און געגעסן דאָס, וואָס גוטע מענטשן האָבן געגעבן, האָבן זיי ניט אויסגערעדט צווישן זיך קיין איין וואָרט. דאָס, וואָס זיי האָבן געהאַט צו זאָגן איינער דעם אַנדערן, דאָס, וואָס זיי האָבן ניט איין מאָל איבערגעכאַזערט אין די געדאַנקען, האָט זיי איצט אויסגעזען ווילד, ניט אַף אַרויסצוברענגען. בלויז פֿון מאָל צו מאָל האָט בא עמעצן פֿון זיי זיך אַרויסגעריסן אַ ווייטיקלעכער קרעכץ, נאָך וועלכן עס האָט געדאַרפֿט קומען אַ גוואַלד, אַ ווייגעשריי, נאָר זיי האָבן אים גלײַך דערשטיקט אין זיך. ביידע האָבן אַלצײַנס זיך געשראָקן פֿאַר אָט דעם גוואַלד. ביידן האָט זיך געדוכט, אַז די שענסטע דערקלערונג אין ליבע פֿאַרמאָגט ניט דאָס, וואָס עס פֿאַרמאָגן זייערע דערשטיקטע גוואַלדן, זייער שווערע שווײַגעניש, ווען זיי וואַרגן זיך מיט יעדער ניט אַרויסגעבראַכט וואָרט.

אָפּגעשטעלט האָבן זיי זיך אין איינעם אַ דאָרף, וואָס האָט זיך זיי געדוכט זעלטן רויִק און מענוכעדיק, אַף טויזנטער ווערסטן ווײַט פֿון יענער שרעקלעכער נאַכט. אַלץ אַרום האָט זומערדיק געגרינט און געצוויטעט, געשמעקט פֿאַר זיי אומגעווייִנלעך־קוויקנדיק. דורכגעשפּאַנט אַ פּאָר דאָרפֿישע גאַסן מיט זייערע סעדער און גאָרטנער, האָבן זיי געטראָפֿן אין אַ געסל אַ דורכויס שטעטלדיקס, מיט הײַזער, ענג צוגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער, מיט שמאָלע טירן צו דער גאַס צו, און מיט ריינע, נידעריקע פֿידאַשקעלעך, אַף וועלכע עס האָט געבלישטשעט קעגן דער זון דער באַגינענדיקער טוי.

זיי האָט אַרײַנגענומען צו זיך איינע אַן עלטערע פֿרוי, אַן אַלמאָנע, וועמען מע האָט גערופֿן כאַנע די טעפּערן, צי דערפֿאַר, וואָס איר פֿאַרשטאָרבענער מאַן האָט אַמאָל אויסגעאַרבעט טעפּ, צי דערפֿאַר, וואָס זי אַליין פֿאַרקויפֿט זיי ביז הײַנט. איר גאַנצער אויסזען, דאָס אײַנגעקנייטשטע פּאָנעם, די אַלטע שקראַבעס, דאָס פֿאַרשמאָלצעוועטע קליידל און די האַלב־פּוסטע שטוב איז געווען פֿול מיט אַלמאָנישער אויסקומעניש. נאָך דעם, ווי זי האָט זיי געגעבן עפּעס איבערקײַען — אַ פּאָר פֿרישע אוגערקעס און גרינע ציבעלעס, האָט נאָכמען, באַקוקנדיק די האַלב־פּוסטע שטוב, אַ פֿרעג געטאָן:

— עפּשער וועט איר אונדז פֿאַרדינגען אַ צימער?

— און מיט וואָס וועסטו מיר צאָלן?

— מיט שנײַדערײַ.

— און ווער זײַט איר, פֿונוואַנען קומט איר עס אַהער?

אויסגעהערט זייער שרעקלעכע, אַ ביסל פֿאַרפּלאָנטערטע געשיכטע, האָט כאַנע אַרויסגעלאָזט אַ טרער. באַקוקט זיי ביידע מיט טיפֿן ראַכמאָנעס און מיטגעפֿיל, האָט זי אַ פֿרעג געטאָן:

— און וואָס קערט איר זיך אָן איינער מיטן אַנדערן?

— דאָס איז מײַן שוועסטערל, — האָט נאַכמען געענטפֿערט. — און זי קאָן אויך אַ ביסל נייען.

— אוי, איז עפּשער וועט איר טאַקע מיר איבערנייען אַ פּאָר קליידער? אַמאָל זײַנען זיי מיר געווען צו דער מאָס. און איצט הענגט אַלץ אַף מיר, ווי אַ זאַק.

קיין ניימאַשין האָבן זיי, פֿאַרשטייט זיך, ניט געהאַט, און אַלץ געדאַרפֿט אָפּטאָן מיט די הענט. און עטעלע, וואָס האָט ביז איצט קיין נאָדל אין דער האַנט ניט געהאַלטן, האָט אַפּגיך זיך אויסגעלערנט אויספּילן דאָס, וואָס נאַכמען האָט איר געוויזן. כאַנען איז זייער געפֿעלן געוואָרן זייער אַרבעט, און זי האָט דאָס צעפּויקט איבערן גאַנצן דאָרף. האָבן זיך

באַוויזן פיל באַלאַנים עפּעס איבערנייען, איבערניצעווען. ביידע, נאכמען און טעלע, האָבן געאַרבעט פון באַגינען ביז שפּעט אין אָוונט. געצאָלט האָט מען זיי מיט פּראָדוקטן: מיט מעל, מיט הירזש, מיט פּאַפּשוי. און אַפילע מיט צוקער. דאָס אַלץ האָט באַקומען כאַנע, און זי טאַקע האָט געפירט די באַלעבאַטישקייט: געקאָכט, געבאַקן און צוגעראַמט. ס'האָט זיך באַקומען גאַנץ פיין. און כאַנע אַליין האָט אָנגעהויבן אויסזען גאָר אַנדערש: רייַנער, ציכטיקער, צוגעקעמטער און צוגעגלעטער.

אין א שטיקל צייט אַרום האָט כאַנע אָנגעהויבן באַמערקן, אַז זיי באַציִען זיך איינער צום אַנדערן ניט אַזוי, ווי א ברודער מיט א שוועסטער: זיי קוקן ניט אַזוי, רעדן ניט אַזוי און שווייַגן אַפילע אויך ניט אַזוי. עפּעס שוין צו איידל באַציִען זיי זיך איינער צום אַנדערן. די צאַרטקייט רייַסט מאַמעש די אויגן. און דאָס רויטלען זיך זייערס, און דעריקער טאַקע דער קוק. אַזוי האָט געקוקט אַף איר מאַטל, ווען זיי זייַנען געווען כאַסן-קאַלע. און אַזוי האָט זי אויך געקוקט אַף אים. איז דאָס מיסטאַמע גאָר עפּעס אַנדערש, און ווער ווייסט? און אָן א כאַסענע! און איינמאָל האָט זי באַמערקט, ווי זיי האָבן זיך געקושט. און דאָס קושעניש זייערס!

איז זי אַרויס אַף דער גאַס מיט א גוואַלד:

— דאָס איז ניט קיין ברודער מיט קיין שוועסטער, — האָט זי געטייַנעט. — זיי זינדיקן! און איבער זייערע זינד... זיי וועלן ברענגען אַף אונדז א גרויסן אומגליק.

אומגליקן זייַנען דאַן געווען ניט ווייניק. אַף אַן אומגליק האָט מען געקאָנט וואַרטן יעדן טאָג. איז דאָס גאַנצע ייִדישע געסל זיך צונויפגעלאָפן אַרום כאַנעס שטוב, און אַלע, איינע העכער פונעם אַנדערן:

— אַרויסטרייַבן דאַרף מען זיי!

— זייער דער זאָל דאָ ניט זייַן!

אונטערגעמונטערט, אונטערגעהעצט מיט די גוואַלדן, איז כאַנע אַרייַן אין שטוב, א כאַפּ געטאָן טעלען פאַר אירע לאַנגע צעפּ און אַרויסגעשלעפּט אַף דער גאַס. גלייַך נאָך איר איז אַרויסגעלאָפן נאכמען.

— פאַרנעמט זיך פונדאַנען, — האָט דער עולעם זיך צעגוואַלדעוועט.

— אויסוואָרפן! אייַער דער זאָל דאָ ניט זייַן!

— ווי געפעלט דאָס אייַך? א ברודער מיט א שוועסטער!

טעלע איז געשטאַנען, פעסט צוגעטוליעט צו נאכמענען, דאָס פּאָנעם אירס האָט געפלאַמט פאַר שרעק און פאַר ביזאָיען. און א ציטער אַזאַ, אַף ניט בייַצוקומען, א גרוילעכער ציטער, ווי אין יענער שרעקלעכער נאַכט. זי האָט פאַרהויבן אירע אָנגעטרערטע אויגן צו נאכמענען, ער זאָל עפּעס צוטראַכטן, ער זאָל זאָגן עפּעס אַזוינס, עס זאָל ווערן א סאָף צו אָט די ווילדע גוואַלדן, צו אָט דעם מוירעדיקן ביזאָיען. נאָר נאכמען אַליין האָט אויך געציטערט און ניט געוווּסט וואָס צוצוטראַכטן. פּלוצלינג האָט ער זיך צעשריגן, כליפּענדיק:

— ס'איז א ליגן! מיר זייַנען ניט קיין אויסוואָרפן! מיר זייַנען צוויי אומגליקלעכע יעסוימים! קוים לעבעדיקע זיך געראַטעוועט פון א פּאָגראָם. און אויב איר ווילט... יאָ, מיר ווילן טאַקע כאַסענע האָבן!

— אַזוי גאָר? איר הערט? זיי ווילן כאַסענע האָבן!

— און פאַרוואָס טאַקע ניט? — האָט א צווייטער געפּרוּווט באַרויִקן דעם צעהיצטן עולעם. — לאָמיר שוין גיין אין רעוווקאָם, מע זאָל זיי פאַרשרייַבן.

יאָ, געשען איז דאָס אין ברען פון בירגערקריג, ווען עס זייַנען נאָך געווען רעוווקאָמען. דער פּאַרזיצער פון רעוווקאָם, וועמען מע האָט גערופן פּאָשעט איגנאַט, איז געווען געקליידעט אַזוי, גלייַך ער איז נאָך אַלץ א בודיאָנאָוועץ. אין א לאַנגער, שוין א ביסל אָפּגעריסענער שינעל ביז די פּיאַטעס, מיט א בודיאָנאָווקע אַפן קאָפּ, מיט א נאַגאַן אַף דער רעכטער זייַט פונעם רימען און מיט א קליין באָמבעלע אַפן סאַמע בויך. געווען איז ער א מענטש א גוטהאַרציקער און זייער א צוגעלאָזטער. אויסגעהערט די טייַנעס, וואָס טעלעכע ייִדן האָבן אויסגעלייגט פאַר אים, איבערשלאָגנדיק איינער דעם אַנדערן, באַקוקט כאַסן־

קאַלע, וואָס זײַנען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, גלײַך זיי זײַנען באַגאַנגען אַ שרעק־לעכן פאַרברעכן, האָט ער זיך אָנגערופן:

— איך וואָלט מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, נאָר דער רעוואָקאַם פאַרנעמט זיך ניט מיט אַזעלכע זאַכן. פאַרוואָס זאָלט איר אַליין ניט, לויט אײַערע געזעצן?

— און ווו זאָלן מיר נעמען אַ ראַוו?

— איז וואָס זשע, זאָל איך זײַן דער ראַוו? — האָט ער אַ שמייכל געטאָן. — עפּשער עמעצער אַנדערש?

עמעצער אַנדערש? ווער קאָן זײַן דער עמעצער אַנדערש?

— שאַ, און שימען? — האָט עמעצער אונטערגעזאָגט.

שימען איז געווען אַ האַלבער פּויער און אַ האַלבער קלייטניק. אַ שטיקעלע באַלטפילע אינעם קליינעם שולכל און אויך אַ שטיקל רופע פאַר אַ נויט. ער האָט געקאָנט שטעלן באַנקעס, אויסהערן דעם דויפעק, אָפּמעסטן די היץ און אייצעגען פאַרשיידענע רעפּועס, אַנהייבנדיק פון ריצנייל און ענדיקנדיק מיט אַ האָניק־טייגל.

— איז רופט אהער שימענען, — האָט פאַרגעלייגט דער פאָרזיצער פון רעוואָקאַם.

שימענען איז שווער געווען צו לייזן דעם איניען.

— איך בין דאָך ניט קיין ראַוו, — האָט ער געטײַנעט, — און איך האָב קיין רעכט ניט.

— מיר גיבן אײַך רעכט! — האָט עמעצער אויסגעשריגן. און אַלע האָבן אים אונ־טערגעהאַלטן. — מיר דערלויבן. ס'איז דאָך אַ ראַכמאָנעס!

דער פאָרזיצער פון רעוואָקאַם, דער בודיאָנאָוועץ איגנאַט, איז געווען אַ מענטש מיט אַן אײַזערנער לאָגיק.

— וואָס הייסט איר האָט קיין רעכט ניט? — האָט ער אײַנגערעדט שימענען, — דער רעוואָקאַם, ס'הייסט די ראַטנמאַכט, גיט אײַך די רעכט. און אַלע ייִדן זײַנען אויך מאַסקים.

באַמערקט, ווי שימען קווענקלט זיך אַלץ, האָט ער געזאָגט אַזוינס, וואָס האָט גע־בראָכן שימענס ספּייקעס.

— טראַכט עפּעס צו, עס זאָל זײַן אַזוי, ווי עס פּירט זיך באַ ייִדן. איר זעט דאָך! צוויי יעסוימים, קאָרבאָנעס פון די פּעטליורישע רעציכעס.

ס'איז געווען אַ שטילע כאַסענע, אָן קלעזמער און אָן אַ כופּע־וועטשערע, נאָר צו אָט דער אומגעוויינלעכער כופּע האָבן באַגלייט כאָסן־קאַלע אַלע ייִדן פונעם דאָרף און אויך ניט ווייניק קריסטן. און אַלע האָבן געהערט, ווי נאָכמען האָט נאָכגעזאָגט שימענען דעם „האַריי אַט" און געזען, ווי ער האָט איר אָנגעטאָן אַ פינגערל, וואָס שימען האָט זיי געשענקט. באַ דער כופּע איז געווען אויך דער פאָרזיצער פון רעוואָקאַם, און ווי פיל אַנדערע, אָפּגעגעבן מאַזלטאָוו דעם יונגן פאָרפאָלק. דערנאָך האָט ער זיי אַרויסגעגעבן אַ צײַגעניש, אַז זיי האָבן כאַסענע געהאַט לויט אַלע קלאָלים פון ייִדישן געזעץ.

דעם צווייטן טאָג האָט דאָס יונגע פּאָרל פאַרלאָזט דאָס שטעטל, זיי האָבן ניט גע־קאָנט קוקן די היגע מענטשן אין די אויגן. זיי איז שווער געווען פילן אויף זיך בליקן, פול מיט יענע געהיימע רעמאָזימלעך. מעגלעך, אַז דאָס האָט זיך זיי מערער געדוכט, ווי דאָס איז געווען אינדערעמעסן.

פאַרפּאַקעוועט צוויי ניט קיין גרויסע קלומעקעס, איבערגעלאָזט כאַנען אַלץ, וואָס זיי האָבן פאַרדינט פאַר די לעצטע פאַר וואָכן — דאָס מעל, די קאַרטאָפל און די פּאַפּשוי, האָבן זיי אַרום האַלבער נאַכט, ווען אַלע זײַנען געשלאָפן, זיך אַרויסגעגאַנוועט פונעם דאָרף.

— וווּהין זשע וועלן מיר גיין? — האָט עטעלע געפרעגט.

— קיין קאַמענעץ! — האָט נאָכמען אויסגעשריגן. — דאָרטן...

וואָס דאָרטן האָט נאָכמען ניט געוווסט. ער איז דאָרטן קיינמאָל ניט געווען, נאָר פאַר אים איז קאַמענעץ, די גובערנסקע שטאָט, געווען דער גרעסטער צענטער אין דער וועלט. און גיין אהין האָט מען געדאַרפט ניט קיין סאַך, אינגאַנצן צוויי טעג.

אין קאַמענעץ איז זייער לעבן אַוועק גלײַך מיט פיל אַנדערע לעבנס פון יענער צײַט. אינגיכן האָבן זיי ביידע אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ שנײַדער־אַרטעל. אין אַ פּאָר יאָר אַרום

איז בא זיי געבוירן געוואָרן א ייִנגעלע, ווען זיי האָבן א נאָמען געגעבן נאָך ביידע אומ־געקומענע טאַטעס, און נאָך אין א פּאָר יאָר ארום — א מיידעלע, וועמען זיי האָבן א נאָמען געגעבן נאָך ביידע אומגעקומענע מאַמעס. און אַלעמאָל בא א גרויסן יאָמטעוו אָדער אין א פּאַשעטן רו־טאָג, ווען זיי ביידע איז גוט אפן הארצן, נעמען זיי ארויס די ציַיגעניש פונעם רעוואָקאַם, און עס טוט א ווייע אף זיי מיט יענע וויַיטע ציַיטן, בייס וועלכע עס האָט זיך אויסגעמישט פאר זיי אַלץ איינעם: גליק און אומגליק, שוידער און ביזאַיען, די צעיושעט־קיַיט פונעם אופגערייצטן אוילעם ייִדן, וועלכע זיַינען גרייט געווען זיי דוירעס זיַין, און זייער פלאַמיקע גוטהארציקיַיט, ווען זיי האָבן גליַיך נאָך דער כופּע אָפּגעגעבן זיי א שיינעם מאזלטאָוו, און פיל וויַיבער האָבן געוואָרפן זיך קושן.

דערנאָך איז געווען נאָך פיל שוידערלעכס, ווען ער, נאכמען, איז אוועק אפן פראָנט און עטעלע מיט די קינדער האָט עס פאריאָגט בייס דער עוואקואַציע ערגעץ טיף אין סיביר, ווען זייערע קורצע און זעלטענע בריוועלעך זיַינען געווען פול מיט פרישער ליבע און היי־סער בענקעניש, ווען זיי האָבן ניט אופגעהערט איבערכאַזערן אין די בריוועלעך דאָס, ווי־אַזוי זייער ליבע האָט זיך אָנגעהויבן און צו וואָס זי האָט שפּעטער געבראַכט.

די כאַסענע האָט געהאַלטן סאַמע אינדערמיט. די יוגנט האָט שוין פארלאָזט די טישן און געפּרוּווט אויסטאַנצן אַלץ, וואָס די קלעזמער האָבן געשפּילט. די עלטערע ליַיט זיַינען געזעסן אף זייערע ערטער, ווער ס׳האָט הינען עפּעס זיך דורכגעשמועסט און ווער ס׳האָט געטראַכט פאר זיך פארשיידנס... און ווען מע זאָל קאָנען איבערדערציילן אָט די אַלע שמועסן און אויך דאָס, וועגן וואָס יעדערער האָט געטראַכט, וואָלט זיך באקומען וויַיט ניט קיין כאַסענעדיקס. ארום די טישן איז דאָך געזעסן א דאָר, וואָס איז פיל אויסגעשטאַנען, סיַי אין די פרידלעכע יאָרן, באַזונדערס בייס דער בלוטיקער מילכאָמע, וואָס האָט ניט אויסגעמיטן קיין איין פאַמיליע מיט איר שוידער און מיט אירע אומגעהיַיערע פארלוסטן.

געטראַכט האָט אויך נאכמען. א ביסל שפּעטער האָט ער באַמערקט, אַז זיַין עטעלע זיצט באַם טיש, ווי ניט קיין היגע. און אַז אין אירע טעלערלעך איז אַלץ געבליבן קימאַט ווי ניט גערירט.

— וואָס איז מיט דיר, עטעלע? — האָט ער געפרעגט. — וועגן וואָס האָסטו זיך פאַטראַכט?

— איך האָב זיך דערמאָנט אין אונדזער כאַסענע, — האָט זי אָפּגעענטפערט און אופ־געהויבן צו אים אירע אָנגעטרערטע אויגן.

# די אײביקע װוּנד

**אין סענטיאַבער כוידעש וועט ווערן פופציק יאָר, זינט די פאַשיסטישע מערדער האָבן אויסגעשאָכטן אין באַבי יאַר די קיִעווער ייִדן. מיר ברענגען דאָ אַ שמועס מיטן פאָרזיצער פונעם סאָוועטישן געזעלשאַפטלעכן צענטער „באַבי יאַר“, דעם קינאָרעזשיסער אַלעקסאַנדער שליַיען.**

„סאָוועטיש היימלאַנד“: אונדז איז באַוווּסט, אַז אין באַבי יאַר פאַרמאָגט איר אַ „פּערזענלעכן ביילעק“. עפשער וואָלט איר, אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש, דערציילט וועגן דעם די לייענער.

א. שליַיען: אַז עס איז פאַראַן אויף דער וועלט אַ באַבי יאַר, האָב איך דאָס ערשטע מאָל זיך דערוווּסט ווינטער 1942, אין יאַנוואַר אָדער פעברואַר כוידעש. געשען איז עס אין דער שטאָט אָרענבורג, וווּהין איך האָב זיך עוואַקויִרט מיט דער מאַמען. כ׳בין נאָך געווען אַ קינד און לאַכלוטן ניט פאַרשטאַנען, וואָס עס באַטיַיט הארגענען אַפּילע איין מענטשן, און דאָ — פּיל צענדליקער טויזנטער... אָבער דער איקער איז צו מיר דערגאַנגען: ניט מיַין באָבעשי דאָרע, ניט מיַין מומע סאָניע, דעם טאַטנס שוועסטער, ניט מיַינע קיִעווער כאַווייִרים, מיט וועמען כ׳פלעג זיך שפּילן און פריַינטלעך פאַרברענגען, וועל איך שוין קיינמאָל ניט זען — מע האָט זיי דערמאָרדעט בלויז דערפאַר, וויַיל זיי זיַינען ייִדן.

מיט מיַינע אייגענע אויגן האָב איך לעכאַטכילע דערזען דעם וויסטן ברודער־קייווער אין סאָף סענטיאַבער 1944, ווען איך און מיַין מאַמע האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. גליַיך פונעם וואָקזאַל זיַינען מיר אַוועק צום באַבי יאַר. די מאַמע האָט געוואָלט אַליין דורכגיין דעם וועג, מיט וועלכן עס האָבן געשפּאַנט אין 1941 די קיִעווער ייִדן, און אויך מיך האָט זי דורכגעפירט מיט אָט דעם וועג, ביז צו דעם שוידערלעכן יאַר.

וואָס האָט זיך דעמלט פאַרקריצט אין זיקאָרן? ביז היַינט געדענק איך דעם האַמוין אַפן ראַנד פונעם יאַר און די בערג בלומען. ייִדן און ניט־ייִדן האָבן אָן אופהער געשטראָמט אויף קייווער־אָוועס. טאַקע דעמלט האָט די מאַמע אַראָפּגענומען פונעם באַבי יאַר אַ ביסל ערד, איבערגעמישט מיט ביינדלעך, און געזאָגט צו מיר: „זונעלע, איך ווייס ניט, ווי־אַזוי עס וועט וויַיטער גיין דיַין לעבן, אָבער טו אַלץ, עס זאָל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן דער באַבי יאַר. פאַרהיט אָט די ערד...“

אין 1989, דעם 19 נאָיאַבער, אין ירושלים, אינעם אינסטיטוט יאַד־וואַשעם איז „מיַין“ ערד פונעם באַבי יאַר געבראַכט געוואָרן צו קווּרע אין לעזיקאָרן־זאַל, באַם אייביקן פיַיער האָט געהילכט אַ יִיזקער־טפילע.

„ס.ה.“: מיט איין געבאָט פון דער מאַמען האָט איר זיך גוט ספּראַוועט. ווי האַלט עס מיט דעם צווייטן טייל פון איר צוואָע?

א.ש.: איך מיַין, אַז ביזן סאָף פון מיַין לעבן וועט זיך מיר ניט איַינגעבן פאַרווירקלעכן אַלץ, וואָס כ׳בין מעכויעוו אופצוטאָן, קעדיי אויספילן דער מאַמעס אָנזאָג. נאָר עפּעס־וואָס טו איך, מיט פאַרלייגטע הענט זיץ איך ניט. קוידעמקאָל האָב איך, אַלס רעזשיסער, געשאַפן אַ דאָקומענטאַלן קינאָפילם „באַבי יאַר — אַן אָנלערנונג פון דער געשיכטע“. איך האָף, אַז מיַין ווערק וועט העלפן די מענטשן פון דער גאָרער וועלט געדענקען וועגן דער טראַגעדיע, וועלכע האָט פאַסירט אויף דער קיִעווער ערד. דער פילם מיַינער איז דעמאָנסטרירט געוואָרן אין אַמעריקע, האָלאַנד, ענגלאַנד, איטאַליע, פראַנקריַיך, פאַרשטייט זיך — באַ אונדז אין לאַנד. עס האָט אים באַוויזן אויף איר עקראַן די צענטראַלע טעלעוויזיע, די טעלעוויזיע פון אוקראַיִנע.

„ס.ה.“: מיר דערמאָנען זיך, אַז איר זיַיט אויך אַ ליטעראַטאָר. לויט די סצענאַריען, וואָס איר האָט פאַרפאַסט, זיַינען געשטעלט געוואָרן קינאָפילמען. צי האָט איר געשריבן עפּעס וועגן באַבי יאַר?

א.ש.: איך האָב צוגעגרייט צום דרוק א בוך, וואָס הייסט „באבי יאר". ער איז שוין אויסגעזעצט, איז אָבער א הײַנטצײַטיקע צאָרע — קיין פּאפּיר ניטאָ, מע זאָל אָפּדרוקן דעם טיראזש...

„ס.ה.": מיר בעטן אײַך, אלעקסאנדער אלעקסאנדראָוויטש, פאַרפּינקטלעכן, ווען איז געגרינדעט געוואָרן דער געזעלשאפטלעכער צענטער „באבי יאר".

א.ש.: איך און מײַנע כאוויירים זײַנען שוין לאנג געפאלן אפן סייכל, אז עס איז נויטווענדיק צו שאַפן א היסטאָריש־אויפקלערערישע געזעלשאפט, אָבער בלויז אין מארט 1989 האָבן מיר געגרינדעט אָפיציעל דעם צענטער „באבי יאר", וועלכער איז אין 1990 אין א ספּעציעלער באשטימונג פאַרעגיסטרירט געוואָרן מיצאד דעם מיניסטעריום־ראט אלס רעפּובליקאַנישער.

„ס.ה.": צי האָט ער עפּעס א גלאָבאלן פּלאַן?

א.ש.: די רעגירונג פון אוקראַינע איז לעצטנס אײַנגעגאנגען אף א טראָט, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין פּרעצעדענט: לויט דער באשטימונג פונעם 26 סעפּטיאבער 1990, איז געגרינדעט געוואָרן אן אָרגאַניזאציאָנעלער קאָמיטעט — אין ראנג פון א רעגירונגס־אינסטאנץ — אף צוגרייטן און דורכפירן דעם פופציקסטן יאָרצײַט פון דער טראגעדיע אין באבי יאר.

„ס.ה.": ווער גייט ארײַן אין קאָמיטעט?

א.ש.: בעראָש פון דעם קאָמיטעט שטייט דער פאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פון דעם אוקראַינישן מיניסטאָרן־סאָוועט סערגיי קאָמיסארענקאָ. זײַנע פאַרטרעטער: דער אוקראַינישער שרײַבער, פאָלקס־דעפּוטאט פונעם אויבער־סאָוועט פון פּססר יורי שטשערבאק און איך, שלײַען. מיטגלידער זײַנען די אָנפירער פון פאַרשיידענע מיניסטעריומס, אמטן, שעפערישע פאַריינען, געזעלשאפטלעכע אָרגאַניזאציעס, טוער, שרײַבער, צווישן זיי דער פּראָזאַיקער הערשל פּאָליאנקער, דער געוועזענער פּארטיזאַנישער קאָמיסאר לעאָניד בערנשטיין, דער אָרגאַניזאטאָר פונעם אנטלויפן פון די אסירים פון באבי יאר יאקאָוו קאפּער.

„ס.ה.": וואָס טוט שוין דער קאָמיטעט?

א.ש.: עס איז געמאָלדן געוואָרן דער ערשטער טור פונעם קאָנקורס אף א בעסטן פּראָיעקט פאַר א מעמאָריאלן קאָמפּלעקס אף דעם אָרט פון דער צעשיסונג. ס'איז אָנגענומען א באשטימונג מיצאד דעם קיִעווער שטאָטראט, אז דער 29 סענטיאבער וועט זײַן אין קיִעוו א טאָג פון יִזקער און טרויער. אין אָט דעם טאָג וועלן ווערן אראָפּגעלאָזט די פלאגן, ארומגעזוימטע מיט שווארצן קרעפּ־שטאָף. אין אלע רעליגיעזע געמיינדעס — קריסטלעכע, קאַטוילישע, מוסולמענישע, יִידישע — וועט אָפּגעריכט ווערן א יִזקער. אין קינדער־שולן זײַנען פאָרויסגעזען לימודים, געווידמעט דעם אָנדענק פון דער שכיטע אין באבי יאר. ס'ווערט צוגעגרייט א קינסטלערישע אויסשטעלונג, מיטן אָנשלוס און אָנטייל פון פאַרשיידענע לענדער פון דער וועלט. א גרויסן אינטערעס וועט פאָרשטעלן די צווישנפעלקערלעכע אויסשטעלונג פון ביכער, דאָקומענטן, פאָטאָגראפיעס וועגן באבי יאר, וועגן דער קאטאַסטראָפע פון די יִידן, וועגן דעם גענאָציד.

אין פולן גאנג איז די צוגרייטונג צום צווישנפעלקערלעכן קינאָפעסטיוואל וועגן די זעלבע פּראָבלעמען.

עס איז שוין גרייט צו דער עקספּאָנירונג די אויסשטעלונג פון אלטערטימלעכן „יִדישן זילבער", וועגן דער יִדישער דעקאָראטיווער פּראַקטישער קונסט.

עס איז שוין באשטעטיקט און ווערט טיראזשירט א געדענק־מעדאל. מיר פּראָדוצירן אויך א סעריע געדענק־צייכנס און פּלאקאטן, געווידמעט דעם יאָרצײַט.

ס'וועלן דערשײַנען ביכער: זאמלונגען מיט פאָרשונג און דאָקומענטאלע מאטעריאלן; א מארטיראָלאָג פון די קאָרבאָנעס פונעם באבי יאר. מיר פּלאַנירן דורכצופירן א צווישנפעלקערלעכע וויסנשאפטלעכע קאָנפערענץ, געווידמעט דער קאטאסטראָפע.

דעם 29 סענטיאבער 1991 וועט דורכגעפירט ווערן דער פײַערלעכער אקט, דער מיטינג־רעקוויעם. אין אָט דעם טאָג וועלן פיל טויזנטער קיִעווער טוישוּוים און געסט דורכגיין דעם וועג צום באבי יאר. דאָרט וועלן אויסגעהערט ווערן רעדעס פון פאָרשטייער און שעליכים פון פאַרשיידענע לענדער און קעהילעס, טפילעס פון די עמונעס. לעסאָף וועלן די בעסטע מוזיקאנטן פון דער רעפּובליק, די כאָרן, ארטיסטן אויסשפּילן א רעקוויעם, די מוזיק צו וועלכן עס פאַרפאסט דער באוווּסטער קאָמפּאָזיטאָר יעווגעני סטאנקאָוויטש און די ווערטער שרײַבט דער דיכטער דמיטראָ פּאוולישקאָ. דער רעזשיסער פונעם יִזקער־אקט איז דער פאָלקס־ארטיסט פון פּססר סערגיי דאנטשענקאָ.

די טרויער־אקציע וועט דויערן א גאנצע וואָך.

מיר פאַרבעטן אלע אונדזערע סאָוועטישע און אויסלענדישע ברידער און שוועסטער זײַן צוזאמען מיט אונדז אין קיִעוו באם באבי יאר.

אלעמען גאראנטירן מיר אונדזער גאסטפרײַנטלעכקײַט און א ווארעמען אופנאם.

באבי יאר איז אונדזער אייביקע, אומהיילבארע ווונד. אָפּגעבנדיק קאָוועד דעם אָוואר, קלערן מיר וועגן דער צוקונפט, ווײַל אָן דער פאַרגאנגענהײַט איז ניטאָ קיין מאָרגעדיקער טאָג.

„ס.ה.": עפּעס דערמאָנט איר ניט דעם דענקמאָל, וועלכער איז איצט דער איינציקער אין באבי

יאר. פאַרוואָס פאַרגעסט איר, לאָמיר אַזוי פאָרמולירן די פראַגע, וועגן אים?

א.ש.: דער דענקמאָל, וועגן וועלכן עס גייט אַ רייד, איז אויפגעשטעלט געוואָרן מערער לעקאָוועד די קעמפער, איידער לעזיקאָרן די קאָרבאָנעס. ער געפינט זיך אַ קילאָמעטער אָנדערהאַלבן פונעם אָרט, ווו עס איז פאָרגעקומען די גרויזאַמע צעשיסונג. אויפן דענקמאָל איז אפילו דאָס וואָרט „באַבי יאַר" ניט אויסגעקריצט, און וועגן ייִדן — קיין איין אויסיִעלע ניט.

„ס.ה.": אַזאַ אָפּשאַצונג פון דער מעמאָריִאַלער מאַציייווע איז אַן אייגנהייטלעכע באַ דער גאַנצער קאָמיסיע, אָדער דאָס איז דעם כאַווער שלײַענס פערזענלעכע מיינונג?

א.ש.: ווען עס זאָל זײַן נאָר מײַן שטעלונג, וואָלט ניט געמאָלדן געוואָרן אַ קאָנקורס, וועלכער איז אָנגעוויזן אין די פלענער פונעם אָרגקאָמיטעט.

„ס.ה.": ווער פינאַנסירט דעם קאָנקורס?

א.ש.: דער סאָוועטישער געזעלשאַפטלעכער צענטער „באַבי יאַר". אַגעוו, די פרעמיעס פאַר די בעסטע פראָיעקטן זײַנען גאַנץ הויכע — פון צען ביז דרײַטהאַלבן טויזנט רובל.

„ס.ה.": ווען וועט דערעפנט ווערן דער מעמאָריִאַל?

א.ש.: מיר פלאַנירן, אַז דאָס וועט געשען דעם 29 סעפּטיאַבער 1993, צום פופציקסטן יאָרצײַט, זינט דעם סאָף פונעם באַבי יאַר.

„ס.ה.": אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש, מיר וואָלטן וועלן וויסן, צי באַקומט אײַער צענטער מאַטעריעלע שטיצע אין פאָלק?

א.ש.: מיר טוען אַלץ, ביכדיי צו באַקומען אַן אַנערקענונג באַ די ברייטע מאַסן. וועגן דעם ביפראַט זאָגט איידעס אונדזער ווענדונג צום פאָלק, וועלכע ס'וואָלט געווען ווינטשנסווערט פאַרעפנטלעכן אין „סאָוועטיש היימלאַנד". דערווײַל האַלט זיך דער געזעלשאַפטלעכער צענטער „באַבי יאַר" הויפּטזאַכלעך אויף די פליגל פון ענטוזיִאַסטן, אַזעלכע, ווי דער אינזשעניער דאַוויד פעלדמאַן, דער איווריטלערער דאַוויד גאָדאָווסקי, דער אינזשעניער יעווגעני פישזאָן, דער געוועזענער קאַצעטלער פון באַבי יאַר יאַקאָוו קאַפער, די קונסטקענערן אַלאַ רעווענקאָ־שלײַען. עס זײַנען דאָ אויך קאָלעקטיווע מיטגלידער, אשטייגער, די קולטור־געזעלשאַפט אויף שאָלעם־אַלייכעמס נאָמען באַם שרײַבער־פאַריין, דער שטאָטישער אַרכיוו. באַם רעפּובליקאַנישן געזעלשאַפטלעכן צענטער „באַבי יאַר" זײַנען אײַנגעשטעלט קאָנטאַקטן מיטן יאַד־וואַשעם, מיט דער קיִעווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ייִסראָעל, אינעם סאָוועט פון אונדזער צענטער גייען אַרײַן דער ייִסראָעלדיקער היסטאָריקער ייִצכאָק אַראַד, דער ראָש פון דער קיִעווער לאַנדסמאַנשאַפט מאָשע לײַנער.

כ'וואָלט ניט געזאָגט, אַז מיר זײַנען אַ פאַרמעגלעכע אָרגאַניזאַציע, אַז מיר האָבן רײַכע ספאָנסאָרן. יעדע קאָפּיקע איז פאַר אונדז טײַער. מיר וואַרטן, אַז וויפל ווער עס קאָן, זאָל מענאַדעוו זײַן פאַרן דענקמאָל אין באַבי יאַר. איך פערזענלעך שענק דעם צענטער מײַן האָנאָראַר פאַרן בוך. מיר וואָלטן זײַן צופרידן, ווען דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד" ווערט אַ קאָלעקטיווער מיטגליד פונעם מעמאָריִאַל־צענטער „באַבי יאַר".

„ס.ה.": אַלעקסאַנדער אַלעקסאַנדראָוויטש, אין אײַער וועג צום „באַבי יאַר" זײַנען געווען שווערייקײַטן, פרייד, צאָרעס, דײַגעס. די צוקונפט זאָגט אויך ניט צו קיין גלאַטע וועגן. איר האָט ניט כאַראָטע, וואָס איר האָט אויסגעוויילט אָט די טעטיקײַט?

א.ש.: קיין קאַפּל ניט! איך האָב זיך געלערנט אינעם אַזויגערופענעם וגיק — אין אַלפאַרבאַנדישן מעלוכישן אינסטיטוט פון קינעמאַטאָגראַפיע, כ'האָב אים פאַרענדיקט אין 1963. אַהין בין איך אָנגעקומען שוין אַ געבילדעטער — אַן אינזשעניער. דאָרט האָט מען מיך געלערנט אַרויסטרײַבן פון זיך די שרעק. כ'בין ניט איבערצײַגט, אַז מײַן גורל וואָלט מיך פאַרבונדן און פאַרקניפּט מיט דעם באַבי יאַר, ווען ניט צוויי וויכטיקע אומשטאַנדן, ריכטיקער געזאָגט, ווען ניט צוויי מענטשן: די שרײַבער איליאַ ערענבורג און מאַקס שאַך־אַנין. מיט איליאַ ערענבורגן פלעג איך זיך באַגעגענען בײַס מײַן לערן אין אינסטיטוט, ווען כ'האָב איינמאָל פירגעוואָרפן דעם קאָריפיי, פאַרוואָס ער, אַזאַ באַגאַבטער און מעכטיקער מעכאַבער, גייט פאַרבײַ די טעמע „באַבי יאַר", האָט ער מיט אַ זיפץ זיך אָפּגערופן: „אין איר איז צופיל בלוט. איך קאָן שוין אַזעלכס ניט אויסהאַלטן. דאָס איז פאַר יונגע — טוט אַ פרווו". כ'האָב אַ פרווו געטאָן, און בין שוין „פאַרבליבן" אין באַבי יאַר. מיט שאַך־אַנינען איז די זאַך פאַשעטער — ער איז מײַן פעטער. ער האָט מיך פאַוואָלינקע אונטערגעשטופּט צום באַבי יאַר. „דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז אָפּזוכן דעם עמעס, — פלעג ער מיט מיר טײַנען. — אין דער געשריבענער געשיכטע פון די ייִדן באַ אונדז אין לאַנד איז פאַראַן פלאָנטער, אפילע שעקער, סײַ פון רעכטס, סײַ פון לינקס, אַרום און אַרום..."

דער זיקאָרן וועגן באַבי יאַר קאָנסאָלידירט דאָס פאָלק.

יוסף שוסטער

# דער לעצטער קוואָרעסמאַן פון פּאָלאַצק

די עליה 90 — 91 האָט מאַמעש פאַרכלינעט אַלע גרעסערע און קלענערע שטעט פון ישׂראל, בעסויכעם אויך די קיבוצים. זי האָט אומגעהײַער פאַרגרעסערט די אַרבעטלאָזיקייט אין לאַנד און צוזאַמען מיט דעם אויך דעם מאַנגל און דעם יאַקרעס אַף דירעס. אויך די סופּערמאַרקעטן, אַלע געוויינלעכע קראָמען און באַזאַרן (שוקן, ווי זיי הייסן דאָ), אין גרונט איבערגעפּולטע מיט שפּײַז־פּראָדוקטן און מיט פאַרשיידענע זאַכן פון מאַסן־געברויך, שטייען ניט אָפּ אינעם העכערן די פּרײַזן. אַ פּאַראַדאָקס — אַלץ איז פאַראַן, ווו נעמט מען געלט אַף צו קויפן, ווען עס קלעקט ניט אַף דער הוצאָה?

אומעטום שפּירט זיך די ניט־צוגעגרייטקייט פון דער מעדינע אויפצונעמען און אַרבסאָרבירן אַזאַ מאַסן־צופלוס פון מענטשן. פאַר טויזנטער אינזשעניערן און דאָקטוירים, לערער און אַנדערע ספּעציאַליסטן סטײַען ניט קיין אַרבעטס־פּלעצער. אַזוי, יעדערער באַזונדער זוכט פאַר זיך אַן אויסוועג, וויאַזוי זיך צופּאַסן צו די נײַע פאַר אים אומדערוואַרטע אומשטאַנדן. וואָס שײַעך די מאַנהיגים פון דער ליקוד־רעגירונג האָבן זיי, זעט אויס, לאַכלוטן ניט פאָרויסגעזען אַזאַ סיטואַציע. באַפּולמעכטיקטע דערצו מיניסטעריומס באַשולדיקן איצט איינע די אַנדערע און קיין קאָנקרעטע מײַסים זעט מען דערווײַל ניט.

קעדיי דערזען באַשײַמפּערלעך דעם קימאַט קאַטאַסטראָפאַלן מאַצעוו אין דער איצטיקער ברייט צעפּויקטער און פאַרכאַפּנדיקער עליה, איז גענוג אַרײַנקומען אין אַ באַליביקער אָרטיקער סאָכנוט־פאַרוואַלטונג, ווו עס הערשט אַן אומבאַהאָלפנקײַט צו באַפרידיקן די באַגערן און נויטן פון די רעפּאַטריאַנטן. מענטשן קומען, בעטן און פאָדערן (דעריקער וויינונגען), אַנדערע, שוין אַפילע אַנטוישטע אין זייערע איליוזיעס, באַזונדערס אַ סאַך יונגע מענטשן, וועלכע זײַנען, מעגלעך, צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן געקומען אין באַריר מיט אַזעלכע שוועריקײַטן. זיי זוכן אַרבעט, מאַכנדיק זיך פאַרגעסן אין דער אַנטשפּרעכיקער קוואַליפיקאַציע, ניט האָבנדיק אין אומגאַנג דאָס איוורית־לאָשן. עס ווײַזן אַרויס אומצופרידנקײַט אויך עלטערע מענטשן, פּענסיאָנערן, אָפּטמאָל מיט איבערגעטריבענע פאָדערונגען און נערוועזקײַטן, ניט ווייניק גלאַט סקאַנדאַליעזע, וואָס האַלטן אין איין זוכן גערעכטיקײַט.

אָט בין איך, לעמאָשל, אָנומלטן בייסן אַרויסגיין פון „מײַן" סאָכנוט־פאַרוואַלטונג צופעליק געקומען אין באַריר מיט אַ באַיאָרטן רעפּאַטריאַנט, שוין פון פּענסיע־עלטער, וועלכער האָט מיט נערוועזע אויגן געזוכט, ווײַזט אויס, פאַר וועמען אויסצוגיסן זײַן אָנגעווייטיקט האַרץ.

— צו וואָס האָב איך געדאַרפט אַהער קומען און דאָ זוכן אַף דער עלטער אַ דאַך איבערן קאָפּ? — האָט דער אומבאַקאַנטער פּלוצעם זיך אַ קער געטאָן צו מיר. — גאָט מײַנער, איך האָב געהאַט אַלץ און אַלץ פאַרלאָרן!

איך האָב געפּרוּווט אים באַרויִקן:

— וואָס זשע, איר שלאָפט דען, כאָלילע, אַף דער גאַס?

— שוין אַריבער אַ כוידעש, אַז איך ווױן מיט פרעמדע מענטשן אין אַ בעשוטפעסדיקן צימער!

כ'האָב אַ טראַכט געטאָן: צי איז ער, דער אָפּגעבראַכטער ייִד, טאַקע גערעכט? צײַטווײַליקע אומבאַקוועמלעכקײַטן אין אַזאַ אומגעבונג זײַנען ניט קיין נײַס. איך פאַרשטיי נאָך די יונגע אוילים מיט זייערע פאַמיליעס, וועמען די מאָגערע אַזויגערופענע „סאָכנוט־קאָרזינע" קלעקט ניט אַפילע פאַר סכאַר־דירע, און זיי האָבן שוין נאָכן דורכגיין די לערע אין די אולפּאַנען אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון דער לישקוט־אַוואָדאַ, קעדיי באַקומען כאָטש אַ וואָסער־ניט־איז אַרבעט. אינזשעניערן זײַנען גרייט צו גיין אַף אַ באַליביקער שטעלע, שוין אָפּגערעדט פון די דאָקטוירים, וואָס האָבן לעצטנס פּראָטעסטירט

אין ירושלאַיִם בײַ דער קנעסעט, און אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק האָבן געמאָלדן אַ הונגערשטרײַק. מיניסטעריומס, וואָס זײַנען באַרופן צו פאַרנעמען זיך מיט דער אַבסאָרבציע, פּרוּוון זיך באַרויִקן דעם עולם מיט ניט רעאַלע צוזאָגן.

און, פון דער צווייטער זײַט... יענע, וואָס האָבן שוין אַזוי גיך פאַרגעסן, פאַרוואָס און צוליב וואָס זיי זײַנען געלאָפן פון דער אַלטער היים, באַקומען דאָך דאָ אויך אַ סטאַבילע פּענסיע, וואָס קלעקט צום לעבן, אַ גענוגנדיקע סומע אויף באַצאָלן פאַר דער דירה. זיי האָבן, ווי מיר שײַנט, פאַרשעט פאַרלירן די מאָס פון געדולד...

אויפן אַנדערן טאָג אינדערפרי האָב איך טאַקע ווידער לעבן דער סאָכנות־פאַרוואַלטונג באַגעגנט דעם אומצופרידענעם רעפּאַטריִאַנט, אָבער שוין אַ ביסל מער אַ רויִקערן און צוגעלאָזענעם. ער האָט זיך צו מיר געווענדט מיט רעספּעקט:

— אַנטשולדיקט, אדוני, איך האָב אײַך נעכטן מיט מײַנע ריידערײַען עפּשער צערודערט...

— עט, ס׳מאַכט ניט אויס... יאָ, איז וווּהין גייט ווידער אַזאַ ייִד ווי איר?

— וואָס הייסט וווּהין? ווידער זוכן אַ דירה, זאָל זײַן אַ וועלכע־ניט־איז, אַבי אַליין.

— וואָס זשע, איר זײַט אָן אַ ווײַב?

— אַזוי ווי איר זעט מיך, בין איך דאָ איינער אַליין. דאָס ווײַב איז געשטאָרבן אין סאַמע ערעוו פּייסעך...

דער אומבאַקאַנטער האָט אויסגעוואָרט אַ שווערע רעגע.

— יאָ, טאַקע הײַנטיקן ערעוו פּייסעך, — האָט ער איבערגעכאַזערט, — איז זי ניפטער געוואָרן, אָבער ניט דאָ, אין סאָיוז.

— און פונוואַנען לאָזט זיך עס איינער אַליין אין ווײַטן וועג אַרײַן אַזאַ ייִד ווי איר?

— פון בעלאָרוסיִע, אַ פּאָלאָצקער בין איך. איר׳ט געהערט אַזאַ שטאָט? מיט מײַן געוועזענער פּלוינעסטע, אָלעהאַשאָלעם, האָב איך, אייגנטלעך, זיך צעגעט מיט פיר כאַדאָשים פאַר מײַן אָפּפאָרן.

דערזען, אַז די זאַך כידעשט מיך, האָט ער פאַרגעזעצט:

— דאָס האָט געמוזט אַזוי פאָרקומען צווישן אונדז, ווײַל מיר זײַנען ביידע פון פאַרשיידענע כאַראַקטערן.

אַ ווערטעלע צו זאָגן, אַזאַ אַלט פּאָרפאָלק האָט זיך פאַרמאָסטן מיט די כאַראַקטערן, ווען איר איז שוין געווען זיבעציק און אים נעענטער צו די אַכציקער...

— וואָס נאָך וויל איך אײַך באַמערקן, — טײַנעט דער ייִד מיט היסלײַוועס, — איך בין, פאַרשטייט איר מיך, אַ מענטש אַ גלויביקער, בין איך דאָ אַוועק צום ראָוו פרעגן, צי איך דאַרף זיצן שיווע, האָט ער געענטפערט: „אויב איר האָט מיט איר מער ניט געלעבט אונטער איין דאַך, דאַרפט איר ניט זיצן שיווע...“ כ׳גיי רעגולער זיך מיספּאַלעל זײַן אין אַ בייסקנעסעט, נאָר ניט צו די כאַבאַדניקעס, איך האַלט ניט פון די בערדיקע מיט די לאַנגע פּייעס, זיי זײַנען באַרײַסער. איך האַלט זיך בײַ די מינהאָגים פון אונדז, ייִדן מיסנאַגדים.

אויף מײַן פראַגע, צי מע מעג אַזוי שטרענג אורטיילן וועגן אַלע אָנהענגער פון כאַבאַד, האָט דער פּאָלאָצקער עמיגראַנט זיך פאַרופן בלויז אויף זײַן פּערזענלעכער מיינונג.

— איר פאַרשטייט, אדוני, דאָרט, אין מײַן געוועזענער היים, בין איך געווען אַ מענטש מיט אַ נאָמען, דאָ בין איך גאָרנישט. אַ געוויינלעכער אָלע כאַדאַש. מײַן נאָמען האָט געוווּסט יעדער פּאָלאָצקער ייִד, מאַכמעס קיין איין ייִדישע לעווײַע איז זיך ניט באַגאַנגען אָן מיר, אָן רעב כאַיִמען, און אויב, כאַסוועכאָלילע, עפּעס שלעכטס, מע זאָל אָפּגעהיט ווערן, איז מען געלאָפן צו רעב כאַיִמען. און איך האָב אַלעמען באַדויערט און געהאָלפן...

ווײַטער האָט רעב כאַיִם פאָרגעזעצט זײַן מאָנאָלאָג פון אַ ייִדן אַ קוואָרעסמאַן, אַ פּראָפעסיִאָנאַל, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן, ווי ער אַליין האָט זיך אויסגעדריקט, געהאַט צו טאָן מיט מייסים. ווען איר הערט, ווי ער מאָלט אַרום זײַן פולן לעווײַעריטואַל, מיט אַלע פּראַטים און דעטאַלן, ווערט קאַלעמוטנע אויפן האַרצן. אָבער יעדעס וואָרט ווערט אַרויסגעבראַכט פון זײַן מויל, באַגלייט מיט זשעסטן פון די הענט, מיט אַ מין פאַרהאַרטעוועטער רויִקײַט און געוווינהײַט, וועלכע האָבן אים, זעט אויס, קיינמאָל ניט פאַרלאָזט! די באַשעפטיקונג האָט זיך צו אים צוגעבונדן פון דער קינדהײַט אָן, ווען ער, אַ צוועלפיאָריק ייִנגל, פלעגט מיט אַ פערד און וואָגן אָפּפירן ייִדן באַרמינען אין שטעטל אויפן בעסאָלמען.

— ווי איר זעט, — האָט ער פאָרגעזעצט, — בין איך נאָך בעקויעך עפּעס טאָן, אָבער בײַ אַזאַ אַרבעטלאָזיקײַט, וואָס הערשט איצט אין ייִסראָעל, הייסט מען די באַגרעבער און קאַדיש־זאָגער פון אונדזער עלטער זיצן אינדערהיים... אין פּאָלאָצק, — רעזומירט ער, — וועט איצט זיכער אויספעלן אַזאַ רעב כאַיִם, כאָטש ייִדן זײַנען דאָרט געבליבן ווייניקלעך, איז זאָלן שוין אין פּאָלאָצק די איבערגעבליבענע לאַנג לעבן און געזונט זײַן.

דאָ האָט ר׳ כאַיִם מיטאַמאָל זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ער האָט פאַרשפּעטיקט, ער דאַרף זיך נאָך ווענדן אין צוויי אַנדערע אַדרעסן מיקויעך אַ דירה.

# א ליכטיק פּיערל

די אויסשטעלונג, וועלכע איז האיאָר, סאָף מארט, געווען אנטהילט אינעם הויז־מוזיי פון מ. נ. יערמאָלאָווא, האָט בא מיר ארויסגערופן פיל דערמאָנונגען. כ'מיין, אז א כוואליע פון אופרעגונג מאכמעס איר איז אופגעוועקט געוואָרן אויך בא אלע די, וואָס זיינען געווען טעטיק אין מיכאָעלסעס טעאטער, אָדער וועמען עס פלעג אָפגליקן צו זיין אין אים אן אָפטער צושויער. שוין אליין די קלייניטשקע, היימישע אפישע מיט דער לאפידארער מוידאָע: „קינסטלער פון גאָסעט (מעלוכישער יידישער טעאטער), פעטראָגראד — מאָסקווע, 1919 — 1949”, וואָלט קיינעם, דוכט זיך, ניט געקאָנט איבערלאָזן גלייכגילטיק, דערלויבן פארבייגיין.

אין א שיינעם, ליכטיקן זאל, ווו עס האָבן זיך צונויפגענומען א סאך ליבהאָבער פון קונסט, איז נאָך א קורצן אריינפיר־וואָרט פונעם דירעקטאָר פונעם יערמאָלאָווא־מוזיי וואלערי וולאדימיראָוויטש גובין ארויסגעטראָטן דער קונסט־קריטיקער אלעקסאנדער אבראמאָוויטש קאמענסקי, וואָס איז געווען ניט קיין „פּאָשעטער” אָפטער אריינגייער אין דעם בארימטן טעאטער און ניט קיין „געוויינלעכער” פארערער פון זיין הויפּט־רעזשעסער דעם פאָלקס־ארטיסט פון סאָוועטנפארבאנד, פּראָפעסאָר שלוימע מיכאָעלס.

די אויסשטעלונג פארנעמט אינגאנצן דריטהאלבן צימערן, אָבער זי איז אָנגעפילט מיט זייער ווערטפולע בילדער, עסקיזן, פאָטאָגראפיעס, וואָס האָבן זיך פארהיט אינעם צענטראלן באכרושין־מוזיי נאָך דער סרייפע, וועלכע האָט פּאסירט אין מוזיי מיט א סאך יאָרן צוריק.

אייניקע פון די בייגעוועזענע געדענקען גוט דעם מאָסקווער יידישן טעאטער אף דער קליין־בראָנע־גאס, ווו עס האָבן די פאָרשטעלונגען אויסגעפורעמט מערקווירדיקע קינסטלער פונעם לאנד: מ. שאגאל, אי. ראבינאָוויטש, ר. פאלק, נ. אלטמאן, א. טישלער, מ. אקסעלראָד, אי. ראביטשעוו, ע. כייפעץ, פּ. שילדקנעכט, ד. שטערענבערג, נ. שיפרין, — זיינע ארבעטן האָבן זיך, צום באדויערן, ניט פארהיט — קינסטלער, וועמען עס האָט צוגעצויגן, ווי א מאגנעט, צוערשט א. גראנאָווסקין, דערנאָך מיט א באזונדער קראפט שלוימע מיכאָעלסן, וועלכער פלעגט באהעפטן מיטן טעאטער אויך די סאמע אָנגעזעענסטע דראמאטורגן, פּאָעטן און מוזיקאנטן. פאר יעדן איז געווען א גרויסער קאָוועד מיטארבעטן מיט מיכאָעלסן, זוסקינען און מיטן גאנצן טאלאנטפולן קאָלעקטיוו.

ХУДОЖНИКИ ГОСЕТа

ПЕТРОГРАД – МОСКВА

1919 1949

М. АКСЕЛЬРОД
Н. АЛЬТМАН
И. РАБИНОВИЧ
И. РАБИЧЕВ
А. ТЫШЛЕР
Р. ФАЛЬК
Э. ХЕЙФЕЦ
П. ШИЛЬДКНЕХТ
Д. ШТЕРЕНБЕРГ
Н. ШИФРИН

ВЫСТАВКА

ИЗ ФОНДА ГОСУДАРСТВЕННОГО ЦЕНТРАЛЬНОГО ТЕАТРАЛЬНОГО

МУЗЕЯ ИМ. А. А. БАХРУШИНА

ВЫСТАВКА ОТКРЫТА ПО АДРЕСУ
ТВЕРСКОЙ БУЛЬВАР ДОМ 11, стр 2
ПРОЕЗД станция метро
"ПУШКИНСКАЯ" трол 15, 31
остановка "НИКИТСКИЕ ВОРОТА"



ВЫСТАВКА РАБОТАЕТ
ПО БУДНИМ ДНЯМ с 13[00] до 20[00]
ПО СУББОТАМ И ВОСКРЕСЕНЬЯМ
с 12[00] до 19[00] часов
ВЫХОДНОЙ ДЕНЬ —— ВТОРНИК

די אויסשטעלונג אין יערמאָלאָוועס הויז־מוזיי שטעלט מיט זיך פֿאָר א ביז גאָר קליינעם טייל פון דער שאפונג פון די אויבנאָנגערופענע אָנגעזעענסטע קינסטלער. דעם ווערניסאזש האָט א גרופּע קונסט־טוער געטרײַ, מיט ליבע און אָפּשײַ געגרייט אין מעשעך פון צוויי יאָר. צווישן די ענטוזיאַסטן דאַרפן אָפּגעמערקט ווערן ליובאָוו באָריסאָוונא טשיסטיאקאָווא — טעאטער־פֿאָרשערן, די קונסט־פֿאָרשער: אירינא נאומאָוונא דוקסינא, יעלענא פּעטראָוונא טאָמילאָווסקאיא, ליודמילא מאטווייעוונא דאנילאָווא.

דער קינסטלער פון דער אויסשטעלונג וולאדימיר ניקאָלײַעוויטש מיכײַלאָוו האָט געפונען אן אינטערעסאנטע לייזונג צו דער מוזיי־עקספּאָזיציע.

א גרויסן בײַטראָג, ווי אויך א מאטעריעלע שטיצונג, האָט ארײַנגעטראָגן אין דער אויסשטעלונג שוין דער אויבנדערמאָנטער וו. גובין.

אין דער צײַט פון באקוקן די אויסשטעלונג האָבן געקלונגען מיכאָעלסעס שטים און די מוזיק פון דער אומפארגעסלעכער פֿאָרשטעלונג „פּרייי־לעכס״. נאָכדעם זײַנען דעמאָנסטרירט געוואָרן דורכן טעלעוויזאָר סצענעס פון שאָלעם־אליייכעמס „200 000״ און שעקספּירס „קיניג ליר״.

די אָרגאניזאטאָרן פון דער אויסשטעלונג האָט זיך אײַנגעגעבן אויסגעפינען און דעמאָנסטרירן קינאָ־לענטעס, וואָס ווערן פארעפנטלעכט צום ערשטן מאָל: שלוימע מיכאָעלס אין זײַן ווונדערלעך געשטאלט פון רעב אלטערן אינעם איינאקטער פון שאָלעם־אלייכעמס „מאזלטאָוו״, וואָס איז ארײַן אין דער פֿאָרשטעלונג „דרײַ פינטעלעך״, אויך א פראגמענט פון דער זעלבער פֿאָרשטעלונג „א נאכט באם רעבן״. מע קאָן אויך זען א רעפעטיציע פון דער פֿאָרשטעלונג „מידאס האדין״. די רעפעטיציע פירט ש. מיכאָעלס, וועלכער באווײַזט און דערקלערט די אקטיאָרן זייער אופגאבע אין די ראָלן.

אָט די באצויבערנדיקע דערשײַנונג — די אויסשטעלונג, וואָס האָט זיך באוויזן אין העכער פערציק יאָר נאָכן כורבן פונעם גאָסעט, האָט א צווייי־זײַטיקע באדײַטונג: א טעאטראל־היסטאָרישע און א ריין קינסטלערישע ווערט, און שטעלט מיט זיך פֿאָר א גרויסן אינטערעס פאר קינסטלער.

באם איבערלייענען אף דער אפישע די נעמען פון די אווטאָרן, וועלכע זײַנען ארויסגעשטעלט אינעם ווערניסאזש, האָב איך געהאט גרויס אגמעס־נעפעש דערפון, וואָס איך זע ניט אין צעטל דעם סאמע באוווּסטן קינסטלער, איינער פון די ערשטע קינסטלער אין „גאָסעט״ — מארק שאגאל.

ליובאָוו טשיסטיאקאָווא האָט מיר דערקלערט:

„אָט די אויסשטעלונג איז אן אקאדעמישע — אלע בילדער זײַנען אָריגינעלע. שאגאלס בילדער זײַנען, צום באדויערן, קאָפּיעס, אזוי אז מיר האָבן ניט געהאט קיין רעכט דרוקן אין צעטל, דאָס וואָלט געווען ניט באשיידן פון אונדזער זײַט. אָבער צווישן די 8 בילדער־קאָפּיעס, וועלכע באשײַנען אונדזער אויסשטעלונג, זײַנען פאראן 2 בילדער. וועלכע זײַנען אוניקאלע — זייערע אָריגינאלן זײַנען פארלאָרן און זײַנען ניטאָ אפילע אין שאגאלס מוזיי אין פראנקרײַך. איין בילד: א קאָסטיום פון א פרוי צום איינאקטער „מאזלטאָוו״, די צווייטע — א מענערישער קאָסטיום צום ספּעקטאקל „אגענטן״. אזויארום איז דאָס געבליבן די איינציקע עקזעמפּליארן, וועלכע שטעלן מיט זיך פֿאָר פונקט אזא ווערט, ווי אָריגינאלן — דאָס איז אונדזער שטאָלץ. און מיר שטאָלצירן טאקע מיט דעם״.

יאָ, די בריגאדע פון יונגע קונסט־טוער האָט סקרופּולעז, מיט ליבע געארבעט איבער דער אויסשטעלונג, וועלכע האָט שוין פארינטערעסירט אויך אייניקע אויסלענדישע מעדינעס.

ס׳איז אָבער א גרויסער שאָד, וואָס איבער פינאנסיעלע שוועריקײַטן האָט מען ניט געקאָנט ארויסלאָזן קיין בוקלעט אף דער טעמע פון דער אויסשטעלונג, קיין קאטאלאָג.

דער טאלאנטפולער גרופּע קינסטלער פעלט א מענטש מיט זאכלעכן פארשטאנד — א ספּאָנסאָר, וועלכער וואָלט געקאָנט לייזן די פינאנסיעלע שוועריקײַטן.

מע מוז אונטערהאלטן אָט דאָס קליינע, העלע פײַערל, וואָס קאָן באלײַכטן דעם וועג פון א סאך צוקינפטיקע קינסטלער. עס קומט א גרויסער יאשער־קויעך אלע די, וואָס האָבן מיט אזא איבערגעגעבנקײַט און ייִראס־האקאָוועד זיך באטייליקט אינעם שאפן אָט די דאָזיקע אינטערעסאנטע אויסשטעלונג. פון מיר פערזענלעך און אויך אין נאָמען פון די באזוכער, א גרויסן דאנק אײַך, טײַערע!

איך ווינטש אײַך אלעמען געזונט און דערפאָלג אין אײַער שעפערישן וועג. דערפאָלג אײַער אויסשטעלונג, וואָס האָט אדאנק אײַך, אײַער פרײַנטשאפט־בונד, דערמאָנט אינעם מערקווירדיקן אומפארגעסלעכן טעאטער „גאָסעט״, בעראָש מיטן גאָניאלן מיכאָעלסן, אין זײַנע בארימטע קינסטלער.

געוועזענע אקטריסע פון „גאָסעט״

**מ א ר י ע   ק אָ ט ל י א ר אָ ו ו ע**

# א מיילדער פּאַטשאַטעק

די בסורע, אז אף מײַן נאָמען אין רעדאקציע איז אָנגעקומען אן איבערווײַז אף 500 רובל, האָט מען מיר אָנגעזאָגט אין א הייסער רעגע, בײַס כ׳בין געווען שטארק פארנומען, גרייטנדיק צום דרוק א דרינגענדיקן איבערזיכט פון די מאטעריאלן, מיט וועלכע עס האָט באַרײַכערט דעם זשורנאל דער אזויגערופענער זעלבסטפלוס. כ׳האָב א מאך געטאָן מיט דער האנט, מע זאָל זיך פון מיר אָפּטשעפּען, ניט שטערן ארבעטן. ווײַזט אויס, אז דער פּאָנעם־אויסדרוק דערבײַ איז בא מיר געוואָרן ניט דער סאמע פרײַנטלעכסטער, ווײַל אונדזער סעקרעטארשע האָט א קײַ געטאָן די אונטערשטע ליפּ און צוגעזשמורעט באַרויגעזלעך די אויגן.

— ניין — איז ניט, — האָט זי ארויסגעבראכט, מיט אומפארהוילענער טאדלונג, אָפּשאצנדיק מײַן אופירונג, און זיך אָפּגעקערט פון מיר. — ביינע לעביינע, א האלבער טויזנטער גייט ניט צופוס...

ניט־ווילנדיק, האָב איך אָנגעהויבן זיך דערמאָנען, פינוואנען עס איז אַראָפּגעפאלן אין מײַנע



הענט אזא פויטעקע. דוכט זיך, אז קיינער איז מיר ניט שולדיק, קיין האָנאָראר קומט מיר ניט, אף יערושע ווארט איך ניט... קורץ גערעדט, אין א פּאָר רעגעס ארום טו איך זיך א הייב אוף איבערן שרײַבטיש, טאפּ אָן אינעם פּידזשאק־טאש דעם פּאס און באשטים מאכן א האפּסאָקע אף א האלבער שאָ, פאר דער צײַט וועל איך באַווײַזן זיך דורכשפּאַצירן אף דער פּאָטשט, וועלכע געפינט זיך אף דער קעגניבערדיקער זײַט פון אונדזער קיראָוורגאס.

צום פענצטערל, ווו מע באצאָלט די געלט־איבערווײַזן, זײַנען געשטאנען אין דער ריי בלויז עטלעכע מענטשן, און איך האָב באקומען די צוגעשיקטע פינף הונדערטער א סאך פריִער, איידער כ׳האָב דערוואַרט. אינײינעם מיט די אסיגנאציעס איז מיר איבערגעגעבן געוואָרן א פּערטכיילעק פון דעם בלאנק, אף וועלכן עס איז געווען אָנגעשריבן פון איין זײַט די סומע, וועלכע איך האָב נאָרוואָס דערהאלטן, די פאמיליעס פון די געלט־שיקער און זייער אדרעס, און פון דער צווייטער זײַט א בריוול: „דאָס איז אונדזער צושטײַער פאר דער אנטוויקלונג פונעם יידישן לאָשן ׳און קולטור...״

אין איין אויגנבליק איז קלאָר געוואָרן, ווער עס האָט צוגעשיקט דאָס געלט. לאָזט זיך אויס, אז דאָס זײַנען אונדזערע לייענער מ. טונקלרויט און ג. יאקובאָוויטש פון דער שטאָט קאָכמא, איוואנאָווער געגנט.

וועגן זיי וואָלט מען געמעגט דערציילן גענויער, עפשער וועל איך עס נאָך טאָן מיט דער צײַט. איצט ווילט זיך מיר, אז אונדזערע לייענער זאָלן א קוק טאָן אף דעם פּאָרפאָלק און זאָלן א קלער טאָן, אז עס וואָלט קלוג געווען און יוישערדיק צו ווערן נאָכפאָלגער פון אָט די מערקווירדיקע מענטשן.

ב אָ ר י ס  מ אָ ג י ל נ ע ר

# דאָוויד טושינסקי

## (פראַנקרײַך)

פון די ווערק, וועלכע זײַנען עקספּאָנירט געוואָרן בעשאַס דער פּערסאָנעלער אויסשטעלונג אינעם מעלוכע־מוזיי פון קונסט אף א. ס. פּושקינס נאָמען



Берль музыкант

בערל־מוזיקאַנט

**אווטאָפּאָרטרעט**

Автопортрет





**דעם קינסטלערס הענט**

Руки художника

# ДЕВИ ТУШИНСКИ

(Франция)

Из работ, показанных на персональной выставке в Государственном музее изобразительных искусств им. А. С. Пушкина



Водолей (из серии «Знаки зодиака»)

עמער (א זאָדיאַק־צייכן)

И вот явились обе женщины во дворец на суд. Царь в те дни был уже стар и не очень хорошо слышал, поэтому он пропустил мимо ушей всю историю с сановником, которому приглянулась вдова, а также рассказ о том, как она жила в Хевроне у отца с матерью.

— Ты утверждаешь, — сказал царь вдове, — что оставила соседке кувшин, в котором помимо меда были золотые и серебряные монеты.

— Именно так, — ответила вдова.

— А ты утверждаешь, что в кувшине не было ничего, кроме меда, — сказал он соседке.

— Так, царь, так. Ничего не было.

— Есть ли у тебя свидетели? — спросил Соломон вдову. — Может ли кто-нибудь подтвердить, что ты положила в кувшин монеты?

— Что ты, царь! — воскликнула вдова. — Я ведь и ей ничего не сказала про монеты. Никто про них не знал, кроме меня да Господа Бога.

— Тогда положимся на Бога, — сказал Соломон. — Где кувшин с медом? Разбейте его!

Разбили слуги кувшин, и все собравшиеся увидели, что к одному из осколков приклеилась небольшая серебряная монетка.

— Мне кажется, это достаточное доказательство твоей правоты, — сказал Соломон вдове. — И мне сдается, — сказал он соседке, — что ты солгала перед лицом царя. Знаешь, какое наказание за это полагается?

Упала соседка к ногам царя и стала молить о прощении.

— Так оно всегда бывает в случае с медом, — сказал Соломон, — что-нибудь обязательно да приклеится. Ну что ж, если эта женщина тебя простит, — и он указал на вдову, — то прощу и я.

И вдова на радостях, что правота ее открылась и что она получит обратно свои монеты, простила соседку. Говорят даже, что обе женщины еще долгие годы продолжали жить по соседству и заглядывали иной раз друг к дружке одолжить соли, или перца, или масла.

Но про мед ни та ни другая в жизни не заикались, будто его и вовсе никогда не существовало на свете.

*Пересказала Ора ШИР*

— Оставляй, конечно, — сказала соседка. — Поставь ко мне в погреб и не беспокойся: когда вернешься, найдешь в нем ровно столько меда, сколько в нем сегодня.

Вдова поблагодарила, поставила кувшин с медом и монетами в соседкин погреб и ушла себе потихоньку в Хеврон к отцу с матерью.

Соседка была женщина честная и чужим медом лакомиться, разумеется, не собиралась, но случилось так, что один из ее сыновей достиг возраста бар-мицвы. Созвали гостей, родных и соседей и вдруг обнаружили, что в доме нет ни капли меда. А какой же праздник и какое угощение без меда? Бросилась женщина на базар, но и там не нашла меда. Может, это был такой год неудачный, что пчелы принесли мало меда, кто знает. Вернулась она домой расстроенная и вдруг вспомнила про кувшин, что оставила вдова. «Ну, верно, большой беды не будет, если я возьму у нее сколько-нибудь меда, а потом куплю и добавлю, — подумала женщина. — Ведь если бы она была здесь и узнала, что у меня нет меда в день бар-мицвы, то сама бы предложила мне взять. К тому же неизвестно еще, когда она вернется — если вообще когда-нибудь вернется. Может, она там в Хевроне давно уже вышла замуж, и деток нарожала, и живет себе поживает, а про мед и вспоминать забыла».

Подумав так, она распечатала кувшин, вылила из него мед и вдруг увидела на дне золотые и серебряные монеты. «Вот так-так! — сказала себе женщина. — Ничего себе подарочек! А я-то который год держу кувшин у себя в погребе и даже не догадываюсь, какое в нем сокровище. Но ведь она просила меня сберечь мед, а не монеты, стало быть, монетами я вправе распоряжаться, как хочу». И она вытащила монеты из кувшина, обмыла их и перепрятала в другое место.

Много ли, мало ли времени прошло, но сановник, который досаждал вдове своей любовью, скончался. А поскольку это был человек знатный, весть о его смерти вскоре дошла и до Хеврона. И тут вдова, которая, кстати сказать, замуж так и не вышла, решила, что нет больше никакой причины оставаться ей в Хевроне. Можно теперь спокойно вернуться в Иерусалим и поселиться снова в своем собственном доме.

Вернувшись в Иерусалим, она, разумеется, первым делом отправилась к соседке узнать про кувшин с медом. И соседка тотчас вынесла ей кувшин, и в нем и в самом деле было ровно столько меда, сколько вдова оставляла. Но золотых и серебряных монет в кувшине не было.

Увидев это, женщина все поняла и с плачем и криком выбежала на улицу. Но соседка лишь усмехнулась.

— Ты оставила мне на хранение мед, мед я тебе и вернула, — сказала она. — Ни про какие монеты я и слыхом не слыхивала. Стану я брать чужие монеты, когда у меня своих хватает!

От этих речей вдова заголосила пуще прежнего. Собравшиеся на ее крик соседи посоветовали ей обратиться к царю Соломону — пусть рассудит.

# КУВШИН С МЕДОМ

Началось все с того, что у одной женщины, красивой и пригожей, умер муж. И вскоре после этого, как муж ее умер, в дом к ней повадился заглядывать один знатный сановник, человек хоть и очень богатый, но немолодой, некрасивый и к тому же женатый на сотне других женщин. В те времена было так принято — чтобы у одного мужа было много жен. Разумеется, бедный человек не мог иметь много жен, он был доволен, если ему удавалось взять хотя бы одну жену; зато богачи так и старались перещеголять друг друга — если у одного было семьдесят жен, так другому подавай восемьдесят. У самого царя Соломона, говорят, была целая тысяча жен.

Тот сановник, о котором мы рассказываем, решил, что сделает молодую вдову своей сто первой женой. Дело в том, что она давно ему нравилась — как только он увидел ее в первый раз, она сразу ему приглянулась, — но поскольку тогда ее муж еще был жив, сановнику оставалось лишь издали любоваться ею, да и то украдкой, зато теперь, когда она овдовела, ничто не мешало их браку. Но женщина вовсе не собиралась выходить замуж за сановника, он ей совершенно не нравился, а его сто жен и того меньше. Но так как он был человек знатный и могущественный, то сердить его ей тоже не хотелось. Вот она и решила, что самое умное, что можно предпринять в ее положении, это уехать прочь из Иерусалима. Убраться, как говорится, с глаз долой. Сделать это ей было в общем-то нетрудно, поскольку у нее были родители, которые жили в Хевроне. Смущало ее только одно: поле мужа ей остался дом и кой-какое имущество, а помимо этого несколько десятков золотых и серебряных монет. Эти монеты беспокоили женщину больше всего. Взять их с собой в дальнюю дорогу она не решалась — вдруг по дороге нападут разбойники и ограбят? А оставлять золотые и серебряные монеты в пустом доме ей тоже не хотелось — неизвестно, кому вздумается заглянуть сюда в ее отсутствие. Вот она и придумала такую хитрость: положила монеты в глиняный кувшин, а сверху налила густого темного меда. Потом она обвязала кувшин тонкой телячьей шкуркой и отнесла к соседке.

— Так и так, — сказала она соседке, — пришел ко мне один человек из Хеврона и сказал, что мой отец хочет, чтобы я вернулась домой. И то правда — все равно никого у меня тут в Иерусалиме нету, пойду к отцу с матерью и поживу у них какое-то время. Только вот этот кувшин с медом прошу тебя поберечь до моего возвращения. Не хочу оставлять его в пустом доме, а то зайдет какой-нибудь бродяга и выпьет мед.

Работает на фабрике оформителем. Уходит в армию — это было в 33-м. А сразу же после убийства Кирова его арестовали. Официально — за связь с троцкистами и зиновьевцами (коих он в глаза не видел) по 58-й статье. Тогда повсюду проводили митинги, клеймили «врагов». На сей раз выпало пострадать Плоткину. Больше месяца он отсидел в подвалах особого отдела. Потом было «особое совещание», и оно оправдало его за отсутствием состава преступления: до Читы, где служил Илья Григорьевич, очевидно, не полностью доходил смысл слов, сказанных в Москве. Впрочем, это решение отменили. И суд, если это можно назвать судом, состоялся второй раз. Выступали однополчане, почти друзья, и давали *нужные* показания. Разыгрывался дурной спектакль. Приговор — три года. В читинскую тюрьму, где в свое время сидели декабристы, Плоткина не приняли. Не было свободных мест! В тюрьме, рассчитанной на несколько сот человек, сидело пять с половиной тысяч. Повезли на Кадалинскую шахту, в пересыльный лагерь. Только умение рисовать спасло жизнь Илье Григорьевичу. Он писал лозунги, рисовал усатого вождя. А остальные пошли по этапу и сложили кости на ближних или дальних подступах к Колыме.

В 38-м срок закончился. Скрывая свою судимость, Плоткин попадает в армию и воюет сначала на Финском фронте, затем отпахивает от звонка до звонка всю Отечественную. Он геройски сражался с гитлеровцами.

А все чувства от пережитого на фронте — в его работах. «Ника» — ликующая и счастливая богиня победы. На мой взгляд, одна из лучших скульптур Плоткина.

С войны Илья Григорьевич вернулся в Москву. Женился. Росли дети. Стали забываться прошлые невзгоды. Но о них помнили на Лубянке. И когда разгорелись антисемитские кампании против *космополитов*, за Плоткиным снова приехал «воронок». Приговор — ссылка. То, что тогда именовалось «минус тридцать восемь». И лишь в 54-м Илья Григорьевич опять возвратился в Москву. Работал художником на ВДНХ, в редакции журнала «Советский Союз». И все же основным делом его жизни стала деревянная скульптура. Ныне он на пенсии. Однако разве можно назвать пенсионером человека, который каждый день трудится у себя в мастерской, ездит за семьдесят километров от Москвы в лес, чтобы найти подходящий материал, и у которого столько учеников.

Работы Плоткина украшают музей Льва Толстого в Москве. В Суздальском музее народного творчества — его декоративные работы. Дворец профтехобразования установил скульптурную композицию Плоткина.

Мы прощаемся с Ильей Григорьевичем, и уже в дверях он снова вздыхает: «Как будто вчера все это было! »

Над колонией шефствовал Государственный еврейский театр, а его руководитель Соломон Михоэлс был частым гостем в Малаховке. Сюда приезжали актеры Зускин, Гертнер. По целым неделям пропадал тут литературовед и драматург И.Добрушин.

Илья Григорьевич листает большой синий альбом, где хранятся фотографии, рассказывающие о колонии, о жизни ее воспитанников.

— По-разному сложились наши судьбы. В душах некоторых из нас семена, посеянные Михоэлсом, Шагалом, Энгелем, дали всходы. Мойше Ривкин окончил ВХУТЕМАС, был талантлив, в тридцатые годы вступил в Союз художников. Ушел на войну и погиб в первые же ее дни. Шипе Гринес стал известным музыкантом, Абрам Вайнштейн — дирижером. Абрам погиб под Сталинградом. Многие не перешагнули юношеского возраста. Погибли на фронте Шнейдерман, три брата Ароновых. Гитлеровцы повесили Пашу Турецкую. Да и до войны столько жертв было... Репрессировали, в частности, Хейфеца, а фамилии многих других невинных жертв позабылись...

Скульптор берет фотографию и говорит:

— Тут и наш директор Шварцман, и Энгель, и наша прачка Штерн, и агроном Брейтер, и врач Иван Иванович Репер, ну и мы рядом, воспитанники.

Мы опять подходим к стеллажам.

— Это бюст Соломона Михоэлса, — показывает Илья Григорьевич. — Я хорошо помню его по Малаховке. Сейчас работаю над барельефом Марка Шагала. Он мне давал первые уроки рисунка. Знаете, какая закавыка... Шагал в Малаховке и Шагал, который приезжал в Москву в 1973 г., — совершенно разные люди. Я сначала пробовал сделать портрет Шагала в возрасте, ставшего мастером. Увы, ничего не получилось. Этот Шагал почти чужой мне человек, а тот, молодой — кусочек моей собственной жизни.

И он рассказывает о своем первом учителе рисования. Причем так, словно все события происходили в соседней комнате ровно час назад и он еще не успел от них «отойти».

— Ах, какая красавица была его Белла! Мы видели ее редко, а когда видели, старались обратить на себя внимание, бежали за ней, дразнились. А она шла и улыбалась. Их дочке Иде было тогда лет пять, она носилась вместе с нами, колонистами, играла. Она отличалась от нас только тем, что носила башмаки. А Шагал был модником. Ходил в каких-то изумительных сандалиях на высокой пробковой подошве (все говорили — из Парижа), любил яркие рубашки. И Марк Захарович и Белла нравились нам своей добротой. Ребенка ведь не обманешь. Мы за версту чувствовали эту доброту. Она выражалась и в манере разговаривать, и в том, как Шагал преподавал. Хочу сознаться в одном преступлении. Шагал, когда уехал, оставил на стене свою работу «Хедерлинг», на ней — мальчик, бегущий в хедер, под мышкой у него — книга. Ноги у мальчика сгибались не как обычно, а вперед, под прямым углом. На втором плане — город и горизонт, который уходил в даль наклонно, создавая тем самым необыкновенную динамику. Мы сняли картину, она была большая, метра два на четыре, разорвали холст на куски и рисовали на них сами...

То, что выпало на долю Ильи Григорьевича, наверное, хватило бы десятерым, чтоб назвать их жизнь «непростой». После колонии он попадает в ФЗО, становится красильщиком меха, по вечерам учится в художественной студии. Подает надежды как хороший рисовальщик.

После этого она и заехала домой, в Сеножатки. Отец умер. Мать днем и ночью возилась с целой оравой детей. Роза, уверенная в том, что всю жизнь следует строить заново и детей необходимо воспитывать не так, как прежде, сказала матери:

— Четверых, самых младших, я забираю с собой. Отдам их в еврейскую детскую образцовую колонию в Малаховке. Это недалеко от Москвы.

Так Эля Плоткин, его брат Израиль, сестры Фаня и Люба попали в Малаховку. Здесь находилось сто двадцать детей, в основном из местечек бывшей черты оседлости, оказавшиеся в годы гражданской войны без родителей. Колония была организована по инициативе А.В. Луначарского. Под нее отдали три дачи, принадлежавшие прежде купцам Носову и Кетхудову, а также писа лю Телешову. Директором колон стал чудесный человек Борух Шв цман, сумевший так поставить де что даже в голодные годы ребята чувствовали недостатка в еде. Вс необходимым они обеспечивали бя сами, работали в животноводс и птицеводстве, выращивали ово и фрукты, занимались столярн ремеслом, шили, вязали, пе хлеб. Жаль, что малаховский пе гогический опыт оказался невост бованным. Здесь воспитывал разносторонние развитые люди. I дагоги не щадили себя. И какие дагоги! Композитор Ю.Энгель п подавал музыку, автор несколь книг по эстетике Давид Ройт берг — еврейский язык и литера ру, Марк Шагал занимался с деть рисунком.



**В мастерской художника И.Плоткина.**

# УЧЕНИК МАРКА ШАГАЛА

— Иногда думаешь: как будто вчера все это было! — восклицает Илья Григорьевич. — Господи, а теперь у меня уже правнуки есть...

Родился он в Полесье, в деревне Сеножатки Рогачевского уезда, в семье сапожника Гирши Плоткина. В деревнях обычно проживало по три-четыре еврейских семьи, принадлежавших к таким профессиям, как например, сапожник, скорняк, кузнец. И отец, и дед, и прадед Эли Плоткина сапожничали. В хедер он ходил за четыре километра в местечко Поболово.

Илья Григорьевич оглядывает стеллажи, на которых выставлены его скульптуры, вырезанные из дерева.

— Вы спрашиваете, что здесь из моего детства?

Он подходит к скульптуре какой-то женщины, нежно касается ее пальцами.

— Это моя мама. Лучшей мамы не было во всем мире. Она воспитывала одиннадцать детей. Ее звали Раше Капелян. В роду Капелянов было много художников. А знаменитый актер Ефим Капелян — мой двоюродный брат. Он тоже из Полесья.

Скульптор двигается вдоль стеллажей, потом разводит руки в стороны, пытаясь охватить этим жестом все свои работы.

— Да, в общем, все это — из моего детства. И символично, наверно, что я пользуюсь деревом. Вот это материал! Ничто не сравнится с ним. Верно ведь, какая красота? Красота из детства! Я вырос в Белоруссии, в лесном краю. Надо ли объяснять, как я отношусь к дереву?

В своих скульптурах Илья Григорьевич старается сохранить природные формы. Одна из поэтических композиций Плоткина «Восточная женщина» *увидена* художником прямо в лесу. Резец лишь слегка коснулся дерева. Я любуюсь чудесными узорами, сказочной фактурой материала и думаю, какое огромное и врожденное чувство красоты надо иметь, чтобы в болотистых корягах разглядеть фигуры прекрасных незнакомок, дивные вазы, подсвечники, оправы для часов, лица людей.

Роза Плоткина, старшая сестра Ильи Григорьевича, приехала в Сеножатки, когда ему было лет двенадцать. Не то что в семье, но и во всем уезде евреи уважали и побаивались Розу. Она работала у самого Дзержинского. Ее вместе с подругой забросили в Польшу «делать мировую революцию». Вскоре после перехода границы она угодила в руки польской разведки. И только удачное стечение обстоятельств (Розу обменяли на «попавшегося» в России польского агента) спасло ей жизнь.

## ЭЛЬ ЛИСИЦКИЙ ПУТЕШЕСТВУЕТ

«Эль Лисицкий: архитектор, художник, фотограф, книжный график» — выставка под таким названием открылась в фонде крупнейшей сберкассы «Ла Кайкса» в Мадриде. Впервые в Испании развернута антологическая экспозиция замечательного советского художника (1890-1941), приуроченная к столетию со дня его рождения. На ней представлены 200 картин, литографий, рисунков, работ книжной графики, макетов.

Выставка организована совместно голландским музеем из г. Эйндховен и Государственной Третьяковской галереей, обладающими самыми крупными в мире коллекциями произведений Лисицкого.

(ТАСС)

## ИЗ КНИГИ О ЕСЕНИНЕ

Познакомил его с Бяликом. Бялик:

— Мне очень приятно видеть такого молодого человека.

Есенин, обиженно:

— Мне тоже приятно видеть такого старого человека.

**Спьяна о Бабеле.**

— Не смеет он о бандитах писать. Мои бандиты. Еврейских бандитов не бывает.

**Эммануил ГЕРМАН (Эмиль Кроткий)**

*(«Огонек»)*

## ДИРИЖЕР — ИЕГУДИ МЕНУХИН

В Большом зале Московской консерватории на сцене — Иегуди Менухин — один из самых значительных музыкантов современности, скрипач, дирижер, педагог... На пресс-конференции накануне выступления артист с большой теплотой вспоминал дорогих его сердцу советских музыкантов — Шостаковича, Хачатуряна, Ойстраха... Вспоминал и свои гастроли в Москве, состоявшиеся два года назад — после очень длительного перерыва. А первый его приезд в нашу страну совершился 46 лет назад. И если бы этот мир был устроен нормально, с сожалением заметил маэстро, если бы в нем царили справедливость и доброта, музыкант мог бы гораздо чаще посещать Советский Союз.

Иегуди Менухин на сей раз выступает в качестве дирижера. Его партнер — Государственный симфонический оркестр и камерный хор Министерства культуры СССР, а также пианистка Виктория Постникова.

Несколько лет назад, принимая почетное звание в одном из католических университетов Бельгии, Менухин написал по этому случаю благодарственную речь — моление. «Я хотел сказать слова, которые были бы приятны людям всех вероисповеданий, — так объяснил свое намерение музыкант. — Человек с давних времен думал, что он — главное существо. И только сейчас мы стали понимать, что так же, как и мы сами, важны деревья, воздух, вода, животные... А еще важнее то, как мы относимся друг к другу, к природе».

Познакомившись с текстом «Моления», советский композитор Родион Щедрин попросил у Иегуди Менухина разрешения написать на него музыку и посвятить 75-летию автора.

**(«Правда»)**

